נח גריס

# צווישן פריינד

## פינף יאר אין לאנד וואס האט באזיגט דעם היטלעריזם

פאַרלאַג פּאַריז

1953

# אינהאַלט

זייט

זייט

# .1 סעפּטעמבער 1939

די שולן האָבן זיך געגרייט צום נייעם לערנייאָר. די צימערן זיינען געקאַלכט, האָלץ און קוילן פאַרגרייט. דער שעהן־פּלאַן איז שוין פאַרעפנטלעכט.

די שילער האָבן זיך אומגעקערט פון די קאַניקולן און פילן אָן מיט טומל און רעש די ביכער־מאַגאַזינען. מען קויפט ביכער, מען בייט... פאַרשטייט זיך אויסער די קינדער, וואָס צוליב מאַנגל אין פּלאַץ האָבן זיי נישט געקאָנט אָנקומען אין די עפנטלעכע שולן און אויס מאַנגל אין געלט האָבן זיי נישט געקאָנט לערנען אין די פּריוואַטע.

אויך די לערערס, וואָס האָבן געהאַט פאַרזיכערטע פּאָסטנס, זיינען מיט זייערע משפּחות אויפן אָרט. געבליבן נאָך אַ טאָג־צוויי ביז צום ערשטן סעפּטעמבער — כאַפּט מען דערווייל אַריין אַ שמועס וועגן אַקטועלע ענינים. וועגן שול — לייגט זיך נישט די צונג צו ריידן.

די איינציקע טעמע, וואָס רוקט זיך אַרויס אויפן טאָג־אָרדענונג, איז די מלחמה.

צי וועט היטלער וואַגן צו באַפאַלן פּוילן?

די וואָס האָבן געהאַלטן, אַז ס'איז אוממעגלעך האָבן געשטיצט זייער מיינונג מיט איין־און־איינציקן אַרגומענט: גאַראַנטיעס.

אַ קלייניקייט! ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן דאָך פאַרזיכערט, אַז אין זעלבן טאָג, ווען די פּוילישע רעגירונג וועט פאָדערן הילף, וועלן זיי עפענען דעם צווייטן פראָנט.

עס זיינען געווען געוויסע מענטשן, וואָס האָבן געספּקט אין דער אויפריכטיקייט פון די גאַראַנטיעס.

ס'איז געקומען דער ערשטער סעפּטעמבער.

די שולן האָבן ברייט געעפנט זייערע טויערן, אָבער נישט פאַר... שילער.

געווען בילכערע זאַכן: שפּיטאָלן, קאַזאַרמעס, „ביעזשענצעס" (פּליטים).

ראַוונע האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ באַוועגונג נישט געזען.

צוויי שטראָמען מענטשן שטויסן זיך אָן איינער אויפן צווייטן. די מאָבילירטע זעלנער גייען פון מזרח צו מערב. די באַפעלקערונג אַנטלויפט פון מערב קיין מזרח.

ס'זיינען געגאַנגען גאַנצענע משפּחות: זקנים, קינדער, פרויען און יעדער פון זיי האָט געטראָגן אַ קלומיק אין האַנט און אויפן רוקן אַ זאַק. געגאַנגען זיינען אויך איינזאַמע מענטשן, פאַרשלעפּטע פון שטראָם, וואָס האָבן שוין באַוויזן אויפן וועג צו פאַרלירן די משפּחה.

ביי די זייטן פון וועג האָט מען געקאָנט זען אויטאָס אויף הפקר: ס׳איז אויסגעגאַנגען דער בענזין האָט מען זיי אַוועקגעוואָרפן ווי אַן איבעריקע משא און זיך צוריקגעקערט צו דעם פאַרשעמטן פערד און וואָגן, וואָס מען האָט גע־דונגען אין אַ דערנעבנדיקן דאָרף.

אָבער אויך זעלנער האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן פון מערב. דער פראָנט האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן. געווען אָפיצירן, וואָס האָבן אויף מיליטערישע אויטאָס עוואַקואירט אייגענע משפחות, איבערלאָזנדיק דעם זעל־נער אויפן שונאס באַראָט.

כ׳האָב געזען אויטאָס פון וואַרשעווער פייערלעשער אָנגעשטאָפּט מיט העכערע קאָמאַנדירן.

און וואַרשע האָט געברענט!

דאָס דייטשע מיליטער האָט זיך גערוקט פאָראויס. די פוילישע רעגירונג האָט אָפּגעטראָטן פון פּלאַץ. יעדע רגע פלעגט מען הערן שמועות, אַז דער אָדער יענער מיניסטער געפינט זיך אין כעלעם, וולאַדימיר, לוצק, קרעמעניעץ אאַ״וו.

איין מיניסטער, פלאַיאַר־רייכמאַן, איז יאָ געווען אין ראָוונע. מען האָט דער־ציילט, אַז ער אינטערעסירט זיך מיט... אַלטן וויין.

דאָס רוב „ביעזשענצעס" זיינען יידן.

כוואַליע נאָך כוואַליע קומען זיי נעענטער צו דער סאָוויעטישער גרענעץ. פון יעדן אָרט, וואָס זיי גייען פאַרביי, שטייען צו זיי צו פרישע בע־ונדניקעס און אַלע זיינען דעצידירט, אין פאַל ווען די דייטשן וועלן זיך דערנעענטערן, אַריבערצוגיין די סאָוויעטישע גרענעץ. מען האָט געהאַט די זיכערקייט, אַז ראָטן־פאַרבאַנד וועט קיין שווערקייטן נישט מאַכן און וועט עפענען זיינע טויערן פאַר די אַנטלאָפענע.

אויף שבת בין איך, ווי געוויינטלעך, געקומען צו דער משפחה קיין האָשטש, אַ שטעטעלע נישט ווייט פון ראָוונע, אַכט קילאָמעטער פון דער סאָוויעטישער גרענעץ. דאָ איז קיין שטוב נישט געווען אָן פליטים — פון נאָענט און פון ווייט, פון לובלין אָדער לוצק, פון וואַרשע אָדער ראָוונע.

פאַר מיר האָט מען שוין אויך געהאַט צוגעגרייט אַ רוקזאַק.

די נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן סעפּטעמבער האָבן מיר קיין אויג נישט צוגעמאַכט. די ליכט אין די שטובן איז געווען מאַסקירט, אין די גאַסן האָבן קיין לאַמטערנס נישט געברענט, אָבער מענטשן זיינען אַרומגעגאַנגען אין שטעטל. ס׳האָבן זיך אויפן מאַרק־פּלאַץ געשאָפן רעדלעך און איבערגעגעבן זיך קעגנזייטיק ידיעות. דער האָט געהערט אין ראַדיאָ, וואָס ס׳קומט פאָר אין וואַרשע, יענער האָט אַליין געזען ווי די זעלנער פון דער פוילישער גרענעצוואַך פאַר־לאָזן דאָס אָרט און גייען אין דער ריכטונג פון אָסטרע, אַ דריטער דערציילט וועגן אַ דייטשן דעסאַנט אין וולאַדימיר.

ליל־שימורים! מען איז צופיל אָנגעשטרענגט אַז מ׳זאָל קאָנען צומאַכן אַן אויג!

אין דער פרי האָט זיך ביי די מענטשן די שטימונג געביטן. פון מויל צו אויער איז דורכגעפלויגן אַ קלאַנג וועגן מאָלאָטאָוס אַ רעדע אין ראַדיאָ. וואָס ער האָט געזאָגט און ווער ס׳האָט געהערט? — איז נישט געווען קלאָר.

אַ פויער זאָל האָבן געזען אַ סאָוויעטישן טאַנק. ווו? ווען? מיט אַ מאָל האָט זיך באַוויזן אַן עראָפּלאַן. מען הייבט אָן צו טרעפן: אַ פוילישער, אַ דייטשער צי אַ סאָוויעטישער?

די ערשטע היפּאָטעזע איז אָבער באַלד אָפּגעפאַלן. קיינער האָט נישט גע־גלויבט, אַז פוילישע עראָפּלאַנען זאָלן זיך דאָ געפינען. פון וואַנען?

די פוילישע רעגירונג האָט דאָך פון שטענדיק אָן באַטראַכט דעם ראַטן־פאַרבאַנד פאַר איר „אייביקן" שונא. דעריבער האָט זי די מזרח־גרענעצן גע־האַלטן פאַר אַ „געפערלעכע" און נישט געבויט דאָ קיין לופט־באַזעס.

מער פאַרלאָזט האָבן זיך די פּאָלקאָווניקס אויף דייטשלאַנד. די געשיכטע האָט באַוויזן ווי „וויטזיכטיק" ס'איז געווען די פוילישע אויסערן־פּאָליטיק צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

זאָל דאָס זיין אַ דייטשער עראָפּלאַן? דערפאַר האָבן מיר מורא געהאַט. מיר האָבן שוין געהערט וועגן די צעשטערונגען און מאָרדן, וואָס זיי האָבן גורם געווען אין די מערב־געביטן.

אַ סאָוויעטישער? מיינס אַ שכן, אַ פוילישער קאַפּיטאַן, האָט אונטערגע־האַלטן די דאָזיקע ווערסיע.

דער אויטאָריטעט פון מונדיר האָט אויף אונדז משפּיע געווען און מיר האָבן אים געגלייבט. ס'איז אויך געווען באַקוועמער און אַנגענעמער צו וויסן, אַז מיר ווערן באַשיצט.

אין קורצן איז אַלץ קלאָר געוואָרן. מיר האָבן געהערט מאָסקווע און פאַר־שטאַנען; אַזוי ווי די פוילישע רעגירונג עקסיסטירט שוין פּאַקטיש נישט און די דייטשע אַרמיי האָט דעראָבערט די טעריטאָריע פון פוילן, האָט די סאָוויעטישע רעגירונג באַשלאָסן צו פאַרריכטן די היסטאָרישע עוולה, וואָס איז געשען דעם אוקראַאינישן און ווייסרוסישן פאָלק און באַפרייען זיי פון פאַשיסטישן יאָך.

וואָס דאָס באַטייט פּראַקטיש אין אונדזער לאַגע האָט נאָך קיינער נישט געוווּסט.

צווישן די מלוכהשע און מיליטערישע אינסטיטוציעס איז אויסגעבראָכן אַ בהלה. די פּאָליציאַנטן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין זייער קאַזאַרמע און גע־וואַרט. דאָס זעלבע האָט געטון די גרענעצוואַך („קאָפּ"), פאַרשפּאַרנדיק זיך אין אַ בנין, וואָס איז געשטאַנען אין אַ גרויסן גאָרטן, אַרומגעצאַמטן מיט שטעכלדראָט.

אַלע וואַרטן אין שפּאַנונג: וואָס וועט זיין?

## 2. מיר זיינען פריי!

אַרום אַכט אין דער פרי האָבן זיך באַוויזן אויף דער בריק איבערן האָרין טאַנקען. זיי זיינען געקומען פון מזרח. פון דער בריק צום שטעטל, וואָס איז געלעגן אָן אַ זייט פון הויפּט־טראַקט זשיטאָמיר—קאָרעץ—ראָוונע האָט זיך דערנעענטערט מיט אַן אויטאָמאַטישן קוילנוואַרפער, אַ פאַנצער־אויטאָ און אויף אים עטלעכע זעלנער. צוגעקומען צו דער פּאָליציי־געביידע האָט אַן אָפיציר פון דער סאָוויעטישער מאַנשאַפט באַפוילן אַלע פּאָליציאַנטן צו גיין אין די קאַזאַרמעס פון דער גרענעצוואַך.

מיט אַ מאָל איז פאַרשוואונדן די מורא פון דער באַפעלקערונג פאַר די פאָרשטייער פון דער פּוילישער פּריצישער הערשאַפט.

די פּאָליציאַנטן האָבן אויסגעזען נעבעכדיק. דער גלאַנץ פון זייער מאַכט איז אָפּגעבלאַקט.

פּלוצלונג איז צוגעגאַנגען צו אַ פּאָליציי־אונטעראָפיציר פאַר פּאָליטישע ענינים אַ יונגער אוקראַינער און אים אַראָפּגעלאָזט אַ הילכיקן פּאַטש:

— דאָס איז פאַר דער אויספאָרשונג — האָט ער געזאָגט — בלויז איין פּראָצענט פון דעם, וואָס דו האָסט מיר געגעבן.

מען האָט די פּאָליציאַנטן אָוועקגעפירט, און זייער געביידע איז באַלד געוואָרן פאַרוואַנדלט, אין אַ „רעווקאָם”, ווי ס'האָבן די פּראָוויזאָרישע, סטיכיש־אנטשטאַנענע שטאָט־פאַרוואַלטונג אָנגערופן מענטשן, וואָס האָבן געדענקט דאָס יאָר 1917.

ארום צען אַזייגער האָבן די זעלנער פון דער גרענעצוואַך אייַנציקווייז פאַרלאָזט דעם הויף און אונטער אַן עסקאָרטע זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון אָסטרע.

גרויס איז געווען די פרייד פון די יידן. די רויטע אַרמיי איז פאַר זיי געווען אַן אויסלייזער פון די דייטשע פאַשיסטישע הענט. ווען נישט זי, וואָלטן דאָך הונדערטער טויזנטער יידן אריינגעפאלן אין היטלערס לאַפּעס שוין דעמלט.

אין שטעטל איז געוואָרן לעבעדיק. דער „רעווקאָם” האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. אַ רעוויזיע אין „הויף” (קאַזאַרמעס פון גרענעצוואַך) האָט געגעבן עטלעכע מיליאָן זלאָטי, וואָס האָט דערמעגלעכט אָנצוהייבן אַ נאָרמאַלע טעטיקייט. מען האָט געהייסן עפענען אַלע קלייטן. די מילן האָבן גענומען מאָלן און פאַרזיכערן ברויט פאַר דער באַפעלקערונג. די שולן האָבן זיך געגרייט צו מאָרגנס אָנצוהייבן די לימודים.

איך האָב צונויפגערופן אַלע לערערס, דערקלערט די פּאָליטישע לאַגע און פאַרגעלייגט צו פירן די לימודים ביז מען וועט באַקומען ווייטערדיקע אָנ־ווייזונגען. געטון האָב איך עס אויפן באַפעל פון „רעווקאָם״.

ס׳האָט אָבער געפעלט דער דירעקטאָר פון דער פּוילישער שול. ער האָט מורא געהאַט, אַז פאַר זיין מיטאַרבעט מיט דער דעפענסיווע זאָל מען ביי אים נישט פאַרלאַנגען אַ דין וחשבון. ער האָט דעריבער זיך אַליין אָפּגעטראָגן. אויף זיין אָרט האָב איך פּראָוויזאָריש באַשטימט דעם עלטסטן לערער פון דער שול.

דאָס איז געווען דעם 17־טן סעפּטעמבער. נאָך איבער צוויי וואָכן אומזי־כערקייט און יאוש — דער ערשטער רואיקער, זיכערער אָוונט. די ליכט־מאַסקירונג איז געוואָרן איבעריק. מען האָט זיך געקאָנט אויסטון און שלאָפן ווי גאָט האָט געבאָטן.

געקומען די צייט צו נאָרמאַליזירן דאָס לעבן און זיך אומקערן צום פאַך. דריי יאָר בין איך געווען אַרבעטלאָז און זיך פאַרנומען מיט צופעליקע אַרבעטן.

די פרוי מיט דער מוטער און טעכטערל האָבן באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אין האשטש און צו ווינטער־צו קומען קיין ראָוונע.

מיר האָבן אויסגעפּאַקט דעם רוקזאַק, וואָס איז באַשטימט געווען צו פירן מיך אויף אומבאַקאַנטע, ווייטע שליאַכן. פון בוידעם האָב איך אַראָפּגענומען די „געפערלעכע״ ליטעראַטור, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר אַ בייז אויג פון אַן אומגעוווּנטשענעם „גאַסט״ (מאַרקס, ענגעלס, לענין). צום ערשטן מאָל האָבן מיר ביי אָפענע פענצטער געהערט דעם סיגנאַל פון מאָסקווער ראַדיאָ און מיין קליינע טאָכטער האָט צוגעזונגען די ווערטער:

„שיראָקאַ סטראַנאַ מאָיאַ ראָדנאיאַ״ (רחבותדיק איז מיין היימלאַנד).

ס׳האָט אַ בלאָז געגעבן אַ פרישער ווינט. די קליינשטעטלדיקע יוגנט האָט פריי אָפּגעעטעמט. דער גרעסטער טייל, וואָס איז געזעסן אויף די עלטערנס אָרעמע קעסט און האָט קיין אויסזיכטן נישט געהאַט זיך ווען עס איז איינצו־אָרדענען, איז מיטאַמאָל געוואָרן אַקטיוו. ס׳האָבן זיך אַנטפּלעקט פעאיקייטן, ווייל ס׳האָט זיך באַוויזן אַ ברייט פעלד פאַר אַרבעט, וואָס איז פריער געווען פאַרצוימט. אין דער ערשטער ריי — מלוכה־פּאָסטנס. וועגן זיי האָט אַ ייד נישט געקאָנט אפילו חלומען. אין גאַנץ פּוילן איז דאָך קיין יידישער בריוו־טרעגער נישט געווען.

צומאָרגנס האָב איך איבערגעגעבן אַ צווייטן די פירונג פון שולוועזן און זיך געלאָזט פאָרן קיין ראָוונע.

כ׳האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזויפיל מיליטער פאָרן אין אויטאָס, טאַנ־קען. צום ערשטן מאָל האָב איך בכלל געזען סאָוועטישע זעלנער, אַ טייל פון דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט, וועגן וועלכער מען האָט אונדז גע־שטאָפּט מיט אַזויפיל בבא־מעשיות און רכילות.

די קולטורעלע באַנעמונג פון די זעלנער האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. דאָס איז געווען אַן אַרמיי פון באַפרייער.

## 3. די זאָרג פאַר שפּייז און געהאַלט.

ראַוונע איז געווען ווי אַ ברויזיקער קעסל. פון טאָג צו טאָג זיינען צוגע־קומען מער מענטשן. פּליטים פון וואַרשע, לובלין און אַנדערע פּוילישע שטעט האָבן פאַרפולט די הייזער און גאַסן. האָסט געזען מענטשן גוט געקליידעטע און מענטשן, וואָס האָבן אין איין טאָג פאַרלוירן אַלץ און געקומען בלויז אין דעם, וואָס זיי האָבן געהאַט אויף זיך. צווישן די געקומענע זיינען געווען אַ סך פּאָ־ליטישע אַרעסטירטע, וואָס האָבן אויפגעריסן די תפיסות און אין אַרעס־טאַנטסקע מלבושים אָן אַ גראָשן געלט, אָבער מיט גרויס ענטוזיאַזם זיך גענומען צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

מען האָט נאָך נישט געוווּסט געניי, וואָס צו טון, אָבער פאַר אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז ס'האָט זיך געעפנט אַ ברייט פעלד פאַר אַרבעט און אַז עפּעס טון מוז מען.

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע זיינען זיך צונויפגעקומען די לערערס פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן אין לאָקאַל פון פּוילישן לערער־פאַראיין און אויסגעוויילט אַ נייע פאַרוואַלטונג. איך בין אַריין אין פּרעזידיום און מיט אַ צייט שפּעטער בין איך געוואָרן פאַרזיצער.

פון וואָס זאָלן מיר אָנהויבן?

קלאָר, אַז מען מוז פריער פאַר אַלץ עפענען די שולן. דאָס האָט געהערט אייגנטלעך צו די אויפגאַבן פון דער שולמאַכט, אַזאַ איז אָבער נאָך נישט געווען און מיר האָבן דאָס גענומען אויף זיך.

דעם 18־טן סעפּטעמבער אין אָוונט איז געגאַנגען אַ דעלעגאַציע זיך פאָר־שטעלן דער מיליטערישער שטאָט־פאַרוואַלטונג. אויפגענומען האָט אונדז דער קאַפּיטאַן אוספּיענסקי.

אַ טיפּישער רוס, אַ ליבער, צוגעלאָזענער מענטש. מיט גרויס אינטערעס האָט ער זיך אויסגעפרעגט וועגן דער לאַגע פון שולן, וועגן פּוילישער שול־אַדמיניסטראַציע, וועגן דער צאָל קינדער, שול־בנינים אא"וו. קיין אָנווייזונגען וויאַזוי צו אָרגאַניזירן די אַרבעט האָט ער אונדז נישט געקאָנט געבן, ווייל דאָס איז נישט געווען אין זיין קאָמפּעטענץ. ער האָט אונדז פאָרגעשטעלט דעם פּאָליטרוק בערעגאָוואָי, וועלכער האָט אונדז אינפאָרמירט, אַז אַ פאָר־שטייער פון קאָמסאָמאָל געפינט זיך אין בנין פון סטאַראָסטווע און ער וועט זיך צייטווייליק פאַרנעמען מיט די ענינים, וואָס אינטערעסירן אונדז.

פאַר אונדז איז געווען וויכטיק צו האָבן אַ נאָמען אויף וועמען זיך צו פאַררופן און דאָס האָבן מיר שוין געהאַט. מיר האָבן באַשלאָסן צומאָרגנס זיך צו פאַרשטענדיקן מיט דער געוועזענער שול־מאַכט און אַנהייבן די אַרבעט.

אין דער פרי זיינען מיר זאַלבעדריט וויוטשארוק, סאַוויוק און איך גע־גאַנגען צום שול־קוראַטאָר פון גאַנצן וואָלינער קרייז.

נאָך אין קאָרידאָר זייענדיק האָבן מיר באַמערקט, ווו ס'שלייכן זיך אַרויס פון קוראַטאָרס קאַבינעט איינציקווייז פאַרשיידענע באַאַמטע. זיי האָבן דאָרט וואָרשיינלעך אָפּגעהאַלטן אַ געהיימע באַראַטונג און דערוויסנדיק זיך, אַז מיר קומען, זי איבערגעריסן.

דער קוראַטאָר האָט אָנגעהויבן דעם שמועס און זיך באַמיט אַריינציען אונדז אין אַ פּאָליטישער דיסקוסיע.

מיר האָבן אים געלאָזט אָפּריידן און געענטפערט קורץ:

— מיר זיינען נישט געקומען דיסקוטירן. וואָס עס איז פאָרגעקומען ווייסטו אַזוי גוט ווי מיר. מיר פאַרלאַנגען פון דיר צוויי זאַכן. ערשטנס, זאָג דיינע אינספּעקטאָרן, זיי זאָלן צוזאַמען מיט אונדז לאָזן אין גאַנג די שולן. צווייטנס, גיב אונדז דיין אויטאָ. דאָס איבעריקע וועלן מיר שוין אַליין באַ־זאָרגן. ער האָט נישט געהאַט קיין ברירה און געגעבן זיין הסכמה.

ביינאַכט איז ער אַליין נעלם געוואָרן פון שטאָט.

ווער האָט אים געדאַרפט?

אין משך פון אַ פאָר טעג זיינען מיר אַרומגעפאָרן מיטן אינספּעקטאָר קנאָפּ פון איין דאָרף צום צווייטן, פון איין שטעטל אין אַנדערן און אויפגעפאָדערט די לערערס זיך צו נעמען צו דער אַרבעט.

— וואָס זאָלן מיר לערנען? — האָבן געפרעגט די לערערס.

— אַלץ, לויט די אַלטע פּראָגראַמען — פלעג איך ענטפערן — אויסער רעליגיע, פּוילישע געשיכטע און פּאָליטישע געאָגראַפיע פון פּוילן. ווייטער־דיקע אָנווייזונגען וועט איר באַקומען שפּעטער.

צוליבן אויטאָמאָביל, אין וועלכן מען האָט מיך געזען אַרומפאָרן, האָבן מענטשן געמיינט, אַז איך בין אַ גרויסע „שישקע” און האָבן מיך אָנגעהויבן צו באַזוכן, באַגריסן און דערקענען אין גאַס.

די „וויזיטן” זיינען געווען פאַר מיר זייער פיינלעכע, מחמת כ'האָב די מענטשן נישט געקאָנט העלפן. די אַלע אינטערעסאַנטן זיינען געווען ס'רוב סוחרים, וואָס האָבן געוואָלט אויף גיך באַקומען אַ פּאָסטן און זיך אָפּשאָקלען פון דער פריערדיקער באַשעפטיקונג.

גראָד אין דעם מאָמענט האָט זיך מיט דער גאַנצער שאַרפקייט אַנטבלויזט פאַר מיר דער דעקלאַסירונג־פּראָצעס, וואָס איז פאָרגעקומען ביי די יידן בעת דער פוילישער פריצישער הערשאַפט. נישט קאָנענדיק אַרבעטן אין פאַך, זיי־נען מענטשן מיט פאַכמענישער בילדונג געוואָרן קרעמערס, פאַרמיטלערס או"וו. צווישן די באַזוכערס זיינען געווען מענטשן מיט דיפּלאָמען פון מעדיצין, אינ־זשעניערן. אויסער מיט אַ פאָר ווערטער פון דערמונטערונג, אַז איצט וועלן זיי געפינען אַ פּאַסיקע באַשעפטיקונג, האָב איך זיי גאָרנישט געקאָנט העלפן.

ס'האָט נאָר קאָמיש אויסגעזען, ווען שטאָט־גבירים זיינען צו מיר געקומען דערציילן וועגן זייערע פאַרדינסטן פאַר דער רעוואָלוציע פון יאָר 1905.

עס איז אָבער געווען איין קאַטעגאָריע מענטשן, וועמענס גורל איז מיר גע־לעגן אויפן האַרץ: דאָס זיינען געווען די לערער־פּליטים.

אַ געוויסן פאַרטאָג וועקט מיך אויף מיין באַלעבאָסטע פרוי גאַנדלער, ביי וועלכער כ'האָב געהאַט געדונגען אַ צימער, און זאָגט מיר, אַז ס'וואַרט אויף מיר אַן אינוואַליד אין אַ מיליטערישער קליידונג. ער איז שוין דאָ געווען דאָס וויפלסטע מאָל און טרעפט מיך קיינמאָל נישט אין שטוב. די פרוי גאַנדלער האָט פאַרשטאַנען, אין וואָס פאַר אַ נויט ער געפינט זיך און אים יעדעס מאָל גאַסטפריינדלעך אויפגענומען.

כ'קום אַריין אין צווייטן צימער און דערזע פאַר זיך אַ מענטשן העכער פון אַ מיטעלן וווקס, מיט אַ שטעקן אין האַנט, נישט ראַזירט, אויסגעמאַ־טערט, מיט אַ בליק, וואָס דריקט אויס פאַרצווייפלונג.

— גוט מאָרגן, מיין נאָמען איז מילייקאָווסקי.

— גוט יאָר. אַז איר זייט געקומען אַהער, ווייסט איר דאָך שוין אוודאי מיין נאָמען. מיט וואָסזשע קאָן איך אייך העלפן?

— כ'בין אַ לערער פון לאָדזש. מיין פרוי און קינד זיינען דאָרט פאַר־בליבן און איך האָב זיך פאַרוואָלגערט אַהער, נאַקעט און באָרוועס און אָן אַ גראָשן.

— עסט אָפּ מיט מיר פרישטיק און קומט שפּעטער אין לערער־פאַראיין. איר וועט באַקומען אַרבעט און לעבן ווי אַ מענטש.

די עטלעכע ווערטער האָבן מילייקאָווסקין ווי איבערגעביטן. אַ שטראָם פון הייסע טרערן האָט זיך געלאָזט פון זיינע אויגן. ער האָט זיך נישט גע־קאָנט באַהערשן. ער האָט דערפילט, אַז ער איז נישט קיין איבעריקער אויף דער וועלט, נייערט מען נויטיקט זיך אין אים.

די דאָזיקע איבערלעבונג זיינע האָט אויך אויף מיר משפּיע געווען און מיר נאָך בולטער געוויזן, וואָס מיר האָבן פאַר אָן אויפגאַבע.

מיר האָבן געמאַכט אַ רשימה פון אַלע לערער, וואָס געפינען זיך אין פּאַוויאַט און גענומען באַזאָרגן זיי מיט אַרבעט.

ס'איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן און גראָד מיר פּערזענלעך איז אויסגעקומען זיך צו פאַרנעמען מיטן דאָזיקן ענין.

כ'האָב זיך דערוווסט אין אַ שמועס מיט בערעגאַוואָיען, אַז דער מאַקסי־מום שעהן פון אַ לערער איז 18 אַ וואָך. די לערערס פון די פּריוואַטע גימ־נאַזיעס האָבן גענומען פּראָטעסטירן קעגן דעם, וואָס מיר האָבן אויך אַנגע־נומען די זעלבע נאָרמע, כדי צו באַשעפטיקן אַ גרעסערע צאָל לערערס. זיי זיינען געווען געוווינט צו האָבן דרייסיק שעה און מער און נישט וועלן דערלאָזן קיין נייעם לערער אויס מורא פאַר קאָנקורענץ.

איך דערמאָן זיך אַ פאַל ווען צוויי לערערס פון אַ ראָוונער גימנאַזיע האָבן געהאַט אַ סכסוך צוליב איין שעה אַ וואָך און דערפירט דעם ענין ביז צו אַ בוררות פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

קומט אריין אַ לערער מיט אַ סטאַזש און פאַרלאַנגט אַ „קאָמפּלעט" שעהן.

— גוט — ענטפער איך אים — דו וועסט באַקומען דרייסיק שעה, ווי פאַר דער מלחמה. און וואָס זאָל איך טון מיט נאָך אַכט מענטשן, וואָס מוזן אַרבעטן אין דער שולע?

— פאַרוואָס מוזן זיי? זאָלן זיי גיין אַרבעטן ערגעץ אַנדערש, למשל אין דאָרף.

— די דאָרפישע שול איז אַן אוקראַינישע און די ביעזשענצעס קענען נישט די שפּראַך. זיי קענען פּויליש אָדער יידיש. איז אפשר אַ פּלאַן, אַז דו זאָלסט פאָרן אין אַ דאָרפשול, ווייל דו וועסט זיך אַן עצה־געבן מיט אוקראַיניש און דאָרט פאַרזיכער איך דיר אפילו פערציק שעה.

— וואָס רעדסטו? ווי קום איך אין אַ דאָרף? זאָל שוין זיין ווי דו זאָגסט. צי וועל איך אָבער האָבן פון וואָס צו לעבן?

— פון דעם האָסטו געזאָלט אַנהייבן. פאַרשטיי. אַז עס איז נאָך קיין נאָרמאַלע אָרגאַניזאַציע נישט פאַראַן. מיר ווייסן נישט גענוי וויפל צו צאָלן. מיר האָבן אויך נישט קיין געלט. אָבער די צייט איז אַן אויסערגעוויינטלעכע און דעריבער מוז מען אויך האַנדלען אויף אַן אויסערגעוויינטלעכן אופן. פריער באַזאָרגן אַלעמען מיט אַרבעט, כדי קיינער זאָל נישט באַקומען קיין שטיצע, נאָר לוין פאַר אַרבעט. יעדער וועט דערווייל באַקומען לויט די צאָל נפשות פון זיין משפחה, חשבונען וועלן מיר זיך שפּעטער.

— ביסט טאַקע גערעכט.

ס'איז נישט געווען קיין צייט צו איבערצייגן יעדן איינעם באַזונדער. די ריכטיקייט אָדער אומריכטיקייט פון די מעשים זיינען געווען דער בעסטער אַרגומענט. נאָר מעשים האָבן זיך געפאָדערט.

אָט למשל פון וואַנען נעמען געלט צו באַצאָלן פאַר אַרבעט? עס זיינען נאָך די אַנטשפּרעכנדיקע אינסטאַנצן נישט געווען. זיי האָבן זיך אויסגעביל־דעט ערשט נאָך דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין לוואָוו. מענטשן מוזן דאָך אָבער לעבן!

איז מיר אויפגעשוווּמען אין זכרון דער האָשטשער „רעווקאָם" מיט זיינע מיליאָנען, וואָס ער האָט געפונען פאַרגראָבן אין „הויף".

כ'בין געגאַנגען צום מיליטערישן שטאָט־קאָמענדאַנט האָרבאַטענקאָ און גענומען ביי אים אַ בריוו צום האָשטשער קאָמיטעט. אין בריוו איז געווען קורץ אָנגעוויזן, אַז איך בין באַפולמעכטיקט צו נעמען יעדע סומע געלט פאַרן געברויך פון דער לערערשאַפט.

אַ גרויסן רושם האָט אין האָשטש געמאַכט דער אויטאָמאָביל מיטן רויטן פענדל. ווען איך בין אַריינגעקומען און זיך מיט אַלעמען באַגריסט, האָב איך באַמערקט אויף אַלעמענס פּנימער אַ נייגיריקייט: וואָס ברענגט מיך אַהער?

כ'האָב אָנגעהויבן פאַרזיכטיק זיך אויסצופרעגן וואָס זיי מאַכן, צי אַר־בעטן די מילן, צי די פּויערים ברענגען פּראָדוקטן אין שטאָט אריין און פּאַ־מעלעך אַריבערגעגאַנגען צו דער לערערשאַפט, צו די שולן און אַזוי ווייטער.

דאָ האָבן זיי געגומען מיך פרעגן ווי אַזוי ס׳וועט זיין מיט צאָלן די לע־רערס און דעם טעכנישן פערסאָנאַל פון די שולן, לויט וועלכע פרינציפן און, דער עיקר, ווער דאַרף דאָס טון?

— צאָלן וועלן מיר, — האָב איך זיי געזאָגט און געזען אַ צופרידנקייט אויף די פּנימער — אָבער געלט וועלן מיר נעמען ביי אייך.

— וואָס הייסט ביי אונדז? פון וואַנען האָבן מיר? און אויסהאַלטן אַן אַפּאַראַט?

— פאַרשטייט חברים, ס׳איז נאָך קיין אָפיציעלע מאַכט נישטאָ. איר האָט די מאַכט אַליין גענומען, איר האָט אַליין געמאַכט רעוויזיעס און קאָנ־פיסקירט געלט. פאַר וועמענס וועגן האָט איר דאָס גענומען? איר וועט דאַרפן אָפּגעבן אַ דין וחשבון דעם אויעזדנעם קאָמיטעט אין ראָוונע. נאָט אייך אַ בריוו פון הארבאַטענקאָ, וואַרשיינלעך דער ערשטער בריוו, וואָס איר באַקומט און וואָס אַנערקענט אייך אָפיציעל. שטייט זשע אויף דער הייך פון דער רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע.

— וויפל געלט דאַרפסטו? — האָט מיך אַ פרעג געגעבן קאַנדעלמאַן, אַ בוכהאַלטער פון אַ מיל.

— איך מוז האָבן אַ האַלבן מיליאָן זלאָטי!

— שרייב אַן אַ קבלה!

אַזוי האָבן די לערערס באַקומען זייער ערשטן געהאַלט. דער פּרעסטיזש פון פאַראיין איז אויסגעוואַקסן. די לערערהיים איז געוואָרן אַ טרעפפונקט פאַר אַלעמען און דאָס האָט זייער דערנעענטערט די לערערס פון פאַרשיי־דענע שולן.

גלייך אין די ערשטע טעג האָבן מיר אָפּגעהאַלטן צוויי פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע מיר האָבן באַקענט די לערערשאַפט מיט דער סאָוויעטישער קאָנסטי־טוציע. פאַר דער לערערשאַפט, וואָס האָט אַליין געזאָלט לערנען מיט קינדער, איז דאָס געווען נישט אַן אויפקלערערישע אַרבעט נאָר אַ פּראָפעסיאָנעלע הילף.

מיר האָבן אין יענע הייסע טעג אָרגאַניזירט אַ קאָאָפּעראַטיוו. ווי לערער, שולבאַדינער, בוכהאַלטאָרן האָבן געקאָנט באַקומען לעבנסמיטל פאַר שפּאָט ביליק. עס איז געווען דער גרויסער פאַרדינסט פון גימנאַסטיק־לערער און מענטש מיט איניציאַטיוו יעקב בושעל, וואָס האָט זיך שנעל אָריענטירט, וויאַזוי ס׳ווערט רעאָרגאַניזירט דער אַפּראָוויזאַציע־סיסטעם און געוווסט ווהין זיך צו ווענדן, אין יענע טעג פון הרת־עולם.

די לערער־היים איז אין די אָוונטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַגאַזין. ס׳האָט זיך געטומלט, גערעשט. מען איז פון דאָרט אַהיימגעגאַנגען נישט בלויז מיט ביכער נאָר אויך מיט שפּייז.

# 4. איך ווער א שול-אינספעקטאָר

אין אַ זונטיק פאַרנאַכט זיץ איך אין פּאָדערצימער פון געוועזענעם סטאַראָסטווע און וואַרט אויף אַ קאָנפערענץ מיטן פאַרשטייער פון פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטייל פון ראָוונער פּאָוויאַט ווייסמאַן, אַ ייִד פון פּאָלטאָווע.

לעבן מיר זיצט אַן אומבאַקאַנטער אין אַ לעדערנעם מאַנטל. ער וואַרט אויך.

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און ער דערציילט מיר, אַז ער איז אַן אינזשעניער פון דניעפּראָפּעטראָווסק און איז געשיקט געוואָרן אַהער פון דער פאַרטיי אויף אַרבעט. ער געפינט זיך מאָמענטאַל אין האָטעל.

— ציִ הייסט איר ניִשט אַראָנסקי ? — גיב איך אים אַ פרעג.

— יאָ, און דו ביסט אַוודאי גריס — ענטפערט ער מיר.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט זיך אין האָטעל געטראָפן מיט מיין פרוי און זי האָט אים דערציילט וועגן מיר און מיר האָט זי אויך געזאָגט, אַז זי האָט זיך מיט אים באַקענט.

מיר האָבן זיך באַפריינדעט און שפּעטער פלעגן מיר זיך אָפט טרעפן. זיין פרוי איז געווען אַ לערערין און געאַרבעט אין איין שול מיט מיר.

ווייסמאַן האָט מיך אַריינגערופן און מיר געזאָגט, אַז ס'איז שוין געקומען אַ ליטער פון אויעזדנעם שולוועזן און כ'זאָל מאָרגן אין דער פרי זיין אין געוועזענעם שול־אינספּעקטאָראַט.

מאָנטיק פרי קום איך אַהין און טרעף דאָרט אַ מאַן פון אַ יאָר 35 מיט אייִדלע שטריכן, אַ ביסל אָפּגעבערענט פּנים, טיפע שווארצע אויגן.

איך שטעל זיך פאָר און זאָג, אַז כ'קום לויטן אויפטראַג פון ווייסמאַנען.

— מיך רופט מען סושטשענקאָ אַרסעני אַבראַמאָוויטש. וועגן דיר האָב איך געהערט און כ'וויל זאָלסט מיר העלפן פונאַנדערבויען דאָס שולוועזן.

— וואָס וועט זיין מיין אויפגאַבע ?

— דו וועסט זיין אַ שול־אינספּעקטאָר.

— וואָס דאַרף מען טון ?

— קודם כל פאַרפיקסירן די צאָל שולן, אַנגאַזשירן לערערס און באַשטימען פאַר זיי אַרבעטפּלעצער.

אויב די ערשטע אויפגאַבע איז געווען אַ ריין אַדמיניסטראַטיווע, הגם אויך אַ שווערע, ווייל פאַרפיקסירן הייסט וויסן די צאָל לערערס, שילערס, לערנצימערן און אַ סך אַנדערע פּרטים, זיינען אָבער די אַנדערע אויפגאַבעס געווען מער קאָמפּליצירטע.

עס זיינען געווען מענטשן מיט פאַרשיידענע קוואַליפיקאַציעס. ווער מיט אַן אַטעסטאַט פון אַ פּריוואַטן לערער־סעמינאַר, ווער מיט צייגענישן פון אַר־בעט אין שולן, וואָס די פּוילישע מלוכה האָט נישט אָנערקענט. בפרט די פּליטים האָבן בכלל קיין צייגענישן נישט געהאַט.

איינער האָט מיר געוויזן אַ טראַמוויי־קאַרטע פון זוואַרשע, ווו ס'איז געווען אָנגעשריבן אַז ווי אַ לערער געניסט ער פון אַ הנחה; אַ פרוי האָט מיר געבראַכט אַ דיפּלאָם פון אַ מעדאַל, וואָס לערערס פלעגן באַקומען נאָך צען יאָר אַרבעט אין מלוכהשע שולן; אַ דריטער קומט אָן פאַפּירן און זאָגט, אַז ער איז געווען אַ מיטגליד אין לערער־פאַראיין.

אין פּרינציפּ האָב איך באַשלאָסן, נאָך אַ באַראַטונג מיט סושטשענקאָ, צו אָנערקענען די דיפּלאָמען פון די יידישע און העברעאישע סעמינאַרן. ס'איז דאָך נישט געווען די שולד פון די סטודענטן, וואָס זיי האָבן נישט געהאַט קיין מלו־כהשע דיפּלאָמען. פאַרקערט, זיי זיינען געווען קרבנות פון דיסקרימינאַציעס לגבי נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און די אויפגאַבע פון דער סאָוויעטישער מאַכט איז צו פאַרריכטן אָט די עוולה און געבן אַלעמען גלייכע רעכט פון אַרבעט און ווייַ־טערדיקער בילדונג.

אָבער וואָס האָב איך געזאָלט טון מיט אַן עלטערן ייד מיט באָרד און פּאות, וואָס איז געקומען בעטן אַ פּאָסטן פון אַ יידיש־לערער.
ער איז, ווייזט אויס, געווען אַ מלמד, געהאַט אַ חדר און איצט האָט ער זיך געוואָלט „איבערקוואַליפיצירן". קיין צייגעניש, פאַרשטייט זיך, האָט ער נישט געהאַט.
איך פרעג אים :
— איר קענט יידיש ?
— אַוודאי.
— שרייבטזשע אָן דאָ אויפן אָרט אַ ביטע מען זאָל אייך געבן אַ שטעלע.
— וויאַזוי זאָל איך שרייבן ?
— שרייבט אויף יידיש.
— וואָס רעדט איר עפּעס ? צו אַזאַ וויכטיקן אַמט אויף יידיש גאָר ?
— יאָ. יעדער קאָן שרייבן אין זיין שפּראַך.
— משיחס צייטן, נישט אַנדערש.

כ'האָב אים דערלאַנגט פאַפּיר און אַ פעדער און ער האָט אָנגעשריבן אַ מעשה מיט אַ לשון פון צאינה וראינה. וועגן אָרטאָגראַפיע איז שווער געווען צו ריידן. קיין פּאָסטן אים געבן האָב איך נישט געקאָנט, אָבער אַ בריוו צו דער סאָציאַלער שוץ, מיט וועלכער ס'האָט אָנגעפירט אַ ראַוונער בחור מיעד־וויעד, האָב איך אים יאָ געגעבן און געבעטן מען זאָל אים אויסצאָלן שטיצע פּאַר זקנים.

אַ צווייטער פאַל איז געווען מיט צוויי לערערס פון דער תלמוד־תורה. מענטשן, וואָס האָבן געקאָנט העברעאיש אָבער צו לערנען אין אַ נאָרמאַלער שול האָבן זיי קיין קוואַליפיקאַציעס נישט געהאַט, נישט קיין פאָרמעלע און נישט קיין פּאַקטישע. די תלמוד־תורה איז אָבער איבערגענומען געוואָרן דורך

דער שול־מאַכט און מיר האָבן געהאַט אַ מאָראַלישן חוב צו פאַרזאָרגן די לערערס.

כ׳האָב נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג, ווי צו שיקן זיי אין אַ שול, ווו אין דער שפּיץ איז געשטאַנען אַ באַגאַבטער לערער און אַ האַרציקער מענטש, דער יונגער דיכטער א. ה. פענסטער. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זיי, געהאָלפן זיך גרייטן צו די לעקציעס, געזאָרגט פאַר דיסציפּלין אין זייערע קלאַסן און הגם קיין גוטע לערערס זיינען זיי שוין נישט געוואָרן, אָבער קיין בייז די קינדער האָבן זיי אויך נישט פאַרשאַפן.

צו מיין פליכט האָט אויך געהערט דאָס באַשטימען דעם סטאַזש און די בילדונג, וואָס יעדער איינער האָט, כדי צו וויסן וויפל צו באַצאָלן. אַזאַ אָר־בעט רופט זיך טאַריפיקאַציע. קיין קלאָרע פאַרשריפטן בנוגע די צענדליקער פוילישע זומערקורסן, דערגאַנצונגס־קורסן, קאָרעספּאָנדענץ־קורסן, סעמינאַרן, לערער־אינסטיטוטן אאַ״וו האָב איך נישט געהאַט.

עס איז פאַר מיר אָבער געווען קלאָר איין פּרינציפּ : וואָס בעסער ס׳וועט זיין די באַציאונג צום מענטשן, אַלץ בעסער וועט ער אַרבעטן. פון מלוכהשן שטאַנדפּונקט איז וויכטיקער דער מענטש ווי די אָפּגעשפּאָרטע פאַר זלאָטעס.

אַז ס׳איז אַזוי נישט בלויז אין טעאָריע, נאָר אויך אין דער פּראַקטיק האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו איבערצייגן אין דעצעמבער 1939.

דעם 25־טן דעצעמבער רופט מיך אַריין סושטשענקאָ צו זיך אין קאַבי־נעט. איך זע אין זיין פּנים, אַז ער איז פאַרדאגהט. מיט אַ געדריקט געמיט הויבט ער אָן :

— ס׳איז נישט גוט. דאָס יאָר ענדיקט זיך און מיר האָבן נאָך נישט אויס־געגעבן דאָס גאַנצע געלט.

— כ׳פאַרשטיי נישט דיין זאָרג. וועלן מיר האָבן אויף איבעראַיאָר מער צו מאַכן אינוועסטיציעס.

— כ׳זע אַז דו פאַרשטייסט נישט אונדזער פינאַנץ־פּאָליטיק. מיר האָבן אַ בודזשעט פון אַזויפיל און אַזויפיל טויזנט זלאָטי. פון וואַנען נעמט זיך גראָד אַזאַ סומע און נישט קיין אַנדערע ?

— מסתמא האָסטו אַזויפיל געפאָדערט אָדער אויפן סמך פון דיינע באַריכטן האָט מען אַזויפיל באַשטימט.

— ביסט גערעכט. איך האָב געהאַט אין פּלאַן צו פאַרגרעסערן דעם שול־אינוועטאַר, באַזאָרגן פאַר אייניקע שולן טישן און בענק, כדי די קינדער זאָלן פאַרשפּאָרן זיך אַרומצודרייען מיט די פרישטיקס אין די הענט, צוגרייטן אַ פאָר פלעצער פאַר ווינטערספּאָרט אאַ״וו. אָבער איך בין דאָ בסך הכל עטלעכע חדשים, בין נישט באַקאַנט מיט די אָרטיקע באַדינגונגען און די שוועריקייטן צו קריגן אַן אַרבעטער קענסטו דאָך — מיט איין וואָרט עס בלייבן אונדז נישט אויסגעגעבענע 120.000 זלאָטי. דעם 31־טן דעצעמבער ווערן זיי אַראָפּגעשריבן פון אונדזער קאָנטאָ און מיט אַזאַ סומע וועט קלענער ווערן די באַזע פאַר פאָדערן אַ נייעם בודזשעט.

— וואָסזשע פאַר אַן אויסוועג איז פאַראַן ?

— מען דארף בעטן אַ דערלויבעניש צו פֿאַרווענדן דאָס געלט אויף עפּעס אַנדערש. מיר מוזן אָבער פֿאַרענטפֿערן די סיבה פֿון נישט רעאַליזירן דעם פּלאַן, אויף וועלכן מען האָט אונדז געגעבן געלט און באַגרינדן די נויטווענדי־קייט פֿון מאַכן אַ נייע, נישט פֿאַראויסגעזעענע פֿריער הוצאה.

— איצט פֿאַרשטיי איך שוין. ס׳קומט אויס, אַז סאיז בעסער אויסצוגעבן מער ווי ווייניקער. דאָס איז אַ סימן פֿון דערגרייכונגען.

— ס׳איז אוודאי גלייכער צו בעטן נאָך, פֿאַרשטייט זיך אויף באַרעכטיקטע און נישט פֿאַרויסגעזעענע הוצאות, איידער צו בלייבן מיט מזומן. וואָסזשע פֿאַר אַן עצה גיסטו ?

איך האָב לאַנג נישט געטראַכט און געגאַנגען אין „סאָיוזפּיעטשאַט" (צייטונגען־ און זשורנאַלן־אַגענטור) אויסשרייבן צייטונגען, זשורנאַלן, פֿאַך־ליטעראַטור פֿאַר אַלע שולן אין גאַנצן אויעזד אויף אַ גאַנץ יאָר.

די דאָזיקע הוצאה האָט געקאָנט זיין נישט פֿאַראויסגעזען, ווייל ביים צונויפֿשטעלן דעם פּראָוויזאָרישן בודזשעט איז נאָך נישט געווען גענוג קלאָר וויפֿל זשורנאַלן און אין וועלכע שפּראַכן מען וועט דאַרפֿן. אגב געהערט דאָס נישט צו דער אויפֿגאַבע פֿון בילדונג־אָפּטייל. אין דעם פֿאַל אָבער האָט מען צו טון מיט אַ נייעם עלעמענט לערערס און מען מוז זיי צוהעלפֿן זיך אַריינצופּאַסן אין די נייע באַדינגונגען.

אַזוי־אַרום האָבן מיר אויסגעגעבן אַ הונדערט טויזנט זלאָטי, אויף צו באַזאָרגן די לערערשאַפֿט מיט ליטעראַטור, וואָס איז פֿאַר איר געווען זייער וויכטיק. ביז גאָר באַטייטיק איז די ליטעראַטור געווען פֿאַרן דאַרף, ווו די לערערס זיינען געווען כמעט פֿאַראיינזאַמט און נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן צו געניסן פֿון די אַלע אינסטיטוציעס, וואָס די שטאָט האָט פֿאַרמאָגט.

די דאָרפֿישע לערערס פֿון דער פּוילישער צייט זיינען געווען אַן אָפּגעשטאַנענער, אין אַ גרויסער מאָס, עלעמענט, וואָס האָט מער אין זין געהאַט די ווירטשאַפֿט ווי די שול.

די אַטמאָספֿער איז דאָרט געווען אַ נאַציאָנאַליסטישע און א גיכציקע פֿאַר דער שאָוויניסטישער אַגיטאַציע, וואָס האָט זיך געפֿירט פֿון דער בערלינער צענטראַלע אונטער דער אָנפֿירונג פֿון פֿאָלקאָוויניק קאָנאָוואַלעץ פֿאַר אַ „סאַמאָסטיינאַ אוקראַיינאַ" (אַ זעלבשטענדיקע אוקראַינע).

כ׳האָב די דאָזיקע לאַגע בולט דערפֿילט בעת מיינעם אַ באַזוך אין אַ דאָרפֿישער שול.

דער לערער, אַן עלטערער אוקראַינער, האָט זיך פֿאַר מיר געוואָלט אויסשיינען, וואָס פֿאַר אַ סאָוויעטיש־פּאַטריאָטישע דערציאונג ער גיט די קינדער און געהייסן זיי זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל".

ווען זיי האָבן שוין אָפּגעזונגען פֿרעג איך א ייִנגעלע :

— וואָס באַטייט דאָס וואָרט „אינטערנאַציאָנאַל" ?

ער האָט נישט געוווסט. כ׳פֿרעג אַנדערע קינדער — קיינער ווייסט נישט.

— און וואָס הייסט „נאַציאָנאַל" ?

— „סאַמאָסטיני" — האָט זיך צו מיר דערטראָגן אַ כאָר פון עטלעכע שטימעס. דער דאָזיקער קורצער ענטפער האָט ווי מיט אַ בליץ באַלויכטן די לאַגע אין די דאָרפישע שולן ווי אין די דערפער גופא.

מיר האָבן גענומען שיקן אַהין די בעסטע יונגע כוחות.

דער צופּאַסונגס־פּראָצעס צו די נייע באַדינגונגען איז פאַר די אָרטיקע לערערס בכלל געווען אַ שווערער.

קודם־כל די שפּראַך. די אָפיציעלע שפּראַך איז געווען די אוקראַאינישע. די אָרטיקע לערערס האָבן געקאָנט בלויז פּויליש אָדער רוסיש און ס'איז זיך שווער געווען צו פאַרשטענדיקן מיט די „וואָסטאָטשניקעס", ווי מ'האָט גערופן די אַלע, וואָס זיינען געקומען אַהער פון ראַטן־פאַרבאַנד. ביי זיי זיינען מיר געווען „זאַפּאַדניקעס" ד. ה. פון די מערב־געביטן.

געווען איז נאָך אַ שוועריקייט : דער קעגנזייטיקער אומצוטרוי צווישן די וואָסטאָטשניקעס מיט די זאַפּאַדניקעס, וואָס איז מיט דער צייט קלענער געוואָרן. די פּוילישע לערערס האָבן זיך געהאַלטן פאַר טרעגערס פון דער „מערב־אייראָפּעאישער קולטור", פאַר גוטע פּעדאַגאָגן און דאָ מיט אַ מאָל נעמען איבער אַנפירנדיקע שטעלעס מענטשן פון ראַטן־פאַרבאַנד, וועגן וועלכן מען האָט אונדז געגערט מיט שקרים און אויסטראַכטענישן.

אַ סך מענטשן האָבן גלאַט מורא געהאַט פאַר די סאָוויעטן און האָבן יעדן איבערגעלעבטן טאָג באַטראַכט פאַר אַ גליקלעכן.

אויך איך האָב מורא געהאַט. מיין מורא איז געווען פון אַן אַנדער מין. כ'האָב זיך געשראָקן פאַר נישט קאָנען אויספילן ביידע אויפגאַבעס, וואָס מען האָט אויף מיר אָרויפגעלייגט : די אויפגאַבע פון אַ שול־אינספּעקטאָר און די אויפגאַבע פון אַ פאָרזיצער פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון שול־אַרבעטער, וואָס האָט אַרומגענומען 17 שולן פון ראַיאָנע און דעם לערער־אינסטיטוט מיט עטלעכע הונדערט סטודענטן. מיט דער צייט האָב איך גובר געווען אויך דעם שרעק. דאָס איז געקומען שפּעטער, אַדאַנק מיין אָבסערוואַציע און די צוזאַמענטרעפן מיט פאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן.

## 5. קאַמף פאַר אַ דירה

אין די טומלדיקע סעפּטעמבער־טעג פון יאָר 1939 האָב איך געטראָפן אין גאַס דעם אַרטיסט פון „יונג־טעאַטער" יוסף גליקסאָן. אונדזער באַקאַנטשאַפט איז געווען אַלט בסך־הכל אַ פּאָר חדשים. דער טעאַטער האָט אין די זומער־חדשים געשפּילט אין ראַוונע און סביבה. זיי האָבן געשטעלט דרייזערס „אַמע־ריקאַנער טראַגעדיע", פּרעגערס „שמחה פּלאַכטע" און אַנדערע פּיעסעס פון זייער רייכן רעפּערטואַר.

זיי האָבן געגרייט אַ פּיעסע פון ברונאָ פראַנק : „צוועלף טויזנט". דער אינהאַלט פון דער פּיעסע באַציט זיך צו באַקאַנטע פאַקטן פון דער דייטשער געשיכטע, ווען פירשטן פלעגן פאַרקויפן „זייערע" מענטשן אויף צו פירן מלחמות מעבר־לים.

דער יונגער רעזשיסער אַלעקסאַנדער וויסקינד, מיט וועמען כ'האָב זיך אין יענער צייט באַפריינדעט, האָט מיך געבעטן צו ווערן אַ קאָנסולטאַנט פאַר היסטאָרישע און פּסיכאָלאָגישע ענינים. מיין אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין שילדערן די סאָציאַלע סביבה פון יעדן פון די פּיעסע־פּערסאָנאַזשן און באַ־שטימען זייערע פּסיכאָלאָגישע טיפּן, וואָס זאָל טראָגן דעם כאַראַקטער פון וואַרשיינלעכקייט. מיט אַנדערע ווערטער, איך האָב באַדאַרפט דערציילן יעדן אַקטיאָר „זיין" ביאָגראַפיע, כדי עס זאָל אים לייכטער זיין זיך אַריינצולעבן אין זיין ראָל.

מיין פאַך פון היסטאָריקער, מיין באַשעפטיקונג פון פּסיכאָטעכניקער און מיין ליבשאַפט צו טעאַטער האָבן באַקומען אַ האַרמאָנישע באַפרידיקונג. דעמאלט האָב איך זיך אויך דערנעענטערט צו גליקסאָנען. ווען כ'האָב אים איצט געטראָפן אין ראַוונע ווי אַ פּליט איז נאָך דער האַרציקער באַגריסונג מיין ער־שטע פראַגע געווען :

— מיט וואָס קאָן איך דיר העלפן ?

לאַנג־לאַנג האָט ער מיך באַטראַכט שווייגנדיק, אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ און מיט אַ זיפץ געענטפערט :

— דו ביסט דער ערשטער מענטש, וואָס שטעלט מיר אַזאַ פראַגע. ס'רוב ריידן די יידן מיט די ביעזשענצעס בכלל נישט. מען וויל פון זיי וואָס גיכער פּטור ווערן. זיי האַלט מען פאַר שולדיק אין אַלע צרות, וואָס די מלחמה האָט אַרויסגערופן.

ער איז געווען אין ראָוונע מיט דער משפחה פון זיינעם אַ ברודער, בעת זיין פרוי פויטשע פיינזילבער האָט געשפילט אין אַן אַנדער טעאַטער און איז אין יענער צייט געווען אין לוואָוו.

מיר זיינען אַהיימגעגאַנגען צו מיר. איך האָב דעמלט פאַרנומען אַ צי־מער ביי דער משפחה גאַנדלער. די מייניקע זיינען נאָך געווען אין האָשטש.

ס'איז באַשטימט געוואָרן צווישן אונדז צו זוכן אַ בשותפותדיקע דירה און אַראָפּברענגען די משפחות. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער קומט צו מיר גליקסאָן מיט אַ ידיעה, אַז ס'איז דאָ צו פאַרדינגען אַ דירה פון זיבן צימערן אויף קאָזשעניאָווסקי־גאַס 12.

דאָס איז געווען אַן אמתער פּאַלאַץ. אַרום הויז איז געווען אַ שטיינערנער פּלויט, צום הויפט־אַריינגאַנג האָבן געפירט ברייטע טרעפּן. אין הויף זיינען געווען קעמערלעך, אַ וועשעריי, אַן אַלטאַנקע און כלערליי נייטיקע פאַרבוי־אונגען. דאָס הויז איז געשטאַנען אין מיטן אַ סאָד און זיך געטונקען אין אַ ים פון בלומען. פינף צימערן מיט אַ קיך זיינען געווען אויפן ערשטן עטאַזש און צוויי צימערן מיט אַ קיך און באַקוועמלעכקייטן ווי אַ מאַנסאַרדע.

דאָס הויז, אַ מין קאָטעדזש, האָט געהערט צום באַקאַנטן אַדוואָ־קאַט און אַנטיסעמיט הירשעל, וואָס איז באַצייטנס פאַרשווונדן פון דער שטאָט. דורך געהיימע וועגן האָט ער געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט דער פרוי, וואָס האָט באַשלאָסן צו פאַרקויפן די מעבל, פאַרדינגען די דירה אויף אַ לענ־גערער צייט און מיטן קינד צו פאָרן צום מאַן.

ראָזאַ, מיין פרוי האָט אָנגעקוקט די דירה און באַלד באַשלאָסן צו קומען מיט דער מאַמען און דער טאָכטערקע. מיר האָבן פאַרנומען דריי צימער און די גליקסאָנס — צוויי. אויבן האָט געוווינט נאַטאַליאַ לאַנדאַו, אַ באַקאַנטע רע־זשיסערין פון שול־טעאַטער און מאַלערין מיט איר מאַן.

ערשט איצט האָבן זיך אָנגעהויבן אונדזערע צרות מיט דער דירה.

זי איז געווען צו שיין, אַז מען זאָל אויף איר נישט וואַרפן קיין אויג. בפרט, אַז דער מאַנגל אין דירות איז געווען אַ שרעקלעכער.

אין די פּוילישע צייטן איז דער צענטער פון וואָיעוואָדשאַפט געווען לוצק. ראָוונע איז געווען בלויז אַ גרויסער האַנדלס־צענטער.

איצט איז ראָוונע געוואָרן אַ זעלבשטענדיקער אַדמיניסטראַטיווער אייגנס און ס'האָבן דאָ באַדאַרפט באַקומען אָרט געגנטלעכע, שטאָטישע און ראַיאָן־אינסטיטוציעס פון דער אַדמיניסטראַציע, פּאַרטיי, קאָאָפּעראַטיוון, סאָציאַלער שוץ, שולוועזן, מיליטער און אא״וו. ס'זיינען אויך צוגעקומען אַ סך פּליטים פון פּוילן.

די קאָמונאַלע פאַרוואַלטונג האָט פאַראָרדנט, אַז אַלע בייטן פון דירות נויטיקן זיך אין אירס א באַשטעטיקונג.

פאַרשיידענע מענטשן האָבן גענומען באַזוכן אונדז. צווישן זיי שאַנטאַ־זשיסטן, וואָס האָבן געדראָט אונדז צו אַרעסטירן, אויב מיר וועלן נישט פאַרלאָזן די דירה. מיינע וויזיט־קאַרטן מיטן גאַנצן טיטל, וואָס כ'האָב געהאַט, האָבן זיי נישט איינמאַל אַראָפּגעריסן. און געקומען זיינען זיי ס'רוב ווען איך

בין געווען ביי דער אַרבעט. זיי האָבן, זעט אויס, געהאַט גענוג צייט זיך אַרומצושלעפּן. זייער באַנעמונג פלעגט אַרויסרופן טרערן ביי דער מאַמען און ראָזען. אויסגעצייכנט אין גראָבקייט האָט זיך אַ געוויסער בר־נש מיטן נאָמען פּאַקשאַ.

אין צווישן איז גליקסאַן אָפּגעפאָרן מיט פּויטשען שפּילן אין ביאַליסטאָקער יידישן טעאַטער און זייער דירה האָט פאַרנומען אַן אָפיציר פון נ.ק.וו.ד. סטראָגאַן מיט זיין משפּחה. אויך די לאַנדאַוס זיינען אין אַ מיטן נאַכט אַרויסגעפאָרן און מיר האָבן זיך באַזעצט אין די אויבערשטע צימערן.

צוויי צימער פאַר פיר נפשות איז נישט געווען קיין סך, אפילו לויט דער אָנגענומענער קובאַטור בשעת־דוחק און אויף זיי האָב איך באַשלאָסן זיך צו דערשלאָגן אַן אָרדער.

איך האָב אָנגעשריבן אַ בריוו צום סעקרעטאר פון געגנט־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי בעגמא. אין בריוו האָב איך באַשריבן די באַנעמונג פון א טייל אומפּאַראַנטוואָרטלעכע עלעמענטן, וואָס רויבן ביי מיר צו די רואיקייט פון מיין ארבעט.

כ'האָב געפרעגט, צי איז דאָס דערלאָזבאַר, אַז מען זאָל פאַרביטערן דאָס לעבן אַן אַרבעטנדיקן מענטשן. אויב די דירה פאַר פּאַקשאַן איז וויכטיקער ווי מיין אַרבעט, טאָ זאָל מען מיר אָפּזאָגן פון דער שטעלע און מיך אַריבערפירן ערגעץ־ווו אַנדערש, באַזאָרגנדיק מיר דאָרט אַ דירה. איז מען מיט מיין אַרבעט צופרידן, בעט איך מיר צו געבן די געהעריקע באַדינגונגען, כדי כ'זאָל נאָך בעסער קאָנען אויספירן מיינע פליכטן און מיין געזעלשאַפטלעכע ארבעט.

מיטן דאָזיקן בריוו אין קעשענע לאָז איך זיך גיין צום שטאָט־פּרעזידענט בילעצקי. ווי אַן אָנגעשטעלטער פון שטאָטישן בילדונג־אָפּטייל ווענד איך זיך צו אים, ווי צו אַ ממונה אויך איבער דעם קאָמונאַל־אָפּטייל, ער זאָל אויפפאָדערן דעם פּאַרוואַלטער מיר צו באַשטעטיקן מיין דירה און אַרויסגעבן אויף איר אַן אָרדער.

בילעצקי האָט געהערט און געשוויגן. דאָס האָט מיך אַריינגעבראַכט אין צאָרן און כ'האָב גענומען מיט אַן אויפגערעגטער שטימע דערציילן אַלץ, וואָס מיר האָבן אויסצושטיין פון זיינע אונטערגעאָרדנטע און פאַרענדיקט מיט דעם, אַז אויב ער וועט אַליין דעם ענין נישט דערליידיקן וועט עס טון עמעץ אַנדערש. ביי די לעצטע ווערטער האָב איך אַרויסגענומען דעם בריוו צו בעגמען און אים געוויזן.

ער האָט צוגעזאָגט דעם ענין צו דערליידיקן און מיך געבעטן קומען צומאָרגנס.

ווען כ'בין דעם צווייטן טאָג געקומען האָט מיר זיין סעקרעטארין געהייסן גיין גלייך אין קאָמונאַל־אָפּטייל, ווו דאָס פּאַפּירל איז שוין געווען גרייט.

כ'האָב זיך אַ טראַכט געגעבן, ווי גוט איז ווען ס'איז דאָ אַ פּאַרטיי. צו וועלכער יעדער פּשוטער מענטש קאָן זיך ווענדן נאָך הילף.

אַזוי האָבן מיר געוווּנען דעם „קאַמף פאַר אַ דירה”.
ס'האָט געלוינט צו קעמפן.

אונדזערע צוויי צימערן האָבן אַרויסגעקוקט אויפֿן גאָרטן פֿון דרום און מזרח. אָבער נאָך איידער דו גייסט אריין אין פּאָדערצימער, גלייך פֿון דער טרעפּ פֿירן דיך אַ פּאָר טירן אין פֿאַרשיידענע קעמערלעך. אין איינעם פֿון זיי האָב איך ליב געהאַט צו פֿאַרברענגען שעהן. דאָרט איז געווען מיין אַרכיוו און ביבליאָטעק פֿון ביכער, וואָס כ'דאַרף זיי נישט כסדר צו דער האַנט. דאָרט זיינען אויך געווען יקר־המציאותן, וואָס האָבן מורא געהאַט פֿאַר אַ „בייז אויג" פֿון אַ ליבהאָבער צו נעמען ביכער און פֿון זיי שאפֿן אַן אייגענע ביבליאָטעק. געווען צווישן די ביכער קאָמפּלעטן פֿון צייטשריפֿטן, אין וועלכע כ'פֿלעג פֿאַר־עפֿנטלעכן מיינע ארבעטן. אויף די פּאָליצעס זיינען געווען ביכער אין דער לאַטיינישער, גריכישער, פּוילישער, העברעאישער, יידישער און דייטשער שפּראַך, ווערק פֿון פֿאַרשיידענע ווויסנשאַפֿטלעכע געביטן ווי פּסיכאָלאָגיע, פּע־דאַגאָגיע, פֿילאָסאָפֿיע, פֿילאָלאָגיע אאַ"וו.

כמעט יעדער בוך פֿלעגט אַרויסרופֿן זכרונות. אָט איז אַ בוך פֿון געשיכטע, וואָס האָט מיך געקאָסט עטלעכע נישט געגעסענע מיטאָגן, בעת כ'האָב זיך גע־גרייט צו אַן עקזאמען אויפֿן קראָקעווער אוניווערסיטעט. דאָרט שטייען עטלעכע בענד, וואָס שוליוויניוק האָט מיר ספּעציעל איינגעבונדן, ווויסנדיק שוין מיינע קאַפּריזן און מיין געשמאַק. אַ פּאָליטישע עקאָנאָמיע פֿון זשידן, וואָס מיין פֿריינד ווערבערג האָט מיר געגעבן אַ מתנה מיט אַ קאָמישער צושריפֿט זייענדיק איי־בערראַשט, וואָס ער האָט מיר געבאָרגט אַ צעשאָטן בוך און איך קער אים צוריק אַן איינגעבונדנס.

דער ערשטער צימער איז געווען אַ גרויסער, אַ העלער און אַ לופֿטיקער. איין וואַנט איז געווען פֿאַרנומען מיט קאַסטנס ביכער. די קאַסטנס האָב איך אַליין צוגעטראַכט, ווייל כ'פֿלעג אָפֿט בייטן די ווויינשטעט. אַרויסגערוקט דאָס ברעט פֿון קאַסטן בלייבן אַרומגערעמטע צוויי ביכער־פּאָליצעס פֿון אַ מעטער די לענג און זיבעציק צענטימעטער די הויך.

צווישן די קאַסטנס זיינען געווען אויסגעשטעלט פּאַפּקעס מיט אויסשניטן פֿון צייטונגען אויף כלערליי טעמעס. יעדע טעמע אין א באַזונדערער פּאַפּקע מיט אַ רשימה פֿון אינהאַלט.

מיט וואָס פֿאַר אַ פֿרייד פֿלעג איך העלפֿן די חברים אין זייערע אַרבעטן דורך אַן איינפֿאַך אַרויסנעמען די פּאַסיקע פּאַפּקע און געבן דעם געזוכטן אַרטיקל.

דאָ איז אויך געשטאַנען אַ גרויסער פּיליפּס, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין שטוב מוזיק און נייעס פֿון דער וועלט.

דער צווייטער צימער האָט געהערט דער טאָכטער.

## 6. שכנים פֿון מזרח.

ביזן יאָר 1939 האָבן מיר געקענט די סאָוויעטישע מענטשן נאָר פֿון ביכער און צייטונגען. און ווי געוויינטלעך אין אזעלכע פֿאַלן באַקומען זיך סכעמעס נישט מענטשן. יעדער האָט זיך געמאָלן די בירגער פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד לויט זיין אייגענער פֿאָרשטעלונג און לויט זיינע פּאָליטישע אי־בערצייגונגען.

איצט איז מיר געגעבן געוואָרן די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט זיי אין איין הויז. וואָס קאָן מער בולטער מאַכן אַ בילד איבער אַ מענטשן פֿון געפינען זיך מיט אים אונטער איין דאַך? וויל איך טאַקע באַשרייבן די ערשטע שכנים.

קאַפּיטאַן סטראַגאַן, אַ מאַן פֿון אַ יאָר פֿינף און דרייסיק איז ווייניק געווען אין דער היים. זיין אַרבעט האָט נישט געהאַט קיין באַרמירטע צייט, אָבער דאָך פֿלעגן מיר זיך טרעפֿן אין סאָד, ביים ברונעם אין גאָרטן אָדער אַזוי אין אַ שאָטן בעת די הייסע טעג.

אַליין שטאַמט ער פֿון אַ קאָלכאָז און ביז ער איז געגאַנגען אין דער אַרמיי, האָט ער קיין בילדונג נישט געהאַט. די אַרמיי האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו לערנען און צו דערגרייכן אַ ראַנג פֿון אַן אָפֿיציר.

נישט איין מאָל פֿלעגט ער זיך פֿאַר מיר באַקלאָגן אויף זיין זון, וואָס וויל זיך נישט לערנען. ער אַליין איז נישט אין שטאַנד, צוליב זיין דינסט, זיך אָפּצוגעבן צום קינדס דערציאונג.

זיין פֿרוי ווידער האָט אויפֿן זון קיין השפּעה נישט געהאַט. זי איז געווען אַ קאָלכאָזניצע, וואָס האָט ליב געהאַט דאָס דאָרף. ס'האָבן איר אויסגעפּעלט הינער, בהמות, די רחבותדיקע פֿעלדער פֿון אוקראַינע. די שטאָט און אַלץ דאָס, וואָס האָט אַ שייכות מיט איר, האָט זי געלאַנגווייליקט.

זי איז געווען פֿון נאַטור אַ שטילע און אַ גוטע. קיין הויך קול האָט מען פֿון איר נישט געהערט. אַז זי פֿלעגט אַמאָל קומען צו אונדז וועגן קיכזאַכן האָט מען איר קלאַפּן אין דער טיר קוים־קוים געהערט. אַ געבאָרגטע כלי האָט זי שטענדיק צוריקגעבראַכט צו דער צייט און אָפּגעפּוצט, אַז ס'האָט געגלאַנצט.

אויך זי האָט געהאַט עגמת־נפֿש צוליבן זון, אָבער שטאָלצירט מיט דער טאָכטער, אַ מיידל פֿון אַ יאָר צוועלף. שטענדיק ציכטיק אָנגעטון, העפֿלעך און גרייט צו פֿאָלגן. זי פֿלעגט זיך שפּילן מיט אונדזער טעכטערל, זינגען מיט איר, דערציילן איר מעשיות.

געווען נאָך אַ קליין ייִנגעלע, פֿון אַ יאָר־אונטערטהאַלבן, וואָס האָט ערשט געשטעלט די ערשטע טריט אין לעבן און די טאָכטער איז פֿאַר אים געווען כמעט ווי אַ מאַמע.

דאָס משפּחה־לעבן איז געווען אַ רואיקס, אַ האַרמאָנישעס. מיר האָבן קיינמאָל נישט געהערט, אַז דאָס פּאָר פּאָלק זאָל זיך קריגן צווישן זיך. ס׳איז מיר נישט אויסגעקומען צו זען סטראַגאַנען אין אַ נישט־ניכטערן צושטאַנד. ער האָט געזאָרגט פֿאַר דער שטוב: פֿלעגט האַקן האָלץ, האָט געבראַכט קוילן, נישט איינמאָל געקומען באַלאָדן מיט פּראָדוקטן.

קנאַפּע אונטערטהאַלבן יאָר האָבן מיר געוווינט צוזאַמען. אין אַ שיי־נעם טאָג, ס׳איז געווען פֿרילינג 1941, איז ער נעלם געוואָרן. קיינער האָט נישט געוווּסט, וווּהין ער איז אַהינגעקומען.

די פֿרוי האָט געוווּסט, אַז ער דאַרף ערגעץ פֿאָרן, אָבער נישט אויף ווי לאַנג.

נישט קיין בריוו, נישט קיין ידיעה, ווי אין וואַסער אַריין.

ס׳איז געווען אַ צער בעל־חיים צוצוזען דעם עגמת־נפש פֿון דער פֿרוי. געפֿעלט האָט איר גאָרנישט: יעדע צוויי וואָכן האָט זי באַקומען אויסגע־צאָלט זיין לוין. ווי פֿריער פֿלעגט זי ברענגען פּראָדוקטן פֿון ספּעציעלן פֿאַר־קויפֿפּונקט פֿאַר די אָנגעשטעלטע פֿון נ. ק. וו. ד. און בעת די פֿאַשיסטן זיינען באַפֿאַלן דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד, האָט זי זיך מיט די קינדער עוואַקואירט אַדאַנק דער זאָרג און הילף פֿון איר מאַנס אַרבעטס־חברים.

דאָס פֿאַרשווינדן פֿון סטראַגאַן, וואָס איז געווען אַן ענערגישער מענטש און האָט גוט געקענט אוקראַיִניש, איז מיר ערשט שפּעטער אויפֿגעקלערט געוואָרן.

די סאָוויעטישע רעגירונג האָט געהאַט אַ יסוד צו דערוואַרטן אַן אָנגריף מצד היטלערן, הגם לעת־עתה זיינען די באַציִאונגען געווען „קאָרעקטע”. דער פּלאַן פֿון אַ פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג איז געווען אויסגעאַרבעט. די קאָמוניסטי־שע פּאַרטיי און די סאָוויעטישע רעגירונג האָט נישט געוואָלט דערלאָזן צו אַ סטיכישער באַוועגונג מצד די געראַטפּטע, נייערט זי האָט מיט דער באַוועגונג אָנגעפֿירט.

עס איז איצט געגאַנגען אין דעם, אַז געזונטע מענטשן, פּאָליטיש און מיליטעריש, זאָלן פֿאַרבלייבן הינטערן רוקן פֿון פֿיינט אין די אָקופּירטע געביטן. נישט אַלע אָרטיקע מענטשן האָבן דערצו געפּאַסט. האָט מען געמוזט מיט חדשים פֿאַר דער מלחמה באַזעצן מענטשן אין באַזונדערע פּונקטן, שאַפֿן פֿאַר זיי אַן אַליבי ווי פֿאַר כלומרשט אָרטיקע. זייער געפֿינען זיך אין געגעבענעם פּונקט האָט נישט געטאָרט ווערן פֿאַרדעכטיקט. איינצייטיק האָבן זיי זיך באַקענט מיט דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג, געוווּסט ווער ס׳איז פּאַטריאָטיש געשטימט, ווער ס׳איז אַ צווייפֿלהאַפֿטער עלעמענט און ווער ס׳דערוואַרט דעם שונא.

די דאָזיקע מענטשן האָבן דאָס צוגעגרייט דעם באָדן און דעם אַפּאַראַט פֿון דער אונטערערדישער־ און פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג און דאָס איז די סיבה,

פאַר וואָס זייער עקסיסטענץ האָט געמוזט ווערן אַרומגערינגלט מיט טיפער סודותדיקייט.

צו די־אַ מענטשן, וואָס האָבן אויף זיך גענומען נישט נאָר צו קעמפן, נאָר צו לעבן אין א שטענדיקער טויט־געפאַר האָט געהערט אויך מיין שכן קאַפּיטאַן סטראָגאָן.

צי איז ער אַרויס גאַנץ פון דער וועלט־שחיטה? וועס ווייסט?

דער צווייטער שכן איז געווען גריגאָרי פאַוולאָוויטש מאַיאָר מיט זיין משפחה. אַ נידעריקער בלאָנדער מאַן מיט גאַנץ העל בלויע אויגן, וואָס זעען דיך דורך און דורך. טיילמאָל האָסטו אונטער דער דורכדרינגלעכקייט פון זיין בליק געפילט ווי דיינע געדאַנקען זיינען נעגליזשירט. אַ צונג האָט ער געהאַט אַ שאַרפן, אַ נאַטור אַ הערשערישע. אַלע, וואָס האָבן געהאַט מיט אים צו טון, האָבן פאַר אים געציטערט. גענוג געווען צו זאָגן, אַז גריגאָרי פאַוולאָוויטש גרייט זיך צו קומען, אַז מ׳זאָל זיך נעמען אַרומזען, צי איז אַלץ אין אָרדענונג.

זיין אופן פון ריידן איז געווען שטרענג זאַכלעך; ער האָט געפאָדערט, אָבער אויך דערמעגלעכט צו רעאַליזירן די פאָדערונגען.

ער איז געווען א מיטגליד פון געגנט־קאָמיטעט פון דער פאַרטיי און לייטער פון שולוועזן אין דער גאַנצער געגנט.

גאַנץ צופעליק זיינען מיר געוואָרן שכנים.

טרעפן פלעגן מיר זיך בלויז אַמאָל זונטיק, ווען מיר ביידע זיינען געווען אין דער היים. טעמעס צו ריידן מיט אים האָבן נישט געפעלט — די אָרגאַניזאַציע פון די שולן, פון קינדער־גערטנער און קינדער־הייזער, וואָס געהערט אַלץ אָרגאַניזאַציאָנעל צו דעם זעלבן רעסאָרט.

מאַיאָרן האָבן אינטערעסירט די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן די אַר־טיקע און די געקומענע פון מזרח. ער האָט געשטרעבט צו פאַרווישן די מחיצה, וואָס איז געווען אַ נאַטירלעכע צווישן מענטשן, וואָס האָבן עטלעכע צוואַנציק יאָר געלעבט אין פאַרשיידענע, קעגנערישע רעזשימען מיט קעגנזייטיק פיינט־לעכער אידעאָלאָגיע, אין אַנדערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אַנדערער מענ־טאַליטעט, געוווינהייטן און שטרעבונגען.

ווען כ׳האָב אים איין מאָל דערציילט, אַז אַ דירעקטאָר פון אַ מיטלשול, אַ וואָסטאָטשניק, אַ מיטגליד פון דער פאַרטיי באַמיט זיך מיך צו טעראָריזירן און מבטל צו מאַכן, האָט ער מיר מיט אַ ווייכן טאָן, צו וועלכן כ׳בין ביי אים נישט געוווינט געווען, געזאָגט:

— ס׳איז אַ פאַרבייגייענדיקע דערשיינונג. זיי זיינען נישט אַזוי שלעכט, ווי זיי ווייזן זיך, זיי פעלט נאָר אַ ביסל שכל און... טאַקט. אָבער מורא האָבן פאַר זיי איז נישטאָ וואָס. דו רעכן זיך נישט מיט יענע טיפן. אויב דיין האַנדלונג געפעלט זיי נישט, זאָלן זיי זיך קומען צו מיר באַקלאָגן, אָבער כל־זמן דו ביסט אינספעקטאָר מוזן זיי דיך פאָלגן. און דו ביסט אינספעק־טאָר, ווייל מיר האָבן צו דיר צוטרוי, אָבער מיר וועלן דיך נישט שוינען, ווען דו וועסט נישט מקיים זיין דאָס, וואָס ס׳פאָדערט זיך פון דיר. פיל זיך גלייכבאַרעכטיקט, ווייל ביסט אַזאַ „בירגער ווי מיר אַלע”.

אַזעלכע ווערטער פונעם „שרעק פון דער געגנט", אַרויסגעזאָגט אין אַ גוט־מוטיקן טאָן, אַזוי פריינדלעך און חבריש האָבן מיך דערמוטיקט. קיינער וואָלט מיר נישט געגלויבט, אַז „ער" האָט מיט מיר אַזוי גערעדט.

דאָס איז געווען זיין היימישער סטיל. אין שטוב איז ער געווען פשוט און צוגעלאָזן. באַגיסן דעם גאָרטן, האַקן האָלץ, קלאַפּן טשוועקעס, מאַכן רעמאָנטן, הייצן די אויוונס — דאָס אַלץ פלעגט ער טון. ער האָט געוואָלט איינשפּאָרן אַרבעט זיין פרוי, רודענקאַ, צו וועלכער ער האָט זיך באַצויגן מיט פאַטערלעכער ליבשאַפט און אומגעהייערן דרך־ארץ.

זי איז געווען אַ יונגע, שיינע פרוי מיט העכערער בילדונג. פון פאַך איז זי געווען אַן אינספּעקטאָרין פון שולן פאַר דעפעקטיווע קינדער. מיט ווירט־שאַפט האָט זי זיך אַליין פאַרנומען און דערצו נאָך דערצויגן צוויי יינגלעך פון ערשטן מאַן.

מיין מאַמען פלעגט זי אָפט פאַרטרויען אירע משפחה־ענינים. זי האָט איר דערציילט, — און מיר האָבן עס באַמערקט, — אַז די יינגלעך האַלטן גריגאָרי פאָוולאָוויטשן פאַר זייערס אַ פאָטער. זיי האָבן אים שטאַרק ליב און זיינען צו אים צוגעבונדן.

גריגאָרי פאָוולאָוויטשן האָב איך געזען צום לעצטן מאָל הינטער קאָרעץ אין אַ זייטיק וועלדל. געווען איז דאָס דעם 29־טן יוני 1941. איך האָב מיך שוין געפונען אויף דער וואַנדער. אין יענעם וועלדל האָט זיך געפונען דער גאַנצער פאַרטיי־אַקטיוו, וואָס איז באַשטימט געווען צו פירן די פאַרטיזאַנקע.

ווען כ'האָב זיך אין די זומער־חדשים 1944 געטראָפן אין קיעווער בילדונגס־מיניסטעריום מיט דער רודענקאַ, האָט זי מיר געזאָגט, אַז מאַיאָר איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד.

ס'איז לייכט געווען צו ווױנען מיט די שכנים. יעדע משפחה האָט גע־לעבט איר לעבן, אָבער אויך דאָס גאַנצע הויז האָט געהאַט אַן אייגנאַרטיקן ריטם. געווען שמחות — האָט מען זיך קעגנזייטיק גראַטולירט, האָט מען געמאַכט אַ לחיים. די קינדער האָבן זיך געשפּילט און אַז ס'זיינען צווישן זיי געווען סכסוכים האָט מען זיי געלאָזט אַליין זייער שטעטל באַשטיין, נישט אַריינגעמישט זיך לטובת דעם אייגענעם קינד.

ס'איז זיכער, אַז אין אַ גוטן שכנותדיקן צוזאַמענלעבן האָבן דעם גרעסטן חלק די באַלעבאָסטעס.

ביי אונדז איז דער ראש פון דער משפחה געווען די מאַמע.

## 7. ריין ווי א טרער

די מאַמע בלומע סעגאַל, פון דער היים ראַבינאָוויטש, שטאַמט פון נאָוואָ־גראַד וואָלינסקי. באַקענט מיט איר האָב איך זיך, בעת זי האָט געבראַכט צו פירן איר טאָכטער ראָזע אין פינפטן קלאַס גימנאַזיע אין ראָוונע. איך בין געווען דער דערציער פון דאָזיקן קלאַס. ס׳איז געווען אין יאָר 1929.

ווען איך בין שפּעטער געקומען אויף אַ באַזוך קיין האָשטש, ווו זיי האָבן געוווינט, האָב איך זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט, זעענדיק די פרוי סעגאַל שטיין פאַרקויפן אייזן. ס׳האָט עפּעס נישט האַרמאָנירט די סחורה מיט איר איידעלן אויסזען און אינטעליגענטן פּנים.

זי פלעגט וויינציק דערציילן וועגן זיך. מיר האָבן אָבער געוווּסט, אַז זי האָט פאַרקערט אין קרייזן פון פּראָגרעסיווער יוגנט און איז געווען באַפריינדעט מיטן מחבר פון „לאָן?‟ מ. ז. פייערבערג. פּרטים פון זיין לעבן און קראַנקייט האָט זי דערציילט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן.

אונדז האָט פאַראייניקט קודם־כּל די באַציאונג צו ראָזען.

איר שטימע פלעגט ציטערן, ווען ס׳איז אויסגעקומען צו ריידן וועגן איר טאָכטער. נישט זי האָט איר געקעכלט און נישט מאַראַליזירט: געגעבן איר פולע פרייהייט, ווייל זי האָט פאַרשטאַנען דער טאָכטערס שטרעבונג צו זעלבשטענדיקייט. דווקא די נישט צודרינגלעכע האַלטונג פון דער מוטער האָט איר פאַרשאפן פריינדשאַפט און צוטרוי מצד דער טאָכטער און זיי האָבן איינע פאַר דער אַנדערער קיין סודות נישט געהאַט.

בלומע געהאַט אַ קלאָרן קאָפּ און אַ שכל הישר.

נישט אָפּגעשטאַנען פון לעבן. אירע זכרונות האָבן זי נישט געשלעפּט אויף צוריק. זי האָט געוווּסט, אַז כּדי גייסטיק נישט צו פאַרלירן די טאָכטער, מוז זי אויפנעמען דאָס נייע אין לעבן. זי האָט קודם־כּל אַרויסגעוויזן אינ־טערעס פאַר דעם, וואָס טוט זיך אין דער סביבה פון איר טאָכטער און איז געווען באַהאַווּנט אין יעדן פּרט פון שוללעבן.

אין יאָר 1937 ווען איר מאַן יעקב סעגאַל איז געשטאָרבן, האָט זי אי־בערגענומען דעם מסחר אין גאַנצן.

ראָזאַ און דאנקא זיינען געווען אין האָשטש און איך, אויף וויפל כ׳בין געווען פריי, פלעג איך אַהיימקומען, דער עיקר אויף יעדן שבת.

און אָט די שבתים זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר מיר אין טעג פון פרייד און דערהויבונג.

די שמועסן אונדזערע האָבן זיך באַצויגן צו ראָזען, דאנקען און ביכער.

קיין שענערע מתנה ווי ביכער האָבן פאַר דער מאַמען נישט עקסיס־טירט. ביכער זיינען געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין אונדזער פריינד־שאַפט. גאַנצענע אָוונטן האָבן מיר פאַרבראַכט אין דיסקוסיעס איבער זשאַן קריסטאָף, איבער גאָרקיס שאַפונגען, שלום־עליכמען, פּרצן און צענדליקער אַנדערע ביכער.

אין סעפּטעמבער 1939 האָבן מיר באַשלאָסן, אַז ס'איז שוין צייט צו ליקווידירן דאָס געשעפט. כל־זמן ס'האָט אָנגעהאַלטן דער סאַנאַציע־רעזשים, אַזאַן־רעזשים און אַנדערע פאַשיסטישע רעזשימען, בין איך קיינמאָל נישט זיכער געווען מיטן טאָג. ס'איז אוממעגלעך געווען אויסצושטעלן אויף איי־גענע כוחות. די פּרנסה פאַר דער משפּחה איז געווען אָפּהענגיק נישט פון מיינע אַרבעטס־קוואַליפיקאַציעס, נאָר פון עמעצנס גוטער באַציאונג צו מיר. אַזוי האָב איך זיך אַרומגעדרייט עטלעכע יאָר אָן אַרבעט און ווען כ'האָב פריער יאָ געהאַט אַרבעט איז עס אויך געווען אַזוי ווי אין יענער מעשה, ווען איינער פרעגט דעם צווייטן:

— וווּ אַרבעטסטו?

— דאָרט און דאָרט.

— אַזוי גאָר! איז פון וואָסזשע לעבסטו?

טיילווייזע אַרבעט פלעג איך האָבן: קאָרעספּעטיציעס, אַרבעט אין דער פּאַך־באַראַטונג־שטעלע פון „צענטאָס" (געזעלשאַפט פאַר יתומים־שוץ), אַ פּאָר שעה אַ וואָך געשיכטע אין אַ האַנדל־שול און, אָבער „פון די אַלע זיבן זאַכן איז נישט געווען קיין שבת צו מאַכן".

מיטן קומען פון דער סאָוויעטישער מאַכט איז איינגעטראָטן אַ פּרינציפּיעלע ווענדונג אין מיין לעבן. כ'האָב נאָך נישט געוווּסט מיט וואָס כ'וועל זיך פאַר־נעמען, אָבער אַז כ'וועל האָבן שטענדיק אַרבעט און אַז אויך ראָזע וועט אָנ־הייבן צו אַרבעטן — אין דעם האָב איך אויף קיין איין מינוט נישט געצווייפלט און דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן אַריבערצופאָרן קיין ראָוונע און ענדלעך אָנ־הייבן צו פירן אַ נאָרמאַל משפּחה־לעבן.

דריי דורות זיינען געקומען צו פאָרן: די מאַמע מיט דער טאָכטער און אייניקל.

די מאַמע איז געווען דער אויטאָריטעט פון דער משפּחה. איך האָב געוווּסט, אַז זי קאָן אַמאָל ליידן מחמת מאַטעריעלער אָפּהענגיקייט פון אונדז. זי איז דאָך שטענדיק געווען זעלבשטענדיק. פאַרקערט, מיר פלעגן נישט איין מאָל אָנקומען צו איר נאָך געלט. זי פלעגט אָבער אַלץ געבן אויף אַזאַ שיינעם און האַרציקן אופן, אַזוי ווי מיר וואָלטן איר אַ טובה געטון, וואָס מיר באַוויליגן צו נעמען. איצט ווען די ראָלן האָבן זיך געביטן האָבן מיר, ראָזע און איך, נישט אָפּריידנדיק זיך אפילו צווישן זיך, איבערגעגעבן דער מאַמען די לייטשעס און באַ, פאַר!

מיר האָבן זיך נישט אַריינגעמישט. אויב מיר האָבן עפּעס באַדאַרפט האָבן מיר געבעטן די מאַמען. אויך געלט. מיר האָבן נישט געוואָלט בייטן די טראַדיציעס.

צוויי מאָל אין חודש האָבן מיר אַהיימגעבראַכט אונדזער לוין. ראָזע האָט פאַרדינט איבער דריי הונדערט רובל אַ חודש, איך האָב געהאַט פון אינספּעק־

טאָראַט פינף הונדערט, פון לערער־פאָסטן פיר הונדערט און נאָך אַ פּאָר הונ־
דערטער פאַר צייטונגס־אַרטיקלען, אינסטרוקטאַזש פון לערער־קאַנדידאַטן אאַ״וו.
יעדע קאָפּיקע האָבן מיר געבראַכט דער מאַמען און אַז מען האָט אַמאָל באַ־
דאַרפט האָט מען געהאַט ביי וועמען צו בעטן און וועמען אָפּצוגעבן אַ דין־
וחשבון. די מאַמע האָט טיילמאָל געלאַכט פון אונדזער פּינקטלעכקייט אין
אויסרעכענען זיך פון אונדזערע הוצאות.

איצט, ווען די מאַמע האָט זיך באַפרייט פון עול פּרנסה און איז פּטור
געוואָרן פון איר שווערער אַרבעט אין אייזן־געשעפט האָט זי דערפילט אַ
נייעם צופלוס פון גייסטיקע כוחות, א שפע פון אינטעלעקטועלע פאַראינטערע־
רעסירונגען. עס איז איצט צוגעקומען נאָך אַ ליטעראַטור אין דער שפּראַך,
וואָס האָט די מאַמע צוריקגעפירט צו איר יוגנט, אין רוסיש.

בי־בער האָבן ביי אונדז אין שטוב נישט געפעלט. אַדאַנק מיינע אַמט־
לעכע פונקציעס האָב איך געהאַט פאַרבינדונגען מיט די ביכער־ און זשור־
נאַלן־פאַרשפּרייטער און אַזוי אַרום צום שנעלסטן באַקומען די נייע אויסגאַ־
בעס און געבראַכט זיי דער מאַמען.

די באַקוועמע דירה און די פרייע צייט האָט זי אויסגענוצט אויף צו לייענען.
כ׳האָב געהאַט א הנאה צו גיין מיט דער מאַמען אין טעאַטער. איר ווייַ־
סער קאָפּ האָר, שלאַנקע פיגור און זיכערער טריט האָבן אַרויסגערופן אַ שטוי־
נונג ביי אַלע וואָס האָבן זי געזען.

די לעצטע וואָכן פאַר דער מלחמה האָבן געשפּילט אין ראַוונע אידאַ
קאַמינסקא און מאיר מעלמאַן, מיינס אַ חבר פון גימנאַזיע נאָך. זיי זיינען גע־
קומען אין דער שפּיץ פון לוואָווער יידישן מלוכה־טעאַטער.

איך האָב באַקומען אַן איינלאַדונג צו אַלע פאַרשטעלונגען. די מאַמע און
ראַזע פלעגן זיך בייטן, ווייל איינע פון זיי איז געבליבן ביים ייִנגעלע יעקב,
וואָס איז געבוירן אין פעברואר 1941.

זונטיק, דעם 22־טן יוני נאָכמיטאָג האָבן אידא און מאיר געזאָלט קומען
צו אונדז אויף אַ באַזוך. אויף דעם זעלבן טאָג, אַזייגער האַלב עלף פרי, איז
געווען באַשטימט אַ פאַרזאַמלונג פון דער שטאָט־אינטעליגענץ מיטן טעאַ־
טער־קאָלעקטיוו. אָרגאַניזירט די פאַרזאַמלונג האָט דער סעקרעטאַר פאַר פּראָ־
פּאַגאַנדע פון שטאָטישן פאַרטיי־קאָמיטעט ווייסמאַן און איך בין באַשטימט
געווען צו לייענען אַ רעפעראַט וועגן יידישן טעאַטער.

זונטיק איז אויך דערשינען אין דער אָרטיקער צייטונג מיינער אַן אַר־
טיקל וועגן יידישן טעאַטער אין פוילן און וועגן דער ראָל פון אידא קאַמינסקאַ.

ס׳איז אונדז אָבער שוין נישט אויסגעקומען דעם טאָג דורכצופירן לויט אַ
פאַראויסבאַשטימטן פּלאַן.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַרברעכערישער איבערפאַל פון היטלערס
חיילות אויף ראַטן־פאַרבאַנד. אַרום צען אין דער פרי זיינען שוין געפאַלן
באָמבעס אין ראַוונע. ס׳זיינען געפאַלן די ערשטע קרבנות אויף וואָליע, אַ
פאַרשטאָט פון ראַוונע.

נאָך מיטאָג האָבן זיך די אַרטיסטן געלאָזט אויף זייער וואַנדערונג אויף
מזרח. דעם טאָג צו דערמאָנען איז מיר אויסגעקומען אין יולי 1944, ווען כ׳האָב
זיך אין מאָסקווע געטראָפן מיט אידען און מיט מעלמאַנען.

אויך מיר אין דער היים האָבן באַטראַכט די לאַגע. די מאַמע האָט באַ־שלאָסן, אַז וואָס עס זאָל נישט פּאַרקומען וועט זי זיך פון אָרט נישט רירן. אירע אַרגומענטן זיינען געווען, אין יענער מינוט, וואָגיקע: איר עלטער, שווערקייטן ביי שלעפּן זיך מיט צוויי קליינע קינדער, דאָס פעלן פון געלט אויף צו דינגען פערד און וואָגן פאַר אַ ווייטער רייזע אד״גל.

בנוגע מיר האָט מען באַשלאָסן, אַז איך זאָל זיך עוואַקואירן. מיין אַנוועזנ־הייט קאָן נאָר שאַדן ברענגען דער משפּחה.

ווען כ׳האָב זיך מיט עטלעכע טעג שפּעטער געזעגנט און געזאָגט, אַז אין אַ חודש־צוויי קום איך צוריק האָט די מאַמע געלאָזט פאַלן ווערטער, וואָס האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין מוח אויפן גאַנצן לעבן:

— זון מיינער, אַ מלחמה איז נישט קיין שפּילעכל. מיר געזעגענען און צע־שיידן זיך איצט און הלוואי מיר זאָלן זיך זען אין אַ צוויי־דריי יאָר אַרום.

געענוי צו די דריי יאָר האָב איך זיך אומגעקערט.

די מאַמע האָט שוין נישט געלעבט. זי איז געשטאָרבן אין האָשטש אין ווינטער 1941. געהאַט מזל, וואָס מ׳האָט זי נישט געמאַטערט ווי מיליאָנען אַנדערע מענטשן.

איך שטעל זיך פאָר, ווי שווער ס׳איז איר געווען אין די לעצטע מינוטן: ראָזא איז געבליבן איינע אַליין מיט צוויי קליינע קינדער. וועגן מיר, האָב איך זיך שפּעטער דערוווסט, זיינען אין יענער צייט אַרומגעגאַנגען קלאַנגען אַז כ׳בין דערהרגעט געוואָרן ביי קאָרעץ נאָך אין די ערשטע מלחמה־טעג.

און איך האָב די גאַנצע צייט, אויף די ווייטע וועגן פון גרויסן ראַטנלאַנד אַרומגעטראָגן אין האַרצן אַ טיף־איינגעקריצטע געשטאַלט פון אַ פרוי, וואָס דער יידישער גורל האָט זי געצוווּנגען איר גאַנץ לעבן זיך צו פאַרנעמען מיט זאָכן, וואָס האָבן איר קיין באַפרידיקונג נישט געגעבן און ווען ס׳איז גע־קומען אַ צייט, ווו ס׳איז מעגלעך געווען פאַר יעדן איינעם צו אַנטוויקלען זיינע פעאיקייטן און צו פאַרנעמען זיך מיט ענינים, וואָס אינטערעסירן אים, איז זי שוין געווען אַלט און מיד. און טאָמער וואָלט זי נאָך געקאָנט לעבן רואיק אין קרייז פון אַ משפּחה, וואָס האָט זי ליב געהאַט און פאַרערט איז געקומען דער ווילדער פאַשיזם און א תל געמאַכט פון גליקלעכע לעבנס.

# 8. דאנקאַ

אַ הערלעכער און טראַגישער קאַפּיטל פון מיין לעבן.

אַ קינד וואָס מיר האָבן באַגערט פון גאַנצן הארצן, געוואָלט מיט אַלע פי־בערן פון דער נשמה. מיר האָבן דאָס קינד געזען אין אונדזערע חלומות און געצערטלט עס אויף דער וואָר אין געדאַנק נאָך איידער ס׳איז געבוירן געוואָרן. מיר האָבן זיך נישט פאָרגעשטעלט ווי דאָס קינד וועט אויסזען. מיר האָבן אָבער קלאָר געוווסט, וויאַזוי מיר וועלן דאָס קינד דערציען, וויאַזוי זיך אָפּגעבן צו אים און וויאזוי רעגולירן אונדזערע קעגנזייטיקע באַציאונגען.

אַלץ האָבן מיר אַרומגערעדט, אַלץ דורכגעטראַכט בעת די האַרבסט־ און ווינטער־חדשים 1935, ווען כ׳בין געווען אין ביאַליסטאָק דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע. דער געדאַנק וועגן קינד איז געווען דער צענטראַלער אין אונדזער דעמלטיקן לעבן.

מיר האָבן געטראַכט וועגן אַ נאָמען פאַרן קינד. נישט געווען דוכט מיר קיין העלד אין דער ליטעראַטור, וואָס מיר זאָלן נישט געווען טראַכטן, צי איז זיין נאָמען צוגעפּאַסט צו אונדזער אידעאַל.

אויפן געדאַנק איז אונדז נישט געקומען צו געבן אַ נאָמען, ווי עס פירט זיך, נאָך מיין טאַטן, ברודער אָדער אַנדערע קרובים.

ראָזאַ האָט באַקומען אַ פאַך־צוגרייטונג צו פאַרנעמען זיך מיט קינדער, אַ טעאָרעטישע און אַ פּראַקטישע. אין ביאַליסטאָק האָט זי נאָך פּראַקטיצירט אין שטאָטישן געווינערין־הויז.

איך האָב מיך נאָך מער פאַרטיפט אין דערציאונג־פּראָבלעמען. ס׳האָט מיך ספּעציעל פאַראינטערעסירט אַן אַרטיקל וועגן צווייִשפּראַכיקייט ביי קינ־דער. ס׳איז געווען אַ באַריכט פון אַ בוך, אין וועלכן ס׳ווערט געשילדערט אַ פאַרפאָלק, וואָס האָבן כסדר גערעדט מיטן קינד אין צוויי שפּראַכן, יעדער פון זיי אין אַן אַנדער און דאָס קינד איז אויסגעוואַקסן, פאַרענדיקט אַ מיטלשול און געקענט גלייך גוט צוויי שפּראַכן.

אין יענער תקופה האָבן מיר געלייענט טאָגביכער פון עלטערן וועגן זייערע קינדער. דעמלט איז טאַקע אַנטשטאַנען ביי אונדז דער געדאַנק פון אויספּרווון אונדזערע כוחות אויך אויף דעם געביט.

מיר האָבן אָנגעהויבן אַ צוויי חדשים פאַר דער געבורט פון דער טאָכטער. געווען איז עס אין א ווינטער־נאַכט. אַ סקריפּעדיקער פראָסט האָט שוין אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. דערצו איז נאָך צוגעקומען אַ מוראדיקער שניי־שטורעם.

כ׳ליג שוין און האַלט ביי איינשלאָפן.

פּלוצלונג ברעכט ראָזע אויס אין אַ געוויין. כ׳האָב אויפגעציטערט נישט וויסנדיק די סיבה. מיט אַ דערשטיקטער שטימע זאָגט זי מיר אַז שוין צוויי טעג ווי זי פילט נישט דאָס קינד און זי האָט מורא פאַר אַ טויטער געבורט.

מיר האָבן זיך האַסטיק אָנגעטון און ארויס אין די פינצטערע נאַכט. מיר זיינען געלאָפן. דער ווינט האָט געשמיסן, דער שניי איז געווען ביז איבער די קני און מיר האָבן נישט געקוקט אויף גאָרנישט נאָר זיך באַוועגט, ווי ס׳וואָלט אונדז דערוואַרט ערגעץ ווייט אַ פריידיקע בשורה.

אָפּגעלאָפן אַ שעה אָדער מער האָט זיך ראָזע אין מיטן גאַס אָפּגעשטעלט און אַרויסגעלאָזט אַ פריידיקן געשריי : עס רירט זיך.

אַזוי ווי די זון וואָלט מיט אַמאָל דורכגעדרונגען מיט אירע שטראַלן די שוואַרצע כמאַרעס, אַזוי איז אונדז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אַ שטיין איז אַראָפּ פון האַרצן און די פליגל פון פרייד האָבן אונדז אומבאַמערקט אַריבערגע־טראָגן אין שטוב אַריין.

די דאָזיקע איבערלעבונג האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן פון אונדזער טאָג־בוך. ווייטער זיינען שוין געקומען מאָמענטן פון לעבן, אָבסערוואַציעס, אויפנאַמעס.

דעם 30־טן יאַנואַר 1936 איז געקומען אויף דער וועלט אונדזער מיידעלע. צומאָרגנס איז געקומען צו פאָרן די מאַמע און מיר האָבן דעם קינד אַ נאָמען געגעבן דאנקא, אויפן נאָמען פון גאָרקיס אַ העלד „דאַנקאָ", וואָס האָט אַרויס־געריסן זיין האַרץ פון דער ברוסט און עס געטראָגן ווי אַ פאַקל פאַרן פאָלק באַלייכטנדיק אים דעם וועג אין דער פינצטערניש.

דעם טאָגבוך האָבן מיר געפירט סיסטעמאַטיש. וואָס האָבן מיר דאָרט נאָ־טירט ? דאַנקאָ האָט אַרויסגעבראַכט פון אירע ליפן דעם ערשטן קלאַנג, האָט נאָכגעפאָלגט מיט אַ בליק די באַוועגונגען פון אַ פינגער, האָט שוין פאַרשטאַנען צו אונטערשיידן קאָלירן, האָט געמאַכט דעם ערשטן זעלבשטענדיקן שריט, איז געווען קראַנק. אין טאָגבוך זיינען געווען אַריינגעקלעבט אירע ערשטע צייכע־נונגען, פאַרשריבן אָבסערוואַציעס איבער איר זכרון. מענטשן, וואָס זי האָט קיין מאָל נישט געזען נאָר פון אונדז געהערט זייער נאָמען האָט זי על פי זכרון געקענט אָנרופן ביים נאָמען לויט זייערע בילדער.

נישט גאַנצע פיר יאָר איז זי אַלט געווען, ווען מיר האָבן ענדלעך אָנגעהויבן צו לעבן נאָרמאַל, אַלע צוזאַמען.

זי האָט קיין סכסוכים צווישן אונדז נישט געמערקט און בנוגע איר דער־ציאונג האָבן מיר געהאַט אַן איינהייטלעכע ליניע.

מיר האָבן מיט איר גערעדט מיט אַ נאָרמאַלער איינפאַכער שפּראַך. מענטשן פלעגן זיך טיילמאָל וווּנדערן, ווי רייך ס׳איז דעם קינדס אוצר פון ווערטער.

יעדע פראַגע אירע האָבן מיר פאַרענטפערט און אויב מיר האָבן נישט באַלד געקאָנט ענטפערן האָבן מיר איר צוגעזאָגט נאָכצוקוקן אין אַ בוך. מיר האָבן שטענדיק געהאַלטן וואָרט.

אַזוי האָט זיך ביי איר אַנטוויקלט אַ באַציאונג פון דרך־ארץ פאַר ביכער.

דאַנקאָ האָט געהאַט אירע אייגענע קינדער־ביכער. ס׳האָט זי אָבער אַמאָל אָנגעכאַפּט אַ חשק צו „לייענען" אונדזערע ביכער, בפרט אילוסטרירטע. אַן

אַנדערש מאָל ווידער האָט זי גענומען לידער, וואָס די באָבע פלעגט איר לייענען און מיט די פינגער טייטלען אויף יעדעס וואָרט באַזונדער, וואָס זי האָט גע־קענט אויסנווייניק.

נישט געווען אָבער קיין פאַל זי זאָל נישט בעטן קיין דערלויבעניש, צוריק־לייגן שפּעטער אויפן אָרט און מעלדן, אַז זי האָט צוריקגעלייגט.

אין יאָר 1941 האָט זי זיך פאַראינטערעסירט מיט חיות און פייגל. האָב איך דעמלט גענומען אַ פּאָסיקן אַטלאַס ביי אונדזער פריינד דעם לערער קראַ־שינסקי און איר געוויזן. נאָך אַ געוויסער צייט האָט זי געקאָנט הונדערטער בעלי־חי באַצייכענען מיט אַ נאָמען.

אַ מאָל האָבן מיר איר געבראַכט אַ רוסישן אילוסטרירטן אלף־בית. געווען דאָרט זייער שיינע בילדער. מיר זיינען נישט אויסן געווען זי צו לערנען לייענען, אָבער אַדאַנק איר נייגיריקייט האָט זי פון אונדז אַרויסגעשלעפּט דעם סוד פון די אותיות און יעדן אות אַ נאָמען געגעבן מיט דער זאַך, וואָס איז געווען דאָרט אָנגעצייכנט.

מאַכט זיך אַ מאָל, אַז מיר שפּאַצירן אין גאַס און ס׳פאָרן פאַרביי עטלעכע לאַסט־אויטאָס. דאַנקאַ קוקט זיך איין און פרעגט מיך:

— פּאַפּאַ, פאַר וואָס איז אויף די אויטאָס אָנגעשריבן „פּאַנטאַן, שטשאַטקאַ״?

אין ערשטן מאָמענט האָב איך נישט פאַרשטאַנען, ערשט שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט, אַז די אויטאָס פון אונדזער געגנט זיינען געווען באַצייכנט מיט די רוסישע אותיות, וואָס לייענען זיך „פּ״, „שטש״. אַזוי האָט זיך דאַנקאַ צו פינף יאָר אויסגעלערנט צו לייענען רוסיש, אין וואָס ס׳האָבן איר נאָך צוגע־האָלפן פּושקינס מעשהלעך, וואָס די באָבע פלעגט איר לייענען.

באַהערשנדיק די טעכניק פון לייענען רוסיש איז איר שוין לייכט אָנגעקומען צו לייענען אויך יידיש.

מיר האָבן זי נישט געלערנט, נישט געוואָלט לערנען, אָבער מיר האָבן נישט געקאָנט לאָזן אירע פראַגעס אָן אַן ענטפער. און אַלע פראַגעס האָבן געהאַט אַן אינטעלעקטועלן כאַראַקטער.

דאַנקאַ איז געווען דיסציפּלינירט. קיין קאָנפליקטן צווישן אונדז זיינען נישט פאָרגעקומען. מיר האָבן איר נאָכגעגעבן אין אַלץ, וואָס זי האָט געוואָלט, אויב מיר האָבן עס נישט געהאַלטן פאַר שעדלעך; אויב יאָ — פלעגן מיר איר געלאָסן אַלץ אויפקלערן און זי האָט רעזיגנירט. זי האָט געהאַט אַ צייט פאַר עסן און שלאָפן.

צו איר פינפטן געבוירן־טאָג זיינען געווען ביי אונדז אַ סך באַקאַנטע. דאַנקאַ איז געווען גוט אויפגעלייגט און האָט זיך זייער געפרייט. אין מיטן דערין איז צו איר צוגעגאַנגען ראָזע און שטיל, אויפן אויער, איר געזאָגט, אַז ס׳איז שוין אַכט דער זייגער. דאַנקאַ האָט זיך באַלד אויפגעשטעלט, געזאָגט אַלעמען אַ „גוטע נאַכט״ און אַריין צו זיך אין צימער. אין בעט ליגנדיק האָט זי געבעטן די באָבע זאָל צו איר צוגיין און מיט איר „איבערקייען״ די איינדרוקן פון טאָג.

נאָך יעקבס געבורט האָב איך זיך מער אָפּגעגעבן צו דאַנקען, ווייל ראָזע איז געווען פאַרנומען מיטן יינגעלע. דאַנקאַ איז אפילו געווען אייפערזיכטיק,

אַבער צוזעענדיק אונדזער באַציאונג צו אים  האָט זי בהדרגהדיק גענומען אונדז נאָכטון און זיך פּאַמעלעך־פּאַמעלעך צו אים צוגעוווינט, געלאַכט פון זיין אומבאַהאָלפנקייט, ווי איינער רעדט „זעט סאַראַ גרויסע איך בין״ און באַקומען צו אים אַ געפיל פון אַן עלטערער שוועסטער, וואָס איר חוב איז אים צו באַשיצן.

דאַנקאַ האָט באַזוכט אַ רוסישן קינדער־גאָרטן. טאָג־איין און טאָג־אויס האָט זי געהאַט די געוווינהייט, אָפּצוגעבן אַ באַריכט. מיר האָבן גענוי גע־וווּסט, וואָס זי האָט געגעסן אין דער פרי, וואָס אויף מיטאָג און וואָס זייגער פיר, וווהין זיי האָבן שפּאַצירט, וועלכע שפּילצייג זי האָט געהאַט. זי פלעגט איבערחזרן אין שטוב דעם רעפּערטואַר פון לידער, טענץ און מעשׂיות, וואָס זי האָט דעם טאָג ביי געוווּנט. זי האָט נישט געקאָנט פאַרליידן  קיין שמוץ און אומאָרדענונג. יעדער שפּילצייג האָט ביי איר געהאַט אַן אָרט. זי האָט אויך נישט געוווּסט פון שרעק : מען האָט זי קיינמאָל נישט געשראָקן. שלאָפן אין אַ פינצטערן צימער איז געווען נאַטירלעך.

מחמת נייגיר פלעגן מיר אַמאָל פאַרגלייכן אונדזערע רשימות מיט אויס־פאָרש־רעזולטאַטן, וואָס זיינען אָנגעגעבן אין ביכער פון פּעדאַגאָגישער פּסי־כאָלאָגיע. אין אַלע פאַלן איז דאַנקאַס ניוואָ געווען העכער ווי אַ דורכשניטלעכער.

די פיזישע אַנטוויקלונג איז נישט אָפּגעשטאַנען פון דער אינטעלעקטוע־לער. געווען אַ געזונט קינד מיט בלאָנדע האָר און בלויע אייגעלעך.

ווען כ׳האָב דעם 26־טן יוני פאַרלאָזט מיין משפּחה איז מיר דאַנקאַ נאָכ־געלאָפן מיט אַ געוויין. צום ערשטן מאָל האָב איך זי געזען וויינען צוליב אַ נישט קינדערשער סיבה. דער־אַ מאָמענט שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן.

און ביז היינטיקן טאָג קאָרטשעט זיך ביי מיר איין דאָס האַרץ ווען כ׳זע קינדער...

איין פראַגע עקבערט מיר כסדר דעם מוח : פאַר וואָס האָב איך נישט מיטגענומען מיט זיך לכל הפּחות דאַנקען ? די מאַמע און ראָזאַ מיטן פיר־חדשימדיקן קינד האָבן נישט געקאָנט גיין און פאָרן — איז נישט געווען מיט וואָס. אָבער דאַנקאַ ?

ביז היינטיקן טאָג פייער איך איר געבוירן־טאָג און כ׳האָב צומאָל דאָס געפיל, וואָס שמעון פרוג האָט אויסגעדריקט אין דער באַלאַדע : „דעם שמש׳ס טאָכטער״, אַז איך לעב מיין טאָכטערס יאָרן.

# 9. ערב מלחמה

סימנים, אַז די מלחמה מיט דייטשלאַנד דערנעענטערט זיך, זיינען געווען אַ סך. די דייטשע פּראָוואָקאַציעס האָבן זיך געלאָזט מערקן אויף פיל אופנים. מיט אַ פּאָר חדשים נאָך פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָט מען אין פאַרשיידענע ערטער געזען דייטשע אויסשפּיר־עראָפּלאַנען. אַזויווי די פּרעסע האָט וועגן דעם נישט געשריבן האָט מען וועגן דעם געדערדט נאָר דאָרט, ווו ס'האָט עפּעס פּאַסירט.

אין ראַוונע למשל איז אומגעפער אין חודש מערץ אָדער אַפּריל אַראָפּגעפאַלן אַ דייטשער עראָפּלאַן און געליטן אַן אַוואַריע. דער פּילאָט איז אַרויס פון דער קאַבינע און איידער נאָך ס'זיינען זיך צונויפגעלאָפן מענטשן האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ צופעליק פאַרבייפאָרנדיקן וואָגן און מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט אויפגעפאָדערט דעם בעל־עגלה ער זאָל אים אַוועקפירן אין דער ריכטונג פון נישט ווייטן וואַלד.

צי איז דאָס טאַקע געווען אַזוי געווען זוייס איך נישט, אָבער אַ פאַקט איז, אַז מען האָט דעמזעלבן טאָג געבראַכט דעם פּילאָט צו דער אויספאָרשמאַכט און די קינדער פון דער שול, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון אַוואַריע־פּלאַץ, האָבן געבראַכט טיילן פון עראָפּלאַן אין שול אַריין.

סוף אַפּריל בין איך געווען אין לוואָוו, באַזוכט קרובים, באַקאַנטע.

לוואָוו איז געווען די זעלבע שיינע און לעבעדיקע שטאָט ווי פריער. די געשעפטן זיינען געווען אָפן, ביוראָס האָבן געאַרבעט, טעאַטערס האָבן געשפּילט און קינדער זיינען געגאַנגען אין די שולן.

ס'איז אָבער דאָך געווען נישט דאָס. אַן אינהאַלט אַ נייער, אַ גייסט אַ פרייער, אַ פּולס אַ שטאַרקערער. עס זיינען געקומען צום וואָרט נישט די מענטשן, וואָס האָבן געהאַט געלט, נאָר די וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע פעאיקייטן.

קאָאָפּעראַטיווע וואַרשטאַטן, מלוכהשע געשעפטן, נאַציאָנאַליזירטע פאַבריקן האָבן געשאַפן פאַרן פאָלק. די טעאַטער־ און קאָנצערטן־פּובליקע האָט זיך געביטן. אויב פריער איז דער גרעסטער טייל באַזוכער באַשטאַנען פון סנאָבן, גבירים און באַזוכער אויף יוצא צו זיין — האָסטו דאָרט איצט געטראָפן אַ סך יוגנט, אַרבעטער און דאָרפסלייט, וואָס זיינען אָרגאַניזירטערהייט געקומען געניסן פון די מענטשלעכע קולטורווערטן.

די פֿאַרלאַגן האָבן געאַרבעט מיט פולער קראַפט. לערנביכער פאַר דער יוגנט זיינען דערשינען אין נישט־געזעענע ביז איצט טיראַזשן און צו ביליקע פרייזן.

מיין אייגנטלעכער ציל פון באַזוך אין לוואָוו איז טאַקע געווען צו באַזאָרגן די פוילישע שולן מיט לערנביכער, וואָס זיינען דאָ געגרייט געוואָרן.

אין פאַרלאַג אויף טשאַרניעצקי־גאַס 12 האָב איך זיך געטראָפן מיט אַלטע באַקאַנטע, וואָס האָבן קיינמאָל אין פוילן נישט געקאָנט אַרויסווייזן זייערע פעאיקייטן, ווייל מען האָט זיי נישט צוגעלאָזט.

געווען איז דאָרט דער איצטיקער אויסערן־מיניסטער פון פוילן סקזשעשעווסקי, וועלכן מ׳האָט געהאַט אָפּגעזאָגט פון לערער־פּאָסטן, אַ מענטש, וואָס האָט נאָך אַלץ סטודענט זיך אויסגעצייכנט אין פילאָזאָפיע און געווען אַן אַסיסטענט אויפן קראָקעווער אוניווערסיטעט, אָבער צו קיין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט נישט צוגעלאָזט געוואָרן.

כ׳האָב זיך באַגעגנט מיט פּאַוועל האָפמאַן, איצטיקן שעף־רעדאַקטאָר פון דער פוילישער האַלב־אָפיציעלער צייטונג „זשעטשפּאָספּאָליטאַ״ און אָנגעזעענעם ליטעראַטור־טעאָרעטיקער, וואָס האָט רעדאַקטירט די ליטעראַטור־כרעסטאָמאַטיעס פאַר די העכערע קלאַסן פון די פוילישן מיטלשולן. מיט אים האָב איך זיך געהאַט געטראָפן, נאָך אַן איבעררייס פון צוועלף יאָר אין ראָוונע אין סעפּטעמבער 1939. ער איז געקומען מיט אַ גרופּע פוילישע קאָמוניסטן, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך געפונען וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ, יעקב בערמאַן, יוסף צאַלמאַן.

וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ איז באַלד אָפּגעפאָרן קיין לוואָוו, בערמאַן, מיט וועמען כ׳האָב זיך ערשט אין יענער צייט באַקענט, האָט אָרגאַניזירט די פּראָפּעסיאָנעלע פאַראייניגן און איז שפּעטער אָוועק קיין ביאַליסטאָק. האָפמאַן האָט באַשלאָסן אַ געווויסע צייט צו בלייבן אין ראָוונע און דעמלט האָב איך אים פאַרגעלייגט אַ שטעלע פון לערער פאַר געשיכטע און פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין דער אַמאָליקער פוילישער האַנדלשול פון „מאַטשעזש שקאָלנאַ״, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טעכניקום פאַר האַנדל־וויסנשאַפטן. דעם פּאָסטן האָט ער אָנגענומען און געאַרבעט ביז מ׳האָט אים אַרויסגעפאָדערט קיין לוואָוו.

נאָך אַ לענגערן שמועס מיט האָפמאַנען וועגן די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין פאַרשיידענע סעקטאָרן פון פּאָליטישן, געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן, האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיט דער לאַגע פון געוועזענע סוחרים, בעלי־מלאכות, אָנגעשטעלטע, מיט דער לאַגע פון אַלע די, וואָס האָבן געבילדעט דעם מיטעלן קלאַס.

איך בין אַוועק אין מאַנופאַקטור־געשעפט פון ד״ר ערליך, מיינס אַ יוגנט־פריינד, ביי וועמען מיין ברודער איז געווען אָנגעשטעלט אַ סך יאָרן. דאָס געשעפט אויף יאַגעלאָנער־גאַס האָט ווייטער עקסיסטירט ווי אַ קאָאָפּעראַטיוו. אַלע אָנגעשטעלטע זיינען געווען אויפן אָרט. ס׳זיינען אָבער געווען נאָך אַנדערע, בעלי־מלאכות. מען האָט דאָ געעפנט אַ װאַרשטאַט און אויסגעאַרבעט פון די סחורות מלבושים לויט באַשטעלונגען, וואָס זיינען אָנגעקומען פון כל־ערליי אינסטיטוציעס. מיין ברודער איז געווען דער לייטער פון פּלאַן־אָפּטייל, זיין אויפגאַבע איז געווען צו קאָאָרדינירן די ארבעט, דעם אָפּזאַץ פון סחורות, דעם

איינקויף פון שטאָפן, די צאָל אַרבעטער און זייערע לוינען. עס האָט זיך אים מאַטעריעל גוט געלעבט. ער איז אָבער געווען שטאַרק פאַרנומען, ווייל דאָס געביט פון אַרבעט איז פאַר אים געווען ניי, דאָסגלייכן די מעטאָדן.

ערליך אַליין האָט דאָס געשעפט פאַרלאָזט און געוואָרן אַ לייטער פון אַן אַנדערן קאָאָפּעראַטיוו. צו דעם שריט האָט אים קיינער נישט געצוווּנגען. פאַר־קערט. זיין מענטשלעכע באַציאונג צו זיינע אָנגעשטעלטע נאָך פאַרן יאָר 1939 האָבן אים פאַרשאַפן סימפּאַטיע און זיי האָבן אים געבעטן צו פאַרבלייבן. ער האָט געהאַט זיינע אויסרעכענונגען און האָט רעזיגנירט פון געשעפט, לעבנדיק ווייטער, ביזן אויסברוך פון דער מלחמה מיט דייטשלאַנד, אין אַ ווילע אויף אַפּיצערסקאַ־גאַס 14. אומגעקומען איז ער ביי די דייטשן.

בעלי־מלאכות האָבן ווייטער געאַרבעט אָן שטערונגען. ווער עס האָט גע־וואָלט איז אַריין אין אַ קאָאָפּעראַטיוו, ווו די אַרבעט־באַדינגונגען זיינען גע־ווען לייכטערע. ס׳איז זיי אַראָפּ אַן עול פון טראַכטן וועגן סחורה, האָבן צו טון מיט די שטייער־עקזעקוטאָרן, וועקסלען און אַנדערע קאָפּ־פאַרדרייעניש, וואָס יעדער איינער פלעגט האָבן ביים פּויליש־פּריצישן רעזשים; אָפּגעאַרבעט זיין צייט איז ער געווען פריי. האָט ער געוואָלט האָט ער נאָך צוגעאַרבעט איבער־שעהן און מער פאַרדינט. זייער אַ גרויסע צאָל האָט אָבער, צי אויס געוווינהייט צי מחמת נישט קענען זיך צופּאַסן צו נייע באַדינגונגען, געפירט אייגענע וואַרשטאַטן און אַ סברא אַז פאַרדינט נישט ערגער ווי פאַר די פּוילישע צייטן. דאָס זיינען געווען שניידערס, שוסטערס, פריזערן, סטאָליאַרעס, גאַלאַנטעריסטן פון לעדער, שטאָפן, האָלץ אאַ״וו.

קראָמען פון שפּייז, מלבושים, שפּילצייג זיינען געווען אויך פּריוואַטע און קיינער האָט נישט געשטערט צו האַנדלען.

די פראַגע וואָלט זיך געשטעלט שפּעטער, וויאַזוי אויסצוהאַלטן די קאָנ־קורענץ מיטן מלוכהשן האַנדל, פּונקט ווי עס איז שטענדיק געשטאַנען די פראַגע פון קאָנקורענץ מיטן שטאַרקערן און רייכערן אונטערנעמער.

פאַראַן אָבער אַן אונטערשייד און דאָס אַ וועזנטלעכער: דער קאַפּיטאַ־ליסטישער קאָנקורענט שלינגט איין דעם שוואַכערן און לאָזט אים גיין מיט טאָרבעס, בעת דער סאָציאַליסטישער רעזשים איז פאַראינטערעסירט צו גע־ווינען דעם פאַכמאַן און אים לאָזן ווייטער אָנפירן מיט די מלוכהשע געשעפטן צאָלנדיק אים אַ פאַסיקן לוין, וואָס זאָל אים דערמעגלעכן ווייטער צו לעבן פון זיין פאַך.

ס׳איז למשל געווען אין ראָוונע אַן אייגנטימער פון אַ ביר־זאַוואָד לעווו פּיסיוק. ווען דער זאַוואָד איז נאַציאָנאַליזירט געוואָרן איז פּיסיוק געבליבן אַרבעטן ווי אַ געהילפס־דירעקטאָר, ווייל ער איז געווען אַ פאַכמאַן. און ווי־דער דאָסזעלבע: אויס אומבאַגרינדעטער מורא האָט ער פאַרלאָזט ראָוונע און אַריבערגעפאָרן קיין לוואָוו. דאָרט איז ער געוואָרן אַן אָנגעשטעלטער אין אַ סאָוויעטישער אינסטיטוציע. בעת כ׳האָב זיך מיט אים געטראָפן האָט ער מיר דערציילט וועגן זיין געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט אויפן אַרבעטפּלאַץ. זיינע קינדער האָבן זיך געלערנט אין די הויכשולן פּונקט ווי הונדערטער אַנדערע קינדער, פאַר וועלכע ס׳האָבן זיך געעפנט ברייט די טויערן פון די אוניווער־

סיטעטן, וואָס זיינען ביז איצט געווען געשלאָסן פֿאַר אַבסאָלווענטן פֿון פּריוואַטע שולן, בפֿרט פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

אַ סך, אַ סך סוחרים, מיינע באַקאַנטע, האָבן גיכער געוואָלט האָבן פּאָסטנס פֿון אָנגעשטעלטע אין מלוכהשע געשעפֿטן איידער זיך דרייען דעם קאָפּ מיט אייגענע.

די פֿראַגע פֿון קריגן אַרבעט איז בכלל נישט געשטאַנען. זי איז אויפֿגעקומען אין ראָוונע למשל באַלד אין סעפּטעמבער 1939. ס'האָט זיך געשאַפֿן אַן „אַרבעט־בירזשע", וואָס האָט רעגיסטרירט אַלע אַרבעט־זוכערס און אַלע אַרבעט־פּלעצער. אַ פּאָר וואָכן האָט זיך געטומלט אויף דער „בירזשע" אין גרויסן זאַל פֿון לערערהויז אויף שקאָלנאַ. גלייכצייטיק האָט זיך אויך אָרגאַניזירט יעדע פּראָפֿעסיאָנעלע סעקציע און די צענטראַלע פֿון די פּראָפֿאַראייניען אונטער דער אָנפֿירונג פֿון קרילאָוון. געניטע מענטשן האָבן דאָ געאַרבעט: יעקב בערמאַן, יוסף צאָלמאַן, טורעניעץ און אַנדערע מענטשן מיט לאַנגיאָריקער דערפֿאַרונג אויף דעם געביט. די צענטראַלע האָט זיך באַזעצט אין דער אַמאָליקער „בירזשע פֿון תבואה" און אין יענער צייט איז דאָס געווען איינע פֿון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס, ווו ס'האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די סאָציאַלע אוןווירטשאַפֿטלעכע פֿאַרוואַנדלונגען פֿון יענער צייט.

בהדרגהדיק איז די צאָל אַרבעט־זוכערס געפֿאַלן, די „בירזשע" האָט זיך ליקווידירט און מען האָט גענומען טראַכטן וועגן קורסן אויסצובילדן נייע פֿאַכלייט. אַזוי גרויס איז געווען דער נאָכפֿרעג אויף אַרבעטסהענט, אויף ספּעציאַליסטן, אויף אָנגעשטעלטע, בוכהאַלטאָרן, באַאַמטע, סטענאָטיפּיסטינס, מאַגאַזינערן אאַ"וו.

אַזויאַרום האָבן געפֿעלט מענטשן. געוויסע מענטשן האָט מען אָבער נישט דערלויבט צו ווירקן אין די הויפּטשטעט. דאָס זיינען געווען גרויסע אונטערנעמערס, וואָס פֿלעגן עקספּלואַטירן אַנדערע, וואָס האָבן זיך שלעכט באַצויגן צו זייערע אַרבעטער, וואָס זיינען אויפֿגעטראָטן קעגן ראַטן־פֿאַרבאַנד אין פֿאַרשיידענע צייטן, אָדער פֿאַרנומען פֿאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, געזעלשאַפֿטלעכע פּאָזיציעס, געהאַט אויסצייכענונגען פֿאַר פֿאַרדינסטן לטובת דער פֿאַשיסטישער מאַכט.

אַ טייל פֿון די עלעמענטן האָט מען דערלויבט צו ווירקן אין קלענערע שטעט פֿון דער זעלבער געגנט נישט דיסקרימינירנדיק זיי ביי באַקומען אַרבעט, לוין אָדער ביים בילדן פֿון זייערע קינדער.

אַנדערע האָט מען עוואַקואירט אין די סאָוויעטישע געגנטן, וואָס זיינען ווייט פֿון גרענעצן פֿון קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

ווער זיינען געווען די פֿאַרשיקטע ?

געווען איז עס אין סעפּטעמבער 1939. אין אַ געוויסן טאָג קומט צו מיר מיין פֿריינט ווערבערג און זאָגט, אַז מיר דאַרפֿן גיין צום מיליטערישן קאָמענדאַנט זיך באַמיען, מען זאָל באַפֿרייען פֿון אַרעסט אונדזערס אַ חבר, דעם גימנאַסטיק־לערער דליגאַטש. די סיבה פֿון זיין פֿאַרהאַפֿטונג איז געווען דער פֿאַקט, וואָס אין יאָר 1920 איז ער געווען אַן אָפֿיציר אין דער פּוילישער אַרמיי,

וואָס האָט געקעמפט קעגן ראַטן־פּאַרבאַנד. הגם ער האָט זיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן מיט קיין פּאָליטיק בכלל נישט פאַרנומען און אין דער ארמיי איז ער געווען מאָביליזירט, האָט אָבער די סאָוויעטישע מאַכט געהאַט איר קוקווינקל. פון שמועס מיטן פּאָלקאָווניק, וואָס האָט אונדז זייער פריינטלעך אויפגענומען, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז אַ ייד, וואָס האָט אין אַ רעזשים פון יידן־רדיפות געקאָנט דערגיין צו אַ מדרגה פון אַן אָפיציר, איז ביי אים פאַרדעכטיקט און אין ראַיאָן, וו ס׳איז פאַראַן אַ מיליטערישע קאָמענדאַנטור און נישט ווייט פון דער גרענעץ קאָן מען אַזעלכע מענטשן נישט דערלויבן זיך פריי צו באַוועגן.

מען האָט דליגאטשן אַוועקגעשיקט און אויך דערלויבט זיין פרוי מיט די קינדער מיטצופאָרן.

איך בין זייער צופרידן, וואָס אונדזער „שתדלנות״ האָט זיך נישט איינגעגעבן, ווייל אדאנק דעם האָט ער געהאט א מעגלעכקייט זיך צו רעהאַביליטירן און צוריקקומען קיין פוילן אין יאָר 1945 ווי אַן אָפיציר פון דער באַפרייערישער פּאָלקסאַרמיי און איז נישט אומגעקומען פון די פאַרברעכערישע דייטשע הענט ווי זיין „שתדלן״ ווערבערג, וואָס האָט אפילו ביי די דייטשן פּראָטעסטירט קעגן פאַרשלעפּן דעם לערער בוסליק און איז טאַקע אויפן אָרט אויך צוגענומען געוואָרן.

עס איז אַרעסטירט געוואָרן וויוּוטשארוק, דער ערשטער פאָרזיצער פון לערער־פאַראיין און דער וואָס איז געגאַנגען מיט מיר פאָדערן ביים קוראטאָר, ער זאָל געבן אָנווייזונגען די אינספּעקטאָרן מיטצואַרבעטן מיט דער סאָוויעטישער מאַכט.

די ערשטע טעג איז ער מיט אַמאָל געוואָרן אַ הייסער סאָוויעטן־פריינד, געהאַלטן ראַדיקאלע רעדעס און געמאַכט דעם רושם, ווי ער וואָלט קיין מאָל וועגן עפּעס אַנדערש נישט געטראַכט.

ס׳איז אָבער באַלד געוואָרן באַוווסט, אַז נאָך מיט אַ פּאָר חדשים צוריק איז ער אַרויסגעטראָטן אויף אַ מיטינג מיט אַ פאָרשלאָג פאַרצוזעצן פּעטלוראַס פּאָליטיק ד. ה. מאַכן אַ בונד צווישן פוילן און אוקראַינע קעגן ראַטן־פאַרבאַנד.

אין דער זעלבער דעלעגאציע צום קוראטאָר איז געווען נאָך איינער: סאווּוק, וויוּוטשאַרוקס אַ גוטער פריינד. עפנטלעך האָט ער אַרויסגעוויזן אַ קליינע אַקטיוויטעט, ווייזט אָבער אויס, אַז ער איז דאָס געווען דער דעהזאַגער, וואָס האָט אָנגעגעבן דעם פּאָליטישן טאָן צווישן די אוקראַינישע שאָוויניסטישע עלעמענטן. ער איז דאָס געוואָרן בעת דער אָקופּאַציע פון ראָוונע שטאָט־פּרעזידענט, אָבער אַ געוויסע צייט פאַרן אָנהויב פון דער מלחמה איז ער נעלם געוואָרן און די באַקאַנטע זיינע און משפחה האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל ווי ס׳וואָלט אים „פאַרכאַפּט״ די „נ.ק.וו.ד.״. פאַקטיש איז געווען אָרגאַניזירט א נעץ פון דייטשן שפּיאָנאזש, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער דיווערסיע און דאָרט האָט מען אים געהייסן זיך אויסבאַהאַלטן.

ביי אַזאַ לאַגע איז געווען קלאָר, אַז פון די גרענעץ־געביטן, בפרט פון די פריש פאַראייניקטע מיטן ראַטן־פאַרבאַנד, זאָלן באַזייטיקט ווערן מענטשן, וואָס זייער לאָיאַלקייט איז אין אַ ספק.

געווען אַזעלכע וואָס האָבן נישט געוואַרט ביז מען זאָל זיי זאָגן און זייַנען אַליין אַרויסגעפֿאָרן אין אַנדערע שטעט. יעדער פֿון זיי האָט געהאַט זייַן סיבה. אייַנער, אַ דירעקטאָר פֿון אַ יידיש־פּויילישער גימנאַזיע, פֿלעגט זוכן נושא־חן צו זייַן ביי דער פּוילישער סאַנאַציע, ביים סטאַראָסטע און האָט אָנגעטון מענטשן צרות. כּדי צו באַקומען, למשל, אַ שטעלע פֿון אַ דערציִער אויף אַ זומער־קאָלאָניע פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿט „טאָז", ווו ער איז געווען פֿאַר־זיצער האָט מען געמוזט ברענגען אַ לאָיאַליטעט־צייַגעניש פֿון דער פּאָליציי. דאָס האָט מען נישט פֿאַרלאַנגט אפֿילו ביי אָננעמען וויכטיקערע מלוכהשע פּאָס־טענס. דער מענטש האָט געהאַלטן, אַז ס'איז אים בעסער צו זייַן דאָרט, ווו מען קען אים נישט.

אַנדערע זייַנען נעלם געוואָרן פֿון דער שטאָט נאָך אין יאָר 1940, נאָך דעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט „פּאָסטנס". פּאָסטנס פֿלעגן געווויסע מענטשן נעמען אויף צו זייַן „געדעקט", אַז זיי אַרבעטן. דעמלט זייַנען טייל אַוועק קיין ווילנע און פֿון דאָרט ווער קיין ארץ־ישׂראל און ווער קיין אַמעריקע.

אַזאַ „אַליבי־פּאָסטן" האָט ביי מיר געבעטן אייַנער ר.. אַ געוועזענער אָפֿי־ציר אין דער פּוילישער אַרמיי, אַן אַקטיווער און אָנפֿירנדיקער טוער פֿון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי. אַרבעטן? פֿאַרוואָס נישט? כ'האָב אים געזאָגט, אַז ס'איז פֿאַראַן אַ פֿרייַע לערער־שטעלע און ער קאָן זי באַקומען. ער האָט צוגעזאָגט צו קומען צו דער אַרבעט אין אַ באַשטימטן טאָג. צום טערמין איז ער שוין אָבער געווען אין לוואָוו. ביי דער דייַטשער אָקופּאַציע איז ער געווען קאָ־מענדאַנט פֿון דער יידישער פּאָליציי און אָנגעטון די יידן געהאַקטע צרות.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז ער זאָל בלייבן לעבן און הייַנט האָבן אַן אַזיל אין אַמעריקע, ווו קייַנער טשעפּעט אים נישט און קייַנער משפּט אים נישט.

דאָס זייַנען ביישפּילן פֿון מענטשן, וואָס האָבן פֿייַנט געהאַט דעם סאָוויע־טישן רעזשים, הגם לויט זייער סאָציאַלן מצב האָבן זיי נישט געהאַט זיך וואָס צו שרעקן פֿאַר אים. אָבער די אַנטי־סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט זיך געפֿירט אין פּוילן ווי אויף דער גאַנצער וועלט זייט יאָר 1917 ביז 1939 האָט אין גאַנצן דעפֿאָרמירט דעם מוח ביי אַ סך מענטשן און אַרויסגערופֿן אַ פֿעאיקייט צו באַטראַכטן קאָשמאַרן פֿאַר וואָר, פֿאַנטאַסטישע מעשׂיות פֿאַרווירקלעכקייט און די רעאַליטעט — פֿאַר... פּראָפּאַגאַנדע.

דער דאָזיקער קרומער שפּיגל האָט אין אַ גרויסער מאָס דערפֿירט יידן צו זייער קאַטאַסטראָפֿע און געהאָלפֿן היטלערן דורכצופֿירן זייַנע קאַניבאַלישע פּלענער.

פֿון די אָקופּירטע פּוילישע געביטן פֿלעגן אָנקומען ידיעות וועגן די רדיפֿות אויף יידן. מיר האָבן שוין געוווסט וועגן אויסזידלונגען, וועגן געטאָס; באַ־קאַנטע האָבן באַקומען בריוו פֿון זייערע קרובֿים, אין וועלכע זיי האָבן געשריבן, אַז די נויט איז גרויס, אַז מען הונגערט. אַ סך מענטשן האָבן געשיקט שפּייַז־פּעקלעך צו זייערע משפּחות. אַ חבֿר האָט מיר געוויזן אַן אָפֿיציעלן בריוו פֿון דער דייַטשער מאַכט, איבערגעשיקט פֿון זייַן וואַרשעווער וווינונג, אַז זייַנע מעבל זייַנען קאָנפֿיסקירט, ווייל זיי געהערן צו אַ יידן. מען פֿלעגט דערציילן וועגן פֿאַלן פֿון קאַסטרירונג. אמת, קיין קרעמאַטאָריעס האָט די ראַפּינירטע

דייטשע מאַכט נאָך דעמלט נישט געבויט, אָבער אַנדייטונגען אויף יידן־אויסראָטונג זיינען געווען אַ סך. די דייטשן האָבן נישט אויסבאַהאַלטן, אַז היטלערס „מיין קאַמף" איז פאַר זיי אַן עוואַנגעליע און אַ פּראָגראַם.

און דאָך האָבן זיך געפונען אַ סך יידן, וואָס האָבן זיך געוואַנדן צו דער דייטשער מיליטערישער קאָמיסיע פאַר גרענעץ־ענינים, מען זאָל זיי דער־לויבן צוריקצופאָרן קיין פּוילן.

די מאָטיוון, וואָס זיי האָבן אָנגעגעבן, זיינען געווען דער עיקר משפּחהדיקע: דער האָט איבערגעלאָזט אַ מוטער, יענער אַ פרוי מיט קינדער אאַ"וו. געווען אָבער אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין גענוגנדיקע סיבה פאַר ווען פאָרן צום דייטש, אויסער שנאה צום ראַטן־פאַרבאַנד.

איך דערמאָן זיך אין אַ געוויסן האָכגעלערנטער, אַ לערער פון לובלין. אין איינעם אַ טאָג קומט ער צו מיר אַ פאַרזאָרגטער און בעט מיך, כ'זאָל איבעררייד מיטן לייטער פון בילדונג־אָפּטייל, אַז מען זאָל אים געבן אַ באַשטעטיקונג וועגן זיין נוצלעכקייט. ער גיט צו, אַז ער האָט באַקומען אַן אויפפאָדערונג אין משך פון עטלעכע טעג זיך צושטעלן צו אַ טראַנספּאָרט אויף מזרח.

די זאַך איז מיר נישט געווען פאַרשטענדלעך. לערערס האָט מען אַן דעם וויסן פון בילדונג־אָפּטייל נישט געהאַט קיין רעכט אַראָפּצונעמען פון דער אַרבעט. זיין פרוי איז געווען אַ ציין־דאָקטאָרין און אויך געאַרבעט אויף אַ מלוכהשן פּאָסטן. זייער טאָכטער האָט זיך געלערנט אין שול און אין פּיאַנאָ־קלאַס פון קאָנסערוואַטאָריע.

דער ענין איז נישט געווען קלאָר. ס'האָט זיך צום סוף אַרויסגעוויזן, אַז אויך ער האָט זיך פאַרשריבן אויף צו פאָרן קיין לובלין, וווהין ס'האָט אים געצויגן זיין דירה פון פיר צימערן מיט שיינע מעבל. ער האָט געמיינט, אַז דאָרט, אין לובלין, איז אַלץ ווי ס'איז געווען.

ס'איז געווען ערב־מלחמה. די סאָוויעטישע מאַכט האָט אָפּגערייניקט פון די גרענעץ־געביטן נישט זיכערע עלעמענטן. ס'איז שווער געווען מיטן פּראָסטן שכל צו פאַרשטיין, נאָך וואָס עס רייסן זיך יידן צום דייטש אין דער צייט ווען מען רודפט זיי אַזוי. האָבן דאָך די סאָוויעטישע מיליטערישע אָפּטיילן בעת זייער צוריקגאַנג, פון די פּוילישע ראַיאָנען, צום טייך בוג אין סעפּטעמבער 1939 אַליין געראַטעוועט יידן, פאַרלייגנדיק זיי מיטצופאָרן אויף מזרח.

האָכגעלערנטער האָט באַוויזן צו באַקומען דאָס פאַרלאַנגטע פּאַפּירל. די שולד פון פאַרשרייבן זיך האָט ער אַרויפגעוואָרפן אויף דער פרוי. מעגלעך אפילו, אַז ער איז אין יוני 1941 צוריקגעפאָרן קיין לובלין, אין זיין וווינונג. און נישט ווייטער, ווי דריי קילאָמעטער פון לובלין געפינט זיך מיידאַנעק !...

די פאַרבלענדונג ביי אַ טייל איז געווען אַ טראַגישע. מען האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט פון איין זייט, אַז אין ראַטן־פאַרבאַנד קאָן מען נאָרמאַל זיך איינ־אָרדענען און פון דער צווייטער, אַז די פאַשיסטן זיינען פעיק צו מאָרדן. יעדער האָט געגלויבט, אַז מאָרדן וועט מען אַנדערע אָבער ער וועט בלייבן לעבן. אָט די לייכטגלויביקייט האָבן אויסגענוצט די נאַצישע פעלקער־מערדער.

## 10. אויפן דניעפר

נאָך דעם ווי די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אין לוואָוו (אין אָקטאָבער, צי נאָ־וועמבער 1939) האָט באַשלאָסן זיך צו פאַראייניקן מיט מזרח־אוקראַינע, האָבן די אַלטע גרענעצן נישט אויפגעהערט צו עקסיסטירן. פאָרן קיין זשיטאָמיר, צי אפילו קיין נאָוואָגראָד־וואָלינסקי, א מרחק פון אַ פיר צענדליק קילאָמעטער פון קאָרעץ, האָט מען געקאָנט בלויז מיט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש.

געפאָרן זיינען ס'רוב די אָנפירער פון כלערליי אינסטיטוציעס און זיי זיי־נען געווען דער עיקר „וואָסטאָטשניקעס" (פון דער מזרח־זייט).

א סך פון אונדז האָבן געגאַרט צו זיין אין קיעוו, מאָסקווע, אָדער בכלל דאָרט, ווו דער סאָוויעטישער רעזשים איז שוין פון לאַנג געווען באַפעסטיקט. ס'איז אויך פאַרשטענדלעך.

מען האָט אונדז געהאַט געשפּייזט מיט אַזויפיל סתירותדיקע און אומוואָר־שיינלעכע אינפאָרמאַציעס איבער אלץ, וואָס קומט פאָר פון יענער זייט „קאָר־דאָן", אז ס'האָט זיך געגלוסט זען מיט די אייגענע אויגן און זיך איבערצייגן מיט די אייגענע חושים, וואָס עס מיינט פסס"ר.

געווען איז אָבער נאָך אַ סיבה. מיר יונגע בירגער פון אַ לאַנד מיט אַן אַנ־דערער אָרדענונג האָבן געוואָלט דורך אַ דירעקטן קאָנטאַקט זיך איבערצייגן ווי אַזוי מיר דאַרפן וואָס גיכער אַריינוואַקסן אין דער נייער ווירקלעכקייט. מיר האָבן דאָ אויפן אָרט געהאַט אַן איבערגאַנג־עטאַפּ, ווען ס'פלעכטן זיך אַדורך אַלטע געוווינהייטן און מנהגים מיט נייע, נישט גענוג פאַרדייטע, און אַן אינ־דיווידועלן צוגאַנג אָפטמאָל צו פּראָבלעמען פון אַ געזעלשאַפטלעך־מלוכהשן כאַראַקטער.

עס איז געווען לאָגיש, אַז לאַנג דויערן קאָן נישט אַזאַ מצב. ס'איז דעריבער גלייכער צו האָבן אַ פאָרשטעלונג, אין וועלכער ריכטונג סדאַרפן גיין אונדזערע באַמיאונגען. מיר האָבן געהאַט אַן אַנדערע מענטאַליטעט, וואָס האָט געשטערט אויפצונעמען פירונגען, וואָס זיינען פאַר די סאָוויעטישע בירגער געווען נאַטירלעך.

כ'דערמאָן מיך אַ שמועס מיטן אינספּעקטאָר איוואַנענקאָ וועגן שפּאָרזאַמ־קייט. ער האָט מיר געהאַט דערציילט, ביי אַ געלעגנהייט, אַז ער פאַרדינט כך וכך און אַז יעדן חודש בלייבט אים אַ העלפט פון פאַרדינסט. ער און זיין פרוי האָבן געאַרבעט אין אַ דאָרפשול, וווּ ס'האָט גאָרנישט געפעלט : אַן אייגענער גאָרטן, אַ ווירטשאַפט מיט עופות, אַ קו, אַ חזיר או"ו. דערצו נאָך דער לוין אין מזומנים.

— האסט שוין אוודאי אָפּגעשפּאָרט אַ היבש ביסל קאַפּיטאַל ? — גיב איך אַ פרעג.

— קיין גראָשן נישט — ענטפערט איוואַנענקאָ.

— וויאַזוי קאָן דאָס זיין ?

— פּראָסט־פּשוט, איך גיב אויס דאָס גאַנצע געלט.

— אויף וואָס ?

— כ׳האָב געקויפט אַ ראַדיאָ, אַ וועלאָסיפּעד, נייע מעבל, אַ סך ביכער.

— און אַז האסט שוין דאָס אַלץ געהאַט, וואָס האָסטו ווייטער געטון מיטן געלט ?

— רעמאָנטירט דאָס הויז, יעדעס יאָר געפאָרן אין עקסקורסיעס, געווען אין מאָסקווע, אין לענינגראַד, קאַווקאַז, געקויפט, וואָס ס׳האָט זיך מיר פאַרגלוסט.

— נו גוט. און דו טראַכסט נישט, אַז ס׳קאָן קומען אַ שווערע מינוט, אַ קראַנקייט, אומפעאיקייט צו אַרבעט, אָדער מאַלע וואָס עס מאַכט זיך און דו וועסט נישט קאָנען פאַרדינען ?

— כ׳צאָל דאָך שטייערן און מיטגליד־אָפּצאָל אין פראָפאַראיין און בין פאַרזיכערט אין גאָססטראַך (מלוכהשע פאַרזיכערונג). זיי וועלן שוין פאַר מיר זאָרגן. אין פאַל פון קראַנקייט באַקום איך אויך דאָקטוירים און היילונג אָן געלט.

— און קינדער פאַרזאָרגן ?

— וואָס הייסט קינדער פאַרזאָרגן ? איצט האַלט איך זיי אויס. לערנען קאָסט נישט. וועלן זיי האָבן חשק וועט זיי דאָס ווייטערדיקע שטודירן אויף דערמעגלעכט ווערן אומזיסט. זיי וועלן נאָך אפילו באַקומען אַ סטיפּענדיע. און שפּעטער ? שפּעטער דאַרפן זיי מיך שוין נישט, ווייל זיי וועלן זיין זעלבשטענדיק, זיי וועלן אַרבעטן און פאַרדינען.

דער גאַנצער געדאַנקען־גאַנג פון איוואַנענקא איז געווען אַ לאָגישער, אַ נאַטירלעכער, אַ פאַרשטענדלעכער.

פאַר מיר אָבער, וואָס האָב שטענדיק געהאַט דאגות פרנסה און געזען, וואָס עס טוט זיך אַרום, בפרט אין דער יידישער בירגערלעכער סביבה, האָבן די ווערטער געקלונגען ווי מוזיק פון דער ווייטער צוקונפט, ווו מען קאָן נאָך נישט פונאנדערקלייבן די באַזונדערע טענער.

מיך און א סך אַנדערע האָבן אינטערעסירט די פּרטים, די איינצלנע קלאַנגען. מיר האָבן זיך אַנגעשטויסן נישט נאָר אין אַזעלכע „אומפאַרשטענדלעכע" זאכן ווי אָפּשפּאָרונגען. אויף אלע געביטן פון לעבן האָבן זיך אַרויסגעוויזן „אומפאַרשטענדלעכקייטן".

מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, נאָך וואָס מען פירט פּראָפּאַגאַנדע פאַר די וואַלן צו אַ שטאָטראַט צי צום אויבערשטן ראַט און נאָך וואָס ווערט דער טאָג פון די וואַלן פאַרוואַנדלט אין א יום־טוב, דער לאָקאַל, ווו מען גיט אָפּ שטימען — דעקאָרירט אד״גל. לויט אונדזערע באַגריפן איז דאָס אַלץ איבעריק, אַ שאָד געלט, ווייל סיי ווי וועט מען אויסוויילן דעם אַרויסגערוקטן קאַנדידאַט.

מאכט זיך א מעשה, אַז עס קאנדידירט אין אונדזער ראַיאָן א געוויסער ג. ער טרעט אַרויס אויף מיטינגען, ווו יעדער קאַנדידאַט איז מחויב צו דערציילן וועגן זיין אַרבעט און צו ענטפערן אויף פראַגעס, וואָס ווערן אים געשטעלט

דורך די פאַרזאַמלטע, בנוגע זיין פּאָליטישער, געזעלשאַפטלעכער, פּראָפּעסיאָנעלער און אנדערע טעטיקייטן.

האָט זיך געפונען צווישן די אַנוועזנדיקע, אויף איינעם פון די מיטינגען, איינער, וואָס האָט פאַרלאַנגט פון רעדנער אַן אויפקלערונג, פאַרוואָס ער האָט אומקאָלעגיאַל געהאַנדלט לגבי אַ גרופּע חברים. דער ענטפער זיינער האָט נישט באַפרידיקט קיינעם. מען האָט גענומען פאָרשן און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער מאָראַלישער ניווא פון ג. פאַרדינט נישט דעם צוטרוי פון פאָלק. אויף זיין אָרט האָט מען אַרויסגערוקט אַ פּויערישן זון מאַלעצקי, וואָס איז אַרויס אין יאָר 1939 פון תפיסה נאָך אַ סך יאָרן זיצן פאַר קאָמוניזם.

אויסקלייבן א מענטשן הייסט שענקען צוטרוי איינעם, וואָס דאַרף זאָרגן פאַר מיר, פאַר מיין שטאָט, פאַר מיין לאַנד. דאָס הייסט אויך געניסן פון די רעכט צו באַשטימען דעם גורל פון דער געזעלשאַפט אין וועלכער איך לעב. צוליב אַזאַ פייערלעכן אַקט דאַרף אויך געשאַפן ווערן אַ פייערלעכע שטימונג. און כדי יעדער איינער זאָל זיך אָפּגעבן אַ חשבון פון דעם, וואָס ער גייט טון פירט זיך אַ פּראָפּאַגאַנדע און אַ שטוב־אַגיטאַציע, וואָס קלערט אויף די אויפגאַבעס, וואָס שטייען פאַרן לאַנד אין געגעבענעם מאָמענט. עס איז טאַקע דעריבער קיין וואונדער נישט, וואָס יעדער סאָלדאַט פון דער סאָוועטישער ארמיי איז אדאנק זיין באוווסטזיין געווען אַ פּאַקטישער אַגיטאַטאָר. מיר פלעגן דאָס באַוואונדערן אין פאַרשיידענע שמועסן מיט זיי און פאַרגלייכן מיטן בידעריקן ניוואָ פון אַמאָליקן פּוילישן זעלנער.

אויף צו זען דאָס לאַנד פון נייע מענטשן און אַ נייער מענטאַליטעט זיינען געווען אַ סך בעלנים. פון צייט צו צייט האָט זיך אויך געמאַכט אַ געלעגנהייט.

אַט האָבן פאַראיינען באַקומען איינלאַדונגען צו שיקן זייערע חברים צו דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשטעלונג. מיר האָבן געשיקט דריי מענטשן: אַ לערערין פון רוסיש־מארטשוק, דעם דירעקטאָר פון א יידישער שול — פענסטער און נאָך איינעם, וועמענס נאָמען כ׳געדענק נישט. אַנדערע זיינען געפאָרן קיין קיעוו. בדרך־כלל אָבער איז די צאָל פאָרערס געווען אַ קליינע.

זומער 1940 האָבן מיר באַקומען ווי אַלע פאַראיינען, אַ צאָל פרייע פּלעצער אין סאַנאַטאָריעס, קורערטער, אָפּרוהייזער און אויף עקסקורסיעס.

איך האָב באַקומען אַ „פּוטיאָווקע" (באַצאָלטער רייזע־בילעט) אויף א צווייוואָכיקער עקסקורסיע מיטן דניעפּר פון קיעוו קיין כערסאָן און צוריק.

מיט דער באַן בין איך געפאָרן דורך זדאָלבונאָוו קיין שעפּעטאָווקע. אין באַן גופא, צווישן די ביידע סטאַציעס, איז פאָרגעקומען די דאָקומענטן־קאָנטראָל. גרענעץ־סאָלדאַטן אין גרינע היטלעך האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסע העפלעכקייט, און זיך אויך אַריינגעלאָזט אין אַן אויבנאויפיקן שמועס, ווי ס׳פירט זיך אין באַן, מיט צופעליק באַגעגנטע מענטשן.

פון שעפּעטאָווקע האָב איך „גענומען די אויגן אין די הענט אריין" און אָנגעשטרענגט געקוקט אין אַלע זייטן, כדי נישט צו פאַרלירן קיין שום בילד, קיין שום איינדרוק. איך האָב געטראַכט: מער ווי צוואַנציק יאָר זיינען מיר געווען אָפּגעשניטן פון די פעלדער, וואָס ליגן אַזוי נאָענט, כאָטש שטרעק

אויס די האַנט. ברידער, שכנים, פריינד זיינען אין אַ געוויסן טאָג צעשיידט געוואָרן און זיך מער נישט געזען.

אין משך פון די יאָרן האָט זיך געביטן דער אויסזען פון דער לאַנדשאַפט. דער מערבדיקער שטח פון די פעלדער איז צעטיילט אין קעסטלעך, טעפּיכער, צווישן איין פלאַכטע ערד און דער צווייטער — אַ הויפן ערד, אַ טאָל, אַ בערגפּאַס. וויפל טרערן און ליידן האָט די מענטשן געקאָסט אַזאַ גרענעץ! וויפל סכסוכים, געשלעגן האָבן אַרויסגערופן די „מעזשעס"! וויפל אַדוואָקאַטן האָבן געלעבט פון דער פויערישער דחקות.

טרעטסטו אָבער אַריבער די גרענעץ אויף מזרח — קיין סימן פון דעם אַלעמען. די שטחים איז נישט מיטן אויג אַרומצונעמען און זעסטו ערגעץ אַ „מעזשע", איז זי בלויז צום פונאַנדערטיילן פאַרשיידענע סאָרטן תבואה. די ערד פאַראייניקט די מענטשן, געהערט די מענטשן און זיי געניסן פון איר.

וואָלינער ערד, ווי רייך זי איז!

געקומען קיין קיעוו האָב איך דעם באַגאַזש איבערגעלאָזט אין „קאַמערא כראַניעניאַ" (באַגאַזש־סקלאַד) און זיך געלאָזט אין טוריסטן־ביוראָ, אויף וועמענס קעסט כ'האָב זיך געפונען פון דעם דאָזיקן מאָמענט ביזן צוריקקער זיך קיין קיעוו. אין אינפאָרמאַציע־ביוראָ האָט מען מיר אָנגעוויזן צו וועלכן אָנגעשטעלטן כ'דאַרף זיך ווענדן. ווען כ'בין אַריינגעקומען צו אים און גע־זאָגט מיין נאָמען, האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאַק מיט פּאַפּירן און אָנווייזנדיק אויף יעדן באַזונדער געזאָגט:

— דאָס איז דער פּראָספּעקט פון דער עקסקורסיע, דאָס איז דער בילעט אויף דער לוקסוס־שיף „סטאַלינסקאיא קאָנסטיטוציאַ", מיט דעם קאָנסטו גיין אין האָטעל, וווּ עס איז רעזערווירט אַ פּלאַץ, די טאַלאָנען זיינען אויף צו עסן אין רעסטאָראַן פון טוריסטן־היים, ביזן אַרויפשטייגן אויף דער שיף.

לאַנג אַרומצוגיין אין שטאָט האָב איך נישט געהאַט קיין צייט. כ'בין געווען ביי באַקאַנטע, צו וועלכע מיין שוועגערין איז ספּעציעל געקומען צו פאָרן פון ביעלאַיאַ צערקאָוו, כדי זיך מיט מיר צו זען.

די שטאָט האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם מיט איר מאַלעריש־קייט. דער ברייטער דניעפּר, די אַרומיקע בערגלעך און וועלדער, די ברייטע גאַסן, אַלטע, היסטאָרישע בנינים און די מאָדערנסטע סטילמעסיקע הייזער פון „סאָוונאַרקאָם" און אַנדערע, דער שטאָלץ פון קיעוו: דער היסטאָרישער קרעשטשאַטיק און דער גאַנץ נייער באָטאַנישער גאָרטן — דאָס אַלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן אין איין איינדרוק פון שיינקייט. איך האָב זיך אויך נישט געקאָנט באַפרייען פון היסטאָרישע אַסאָציאַציעס. ס'האָבן אויפגעלעבט גע־שטאַלטן פון פאַר טויזנט יאָר און ס'האָט זיך דערמאָנט אויך, אַז פאַר מיין לעבן שוין איז דאָ געווען דער באַרימטער עלילת־דם־פּראָצעס פון מענדל ביילים.

כ'האָב זיך געפרייט מיטן באַוווסטזיין, אַז דער איצטיקער רעזשים וועט צו אַזעלכע זאַכן קיין מאָל נישט דערלאָזן.

די אַלע געדאַנקען, פאַרגלייכן און היסטאָרישע פּאַראַלעלן האָבן מיר נישט געשטערט צו זען ממשותדיקע זאַכן. פאַרבייגייענדיק אַ גרויס הויז זע איך אַ

שילד מיט קידוש־לבנה־אותיות: „גאַסטראָנאָם”. אַזויפיל גריכיש האָב איך נאָך פאַרשטאַנען, כדי צו וויסן, אַז ס'האָט צו טון מיטן מאָגן. אגב האָט מען נישט באַדאַרפט קענען קיין שפּראַכן נאָר צו האָבן אַ נאָז און אויגן. וואָס איז דאָרט נישט געווען? פון אַלעם גוטן: קעזן, וווּרשטן, פישן און פליישן, ברויט און חלות, פרוכטן און גרינוואַרג, קאַוויאַרן און ווײַנען. אַלץ אין גרויסן אויסוואַל צו מעסיקע פרייזן.

ביישטיין דעם נסיון איז געווען שווער און כאָטש כ'האָב געהאַט טאַלאָנען אויף אומזיסטע מאָלצייטן האָב איך זיך געלאָזט פאַרפירן פון יצר־הרע אין געשטאַלט פון אַ יונגער פאַרקויפערין אין א שניייווייסן פאַרטוך און טועם געווען פון עטלעכע מאכלים מיט משקאות.

אַרויס פון „גאַסטראָנאָם” און אַריין אין „אוניווערמאַג” (אוניווערסאַלער מאַגאַזין). דער מאַגאַזין פאַרנעמט אַ געביידע פון פיר צי פינף שטאָק. דאָרט האָט מען געקאָנט קויפן סחורות פון כל המינים: גלאָזוואַרג, פאַרצעלאַנען, קליידער, וועש, שיך, פעלצן, מעבל, טעפּיכער, שפּילצייג, שרייב־מאַטעריאַלן. יעדעס צימער האָט זיך זײַנע קונים: קינדער האָבן אַן אינטערעס פאַר שפּילצייג, יונגע פּאָרלעך — פאַר מעבל. מעגלעך, אַז זיי קומען דירעקט פון „זאַגס”, ווו זיי האָבן עפנטלעך דעקלארירט דעם ווילן צו פאַרבינדן דעם גורל פון זייער לעבן.

כמעט אויף יעדן ראָג געפינט זיך אַ קיאָסק: צייטונגען, סאָדע־וואַסער, אייז־קרעם... עס וואַרפן זיך אין די אויגן שילדן פון זייער אַ סך אַמטן: רעפּובליקאַנישע, געגנטלעכע, שטאָטישע, ראַיאָניקע. די שטאָט אַליין איז דאָך פאַרטיילט אין עטלעכע ראַיאָנען. די באַוועגונג אין שטאָט איז אַ גרויסע. מען גייט צו פוס און מען פאָרט מיט אויטאָמאָבילן, אויטאָבוסן, טראַמווייען, מאָטאָציקלען, וועלאָסיפּעדן. די באַוועגונג־פאַרשריפטן ווערן אָפּגעהיט. אין דעם פּרט איז דאָס פאָלק דיסציפּלינירט. ס'איז מיר נישט אויסגעקומען צו זען, לייענען, אָדער הערן וועגן אַן אומגליקפאַל. ליכט־סימנים, שילדן, באַצייכענונגען פון דורכגאַנגערטער געפינען זיך אויף טריט און שריט.

ס'דערנענטערט זיך די צייט פון אָפּפאָר. די שיף וואַרט שוין אין פּאָרט אויף אירע פּאַסאַזשירן, אַן אויסגעפּוצטע, אַן אויפגעראַמטע, מיט איין וואָרט אַ לוקסוס־שיף.

אין מאָמענט, ווען דו גיסט אָפּ דײַן בילעט ווערסטו אַ מיטגליד פון אַ קאָ־לעקטיוו, וואָס אונטערשיידט זיך מיט אַלעמען, מיט זײַן מהות, פון אַלע אַנדערע קאָלעקטיוון, מיט וועלכע דו ביסט ווילנדיק צי נישט ווילנדיק פאַרבונדן.

דאָ גייט קיינעם נישט אָן ווער דו ביסט און מיט וואָס דו פאַרנעמסט זיך. ביסט א גלייכבאַרעכטיקטער פּאַסאַזשיר און נאָר דײַנע פּערזענלעכע מידות און פעאיקייטן וועלן דיך אַרויסרוקן, אָדער לאָזן אין שאָטן, וואָס איז אויך נישט קיין אומגליק. קענסט זינגען? — וועט מען דיך „מאָביליזירן” אין כאָר און ס'וועט זיך בײַ דיר אפילו דערוועקן דער חשק אויפצוטרעטן. דער „קולטאָרג” (פאַראַנט־וואָרטלעכער פאַר אָרגאַניזירן קולטור־אונטערנעמונגען, פאַרוויילונגען אאַ"וו)

וועט אין דיין אופן פון ריידן דערקענען, צי האָסטו דעקלאַמאַטאָרישע פעאיקייטן און וועט שוין געפינען אַ געלעגנהייט דיך צו „עקספּלאָאַטירן".

מיט אונדז איז געפאָרן אַ רוסישער שרייבער פּאָלטאָראַצקי. דער „קולטאָרג" האָט נישט פאַרזאַמט איינצואָרדענען אַ ליטעראַרישן אָוונט, בעת וועלכן פּאָלטאָראַצקי האָט פאָרגעלייענט זיינע דערציילונגען.

דערנענטערנדיק זיך צו קאַכאָווקע האָט דער שיף־פּיאַניסט אויפגעשפּילט דאָס באַרימט־געוואָרענע ליד „קאַכאָווקאַ", וואָס באַזינגט די העלדישקייט פון די רויט־אַרמייער בעת דער ווייסער אינטערווענץ און נישט באַמערקנדיק אַפילו ווי אַזוי געפינסטו זיך אין סאַלאָן, וו ס'איז אַראַנזשירט אַ בילדער־אויסשטעלונג אויף דער טעמע: קאַכאָווקע. דו זעסט דאָרט די לאַנדשאַפט, די מענטשן, די קאַמפן און די בויאונג. און אַזוי ביי יעדן וויכטיקן פּונקט, אָדער ביי יעדער שטאָט, וואָס פאָרסט פאַרביי זעסטו אַן אַנדערע אויסשטעלונג, צוגעפּאַסט צום אָרט.

און שיין זיינען די ערטער און די אומגעגנט פון דניעפּר. עס האָבן זיי שוין באַזונגען דיכטער, געצייכנט מאָלער און דורך דעם נאָך מער פאַרטיפט דעם בליק און פאַרשאַרפט די פילבאַרקייט פון די מענטשן, וואָס קומען אַהער.

אָט איז קאַניעוו. דאָ איז געשטאָרבן דער גרעסטער אוקראַינישער דיכטער טאַראַס גריגאָריעוויטש שעווטשענקאָ. פון ברעג האָבן מיר זיך געלאָזט צום באַרג פון וועלכן מען זעט דעם דניעפּר און די גאַנצע סביבה. דאָ געפינט זיך אַ שעווטשענקאָ־מוזיי און אין אים אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום פאָלקס־דיכטער: כתב־ידן, זיינע צייכענונגען, ביכער־אויסגאַבעס, רעצענזיעס און קריטיקעס, בריוו, מעבל און אַנדערע זאַכן מיט וועלכע ער האָט זיך באַנוצט. אויף אַ שטח, פאָרן הויז, זיין קבר מיט אַ גרויסער מצבה, אויף וועלכער ס'איז אויסגעקריצט זיין צוואה אין פערזן פול מיט ליבע צום פאָלק און צום דניעפּר.

ווי שטאַרק האָט מיך די דאָזיקע צוואה דערמאָנט אין דער צוואה פון אונדזער גרעסטן פאָלקס־שרייבער שלום־עליכם, וואָס האָט אויך נאָך ביים־לעבן צוגעגרייט זיין עפּיטאַפיום, אַן אויסדרוק פון טיפער ליבע צו זיין פאָלק, צום פּראָסטן מענטשן.

גרופּעסווייז גייען מיר אַריין אין דערבייאיקן וועלדל און מען זיצט פאַרטראַכט. אונטערן איינדרוק פון דער לאַנדשאַפט, פון דער נאַטור־שיינקייט און פון געזעענעם ווילט זיך אַפילו נישט ריידן. געווען טוריסטן מער פּאָרויסזעעוודיקע, וואָס האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט שעווטשענקאָס לידער און דאָ, אין דער באַטירלעכער „אַמביאַנס", פאָרגעלייענט עטלעכע פון די סאַמע פּאַסיקע. ס'איז לייכט געווען דאָ צו פאַרשטיין דעם זין פון די שורות:

„ווער דען דיכטער וויל פערשטעהען
„מוס אין דיכטערס לאַנדע געהען".

אַ הילכיקער סיגנאַל פון שיף האָט אונדז צוריקגעבראַכט פון חלומות־לאַנד צום ברעג.

די שיף גייט אין מיטן טייך מיטן שטראָם. „די זון פאַרגייט אין פלאַמען", פאַרשווינדט, בלויז די וואָלקנס פאַררויטלען זיך אַ ביסל און מיר, פאַרנומען מיט צוגרייטונגען צום אָוונט־עסן, באַמערקן אַפילו נישט ווי די נאַכט איז שוין דאָ.

מען זעצט זיך צום טיש און מען שליסט באַקאַנטשאַפט. געוויינטלעך האָט

מען באקאנטע פון דער היים, אָדער פון דער ערשטער באַגעגעניש אויף דער שיף. עס שאַפן זיך פּאָרלעך, אָדער קליינע גרופּקעלעך און מאָדנע, וויאַזוי זאָלסט זיך נישט דרייען און אַנווענדן די סטראַטעגישע קונסט — ביסטו אַ מאַן וועסטו באַשטימט קריגן דיין פּלאַץ לעבן א פרוי.

מיין שכנטע איז געווען אַ דאָקטאָרין פון קיעוו. זי איז געווען אין מיליטערישן אוניפאָרם. צוזאַמען מיט איר שוועסטער, וואָס איז אויך מיטגעפאָרן, איז זי געווען אויפן פינלענדישן פראָנט און איצט אַרבעט זי אין אַ שפּיטאָל.

זאַלבעדריט זיינען מיר געבליבן זיצן אויפן דעק. אין וועג שליסן זיך שנעל באַקאַנטשאַפטן, מען איז זייער, ביז אומזשעניִרטקייט, אויפריכטיק און גרייט צו בליצן מיט געדאַנקען און אַרויסרופן פון די טיפענישן געפילן, וואָס אין נאָרמאַלע באַדינגונגען פאַרטרויסטו אָן נאָר די סאַמע נאָענטע. ס'נעמט זיך דערפון, וואָס די צייט איז באַגרענעצט, וואָס דו ווילסט זי אויסנוצן ווי אַמאיינטערעסאַנטסטן און וואָס דו האָסט נישט קיין מורא פאַר קאָנסעקווענצן. דעם מענטשן וועסטן שוין וואַרשיינלעך מער אויף דיינע אויגן נישט זען. ער וועט נישט אויסנוצן קעגן דיר דיינע לאַפּסוסן צי דיינע אינטימקייטן, וואָס האָסט אַרויסגעבראַכט אין מינוטן פון שוואַכקייט אָדער איבערגעטריבענער אָפנהאַרציקייט.

דאָ, אין די שמועסן מיט די שוועסטער און בכלל מיט אַנדערע פּאַסאַזשירן, שכנים פון איין קאַבינע, אָדער צופעליק באַגעגנטע, האָב איך צום ערשטן מאָל אין לעבן דערפילט דעם טעם פון גלייכע רעכט מיט אַנדערע פעלקער.

טאַקע דאָ איז מיר אויפגעשווומען אויפן זכרון די ביטול־באַציִאונג מצד נישט־יידן אין פוילן לגבי מיר און אַנדערע. אין בעסטן פאַל איז די באַציִאונג געווען אַ טאָלעראַנטע. ס'פלעגט מיר נישט איין מאָל אויסקומען צו זיצן מיט פּאָליאַקן אויף זיצונגען, קאָנפערענצן, קורסן — שטענדיק זיינען מיר יידן געווען איזאָלירט. ווען דער סעניאָר פון די גימנאַזיע־דירעקטאָרן אין ביאַליסטאָק, דער גלח האַלקאָ, פלעגט איינלאָדן אויך אונדז, די יידישע דירעקטאָרן, צו אַ צוזאַמענטרעף מיטן וויזיטאַטאָר, האָבן מיר דאָס באַטראַכט פאַר אַ טובה און אים גערופן „דער אַנשטענדיקער מענטש”.

אין פּראָגרעסיווע פּוילישע קרייזן האָבן זיך אויסגעבילדעט אַנדערע באַציִאונגען, אָבער מיין אַרבעט האָט מיך מיט זיי נישט צונויפגעפירט.

אין סעפּטעמבער 1939 האָבן זיך געשאַפן די הנחות פאַר אַ נייעם צוגאַנג פון מענטש צו מענטש, אומאָפּהענגיק פון אָפּשטאַם. אַזעלכע זאַכן קומען אָבער נישט מיט אַ מאָל. מען מוז זיך אַריינלעבן אין די נייע באַדינגונגען. ביי אונדז אָבער אין די מערב־געביטן, איז געווען נאָך אַ מניעה : דער אונטערשייד צווישן „וואָסטאָטשניקעס” און „זאַפּאַדניקעס”. אונדזערע לאַנגיאָריקע געוווינהייט איז געווען אַזוי טיף איינגעוואָרצלט, אַז ביי אַ סך איז אויסגעקומען, אַז נישט די סיטואַציע האָט זיך געביטן נאָר די מאַכט. דער באַוווסטזיין איז אַ גרויסער קריכער און ער איז אַ פועל־יוצא פון דער לעבנס־רעאַליטעט.

אָבער דאָ, אויפן ברייטן, שטילן דניעפּר איז קיינעם נישט אָנגעגאַנגען מיין אָפּשטאַם און מיין מערבדיקייט. אויב עמעץ האָט זיך יאָ מיט מיר פאַראינטערעסירט איז עס געווען נישט, כדי מיך צו דערנידעריקן, נאָר כדי צו הערן וועגן אַן אומבאַקאַנט לעבן.

צווישן די טוריסטן, מיט וועלכע ס'איז מיר אויסגעקומען צו ריידן איז געווען אַן אינזשעניער פון יאַראָסלאַוו, אַ לערערין פון טביליסי, אַן אַדוואָקאַט פון איר־קוטסק, אַ קאָלכאָזניק פון קירגיזיע, אַ סטודענטין פון קיעוו.

דער מענטש אַליין, זיין באַנעמען, געזעלשאַפטלעכקייט האָבן דעצידירט וועגן זיין אָרט אין דער קליינער, שווימענדיקער רעפּובליק, וואָס איז געווען עטנאָגראַ־פיש אַן אָפּשפּיגלונג פון גרויסן ראַטן־פאַרבאַנד.

פאַר מיר איז דאָס געווען אַן איבערלעבונג פון דעצידירנדיקן באַדייט. וועגן דעם האָבן מיר גערעדט נישט איינמאָל מיט די דאָקטאָרינס, וואָס זיינען אויך געווען יידישקעס, אָבער האָבן דאָס פאַרשטאַנען נישט אויפן סמך פון אייגענער דערפאַרונג, נאָר לויט די איבערלעבונגען פון זייערע עלטערן, אין אַמאָליקן צאַ־רישן רוסלאַנד. ערשט איצט און דאָ האָב איך זיך אָנגעהויבן צו פילן ווי אַ פרייער מענטש. מיין יידישקייט איז מיר אין דעם נישט געווען קיין שטער.

די זומער־נעכט זיינען קורצע. דו באַוויזסט נישט איינצושלאָפן ווי דו פילסט אַ צי פאַר דער דעקע. דאָס וועקט דיך דער קאַיוטע־שכן, זאָלסט באַוואונדערן דעם זון.אויפגאַנג. מיר האָבן דאָס נעכטן באַשלאָסן און ער האָלט וואָרט.

איך דריי זיך איבער אויף דער צווייטער זייט, נאָר ער לאָזט נישט אָפּ:

— שלאָפן וועסטו באַוויזן אין דער היים! נישט יעדער מענטש איז זוכה צו זען דעם דניעפּר אין דער פראַכט פון דער אויפגייענדיקער זון.

כ'בין אויפגעשטאַנען, אַרויף אויפן דעק און דאָ זיינען מיר אין טשערקאַסי.

אַן אבסאָלוטנט פון אַ פּוילישער שול קאָן נישט זיין גלייכגילטיק צו די ער־טער, וואָס שענקעוויטש האָט באַשריבן אין זיין טרילאָגיע. מיר פאָרן איצט פאַרביי מקומות, וווּ ס'האָט אַמאָל באַוויזן העלדישקייט סקזשעטוסקי און ווו זאַגלאָבאַ האָט געפונען אויסוועגן פון קאָמפּליצירטע לאַגעס. דאָ האָבן געקעמפט יאַרעמאַ און כמעלניצקי.

די געפילן זיינען פאַרשידענע: דער פּוילישער שרייבער האָט פאַרערט דעם פירשט ווישניאַוויעצקי, וואָס האָט געמאָרדעט די פויערים אויף זייער אייגענער ערד. איך דערצייל די מיטפּאַסאַזשירן, אַז אין פאַשיסטישן פּוילן האָט זיך געפונ־נען אַ פּראָגרעסיווער פּראָפעסאָר אַלגערד גורקא, וואָס האָט געפאָדערט צו באַ־זייטיקן פון שולפּראָגראַם אין מזרח־גאַליציע שענקעוויטשס „מיט פייער און שווערד", כדי נישט צו צערייצן די נאַציאָנאַליסטישע געפילן פון די פּאָליאַקן.

איך האָב זיך אויך דערמאָנט, אַז ווי אַ שילער פון דער גימנאַזיע אין לוואָוו, האָב איך אין יאָר 1922 געלייענט אַ רעפעראַט און קריטיקירט שטאַרק שענקע־וויטשן, שטיצנדיק זיך אין אַ גרויסער מאָס אויף דער קאַמפּאַניע, וואָס ס'האָט אַמאָל געפירט נאַלקאָווסקי און בזשאָזאָווסקי קעגן דעם שאָוויניזם פון שענקעוויטשן.

ווידער האָבן די רייזע־חברים זיך אינטערעסירט מיט קולטור־ענינים פון אַמאָליקן פּוילן און געצויגן פּאַראַלעלעס מיט ראַטן־פאַרבאַנד.

קרעמענטשוג! דער מאַרק האָט מיך דערמאָנט אין אַ סצענע פון „קידוש־השם". ס'איז מיר געווען אומבאַגרייפלעך נאָך וואָס עס עקסיסטירט אין ראַטן־פאַרבאַנד בכלל א מארק. כ'האָב נישט געוווסט ווער זיינען דאָס די פאַרקויפערס און ווער די קונים. אין געדאַנק האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז אין ראַטן־פאַר־באַנד איז די פּלאַנירונג אַזאַ פולקאָמע, אַז...

פשוט נישט דערטראַכט אַלץ ביז צום סוף. ווען כ'האָב מיט יאָרן שפּעטער זיך באַקענט מיט דעם טאָג־טעגלעכן לעבן איז מיר אויסגעקומען קאָמיש מיין אַמאָליק נישט־פאַרשטיין.

אויך אין קרעמענטשוג האָבן מענטשן ליב פרישע פּוטער און סמעטענע, יאַגעדעס און מאַלינעס, גריבעס און שפּעק. די קאַלכאָזניקעס ברענגען דאָס אַלץ אין שטאָט אַריין און פאַרקויפן. ס'איז דאָך אַזוי פּשוט!

ווען ס'האָט זיך געטונקלט האָט זיך אונדזער שיף דערנעענטערט צו דניעפּ־ראָ־דזשערזשינסק. קיין אָפּשטעל איז נישט געווען אין פּלאַן. דאָס האָט אונדז אָבער נישט געשטערט צו באַווונדערן דעם פייערפאַל, וואָס באַווייזט זיך און פאַרשווינדט, ווי ס'וואָלט געווען אַ פייערלעכע אילומינאַציע. דער „קולטאָרג" האָט אונדז אויפגעקלערט, אַז דאָס זיינען די טשוהון־גיסערייען און אין דער פינצטערניש באַקומט זיך דער איינדרוק, ווי שטראָמען פייער וואָלטן זיך אַריינגעגאָסן אין דניעפּר.

דער פּלאַן פון דער רייזע איז געווען אויסגערעכנט אויף צו פאָרן ביי־נאַכט און צו באַזוכן די אינטערעסאַנטסטע ערטער ביי טאָג. דעם אָוונט זיינען מיר געווען אויסגערוט, ווייל מיר האָבן אַ סך צייט פון טאָג פאַרבראַכט אויף דער שיף און דער „קולטאָרג" האָט אָראַנזשירט אַ טאַנצאָוונט. מען האָט געטאַנצט וואַלסן און טאַנגאָס אָבער די אינטערעסאַנטסטע זיינען געווען די אינדיווי־דועלע אויפטריטן פון רעגיאָנאַלע טענץ: קאַזאַטשאָק, לעזגינקע, דעבקא און נאָך אַנדערע, וואָס כ'קאָן נישט זייער נאָמען, אָבער זיי האָבן אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקן ענטוזיאַזם און באַוווּנדערונג.

דער באַיאַניסט (דער וואָס שפּילט אויף א באַיאַן — אַ מין אַקאָר־דעאָן) איז געווען אַ מענטש מיט דערפאַרונג. נישט געווען אַ מעלאָדיע ער זאָל זי נישט קענען. זיין עצם שפּילן, זיינע באַוועגונגען, אויסרופן, מינעס האָבן אַריינגעבראַכט אַן אומבאַשרייבלעכע פריילעכקייט. ס'איז גלייך געווען צו זען, אַז ער האָט ליב זיין מלאכה און איז אַ גוטער פּסיכאָלאָג: ער האָט פון פריער געוווּסט, ווי אַזוי דער עולם וועט רעאַגירן.

איך מוז מודה זיין, אַז צו דעם פאַך זיינען נויטיק באַזונדערע אייגנשאַפטן: ליבע צו מענטשן און באַוווּסטזיין פון דערפילן אַ באַזונדערע שליחות.

ס'קאָן דאָך לייכט געמאָלן זיין, אַז גראָד דער אָוונט אָדער דאָס גוטע פאַר־ברענגען אויף דער שיף זיינען די עלעמענטן, וואָס פאַרגיטיקן אײנעם זיין מי פון אַ גאַנץ יאָר און גיבן כוחות צו ווייטערדיקע אָנשטרענגונגען אין אַרבעט, בויאונג, דערפינדונג; אָן די אייגנשאַפטן און דעם באַוווּסטזיין וואָלט די אַרבעט פון א באַיאַניסט געווען אָן אָפּקומעניש און נישט קיין פאַרגעניגן. און אין ראָטן־פאַרבאַנד צווינגט אַזאַ מענטשן גאָרנישט צו פאַרנעמען זיך גראָד מיט דעם. פאַראַן אַנדערע, ברייטע מעגלעכקייטן פון אַרבעט, אויך אויפן געביט פון מוזיק.

וואָס איז וויכטיק און אינטערעסאַנט אין אַזעלכע אָוונטן,איז דער קאָלעק־טיווער אָנטייל פון טוריסטן אין דער שמחה. יעדער אין זיין רעפּערטואַר: אַ טאַנץ, אַ זינג, אַ דעקלאַמאַציע, אַ מעשה, אַן אַנעקדאָט, אַ קונץ. אַלץ זעט אויס ווי אימפּראָוויזאַציע. די אויפטריטן זיינען דאָך פרייוויליקע.

פאַקטיש איז די „אימפּראָוויזאַציע” אַ פּלאַנירטע. אויסער דעם קולטאָרג און באיאַניסט איז פאראַן נאָך אַ פּאַרטאָרג (סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אישער אָרגאַניזאַציע), וואָס זאָרגט דערפאַר, אַז יעדער פּאַסאַזשיר זאָל באַקומען דעם מאַקסימום פאַרגעניגן, באַקוועמלעכקייט און אָפּרו. אַלע אונטער־נעמונגען, אויספלוגן, באַזוכן, עקסקורסיעס ווערן געניי באַטראַכט, פּלאַנירט, דיסקוטירט. דער פּאַרטאָרג ווייסט, אַז אַ טוריסט, וואָס לאַנגווייליקט זיך, וועט באַשולדיקן אין דעם נישט זיך, נאָר עמעצן אַנדערש. נישט צופרידענע מענטשן רוען זיך נישט אָפּ, געניסן נישט פון אורלויב און קערן זיך צוריק צו דער אַרבעט פאַרביטערטע, מידע און חשק צו אַרבעט. דאָס אַלץ אויסצומיידן איז באַרופן דער פּאַרטאָרג, ווען מען זעט נישט, אָבער ווען ס'אַרבעט דער־מעגלעכט ערשט צו געניסן פול און גאַנץ פון אָפּרו. ווייל דער אָפּרו פון אַר־בעטסמענטש איז אין פסס״ר נישט נאָר אַ פּאַראַגראַף פון דער קאָנסטיטוציע נאָר אַ רעאַלע ווירקלעכקייט, אַ פּאָליטישער אַקט.

נאָך אַזאַ אָוונט וויל זיך נישט גיין שלאָפן. מיט טאַנצנדיקע טריט, אונ־טערברומענדיק אַ ניגון, גייט מען אַרויף אויפן דעק און אויסציענדיק זיך אויף די באַקוועמע ליגשטולן, ציט מען ווייטער די מעלאָדיעס, וואָס קלינגען נאָך אין די אויערן. האָסט מורא, זיי זאָלן נישט פאַרשווינדן און דיך לאָזן אָרעמער.

דער שלאָף איז אָבער אַן אומברחמנותדיקער עגאָאיסט: ער רעזיגנירט נישט פון דעם, וואָס קומט אים. מיר גיבן זיך אונטער, אָבער נישט אויף לאַנג. אָט אָט קומען מיר אָן אין דניעפּראָפּיעטראָווסק (אַמאָל: יעקאַטערינאָסלאַוו). אַ שטאָט מיט אַ גרויסן פאַרגעם. לאַנג באַזוכן קאָנען מיר נישט, אָבער די געציילטע פּאָר שעה האָבן מיר איינגעזאַפּט אַ שלל מיט איינדרוקן און אינ־פאָרמאַציעס.

מיר האָבן באַזוכט דעם „גאָרני אינסטיטוט” (אינסטיטוט פאַר מינעראַל־גרובנס) מיט זיינע לאַבאָראַטאָריעס און דעם שטאָטישן מוזיי. דאָ האָבן מיר געקאָנט זען און לערנען די געשיכטע פון דער שטאָט זייט איר גרינדונג און דער עיקר די סאָוויעטישע תקופה. מער ווי דער מוזיי און זיינע עקספּאָנאַטן האָבן מיך אינטערעסירט די באַזוכערס. געווען דאָרט אַ גרופּע קאָלכאָזניקעס פון דער סביבה, וואָס זיינען אָרגאַניזירטערהייט געקומען מיט אַן אייגענעם פירער.

מיך האָט פאַראינטערעסירט אַ יונג מיידל פון אַ יאָר זעכצן־זיבעצן, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל און עקשנותדיק באַטראַכט אַ בילד. כ'בין צוגעגאַנ־גען צו איר און געפרעגט:

— צי קאָנסטו מיר זאָגן, וואָס דו זעסט אין דעם בילד און פאַרוואָס גראָד דאָס בילד ציט צו דיין אויפמערק?

מיט אַ נאַטירלעכער העפלעכקייט און אָן פּאָזע האָט זי מיר געענטפערט:

— איך ענדיק אין גיכן די מיטלשול און ביי אונדז איז אַ מנהג צו שרייבן אַ קאָנקורס־אַרבעט אויף אַ פרייער טעמע, וואָס האָט אָבער אַ שייכות צו אונדזער שטאָט. איך האָב ליב מאָלעריי און בין שטאָלץ מיט אונדזער הידראָ־עלעקטראָ־סטאַציע. און אָט דאָס בילד שילדערט די אַרבעטער בעתן בויען

דעם דניעפּראָגעס (באַקאַנט אונטערן נאָמען „דניעפּראָסטראָי”). זייערע פּנימער דריקן אויס איבערגעבנקייט און גלויבן אין כּוח פון מענטשן צו ענדערן די נאַטור און אויפצווינגען זי צו דינען פאַרן גליק פון דער געזעלשאַפט. נישט אומזיסט טראָגט דער „געס” לעבנס נאָמען.

איך ווייס נישט, צי דאָס יונגע מיידל האָט באַקומען דעם פּרייז. איך ווייס אָבער יאָ, אַז די יוגנט פון איר עלטער, וואָס האָט אין איין עלעקטראָסטאַנציע געקאָנט זען דעם סימבאָל פון אַ גרויס פאָטערלאַנד און אַ גליקלעכער מענטשהייט, אָט די יוגנט האָט דאָס געקאָנט באַזיגן דעם פאַשיזם.

כ'האָב באַזוכט נאָך אַ מוזיי: פון דניעפּראָגעס. דער דירעקטאָר האָט אונדז געוויזן פאַרשיידענע פּלענער פון אויסנוצן די דניעפּר־וואַסערן אין דער סביבה פון די „פּאָראָגען” (די שטיין־פעלדזן אין דניעפּר) אין אַ כראָנאָלאָגישן סדר, אָנהייבנדיק פון די קאָזאַקישע צייטן 16־טן — 17־טן יאָרהונדערט. צווישן די פּלענער האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געפעלט לענינס זאָץ, אַז סאָציאַליזם באַטייט די סאָוויעטישע מאַכט פּלוס עלעקטריפיקאַציע פון לאַנד. די קעגנערס האָבן אויסגעלאַכט די דאָזיקע שטעלונג, אָנרופנדיק זי עלעקטראָפיקציע, אָבער דאָס לעבן האָט געוויזן, ווער עס האָט געלאַכט דער לעצטער...

דער צוריקוועג צום פּאָרט האָט אונדז געפירט דורך דער קאַרל מאַרקס־אַליי. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, דוכט מיר, איז מיר אויסגעקומען צו זען אַזאַ ברייטע גאַס. פון ביידע זייטן גאַס ביי די הייזער ציט זיך אַ ברייטער טראָטואַר, וועמענס רייניקייט דערמאָנט מיר דעם מאָסקווער מעטראָ, וואָס איז אַ שם־דבר.

נעענטער צו מיטן גאַס, פּאַראַלעל צו די טראָטואַרן זעען מיר אַ ברייטן שאָסיי פאַר אויטאָס און אַנדערן טראַנספּאָרט. דורכגעגאַנגען דעם שאָסיי טרעפן מיר טראַמווייליניעס, וואָס זיינען אָפּגעטיילט מיט אַ ברייטער אַליי פאַר שפּאַצירער. אַז דו זיצסט אויף אַ באַנק אין דער אַליי, זעסטו קוים די ברייט פון דער גאַס. הויכע ביימער באַשאָטענען די ברייטע סטעזשקע און אין הייסן זומער־טאָג פילסטו זיך ווי אין אַ וואַלד.

ווי קאָן מען אָבער פאַרלאָזן דניעפּראָפּעטראָווסק און נישט באַזוכן „די קינדערשע אייזנבאַן”? וועגן דער דאָזיקער באַן האָב איך געהאָט געלייענט נאָך מיט יאָרן צוריק אין אַ רעפּאָרטאַזשן־בוך פון אַ מערבדיקן שרייבער. בעת דער רייזע האָב איך זיך דערוווסט, אַז אין טביליסי איז אויך פאַראַן אַזאַ באַן.

די אידיי און איר רעאַליזירונג זיינען זייער אינטערעסאַנט.

אין שטאָטפּאַרק אויפן נאָמען פון באַרימטן פליער טשקאַלאָוו האָט מען אויסגעבויט אַ באַן־טראַסע פון עטלעכע קילאָמעטער. די שעפן פון די עטלעכע סטאַנציעס, די באַדינונג, די קאַסירערס, די סאַניטאַרן, די קאָנטראָלאָרן — אַלץ געפינט זיך אין די הענט פון קינדער אין שולעלטער. זיי טראָגן די אייזנבאַנער אוניפאָרמען. כּדי צו אַרבעטן אויף דער באַן, האָבן זיי דורכגעמאַכט קורסן.

די וואַגאָנען זיינען צוגעפּאַסט צו די קליינע פּאַסאַזשירן. איך האָב זיך געמוזט אַ ביסעלע איינבייגן ביים אויפשטיין. די וואַגאָנען זיינען ריין, עס

בלישטשעס. יעדער וואָגאָן האָט זיך זיין אויפזעער, וואָס זאָרגט, אַז די פּאַסאַזשירן זאָלן זיך פירן לייטיש. די פּאַסאַזשירן פון זייער זייט זיינען גוט באַהאַוונט אין די פאַרשריפטן און באַציען זיך צו זיי מיט רעספּעקט. אין רעזולטאַט האָט דער וואַגאָן־אויפזעער נישט וואָס צו טון.

די גאַנצע אונטערנעמונג איז אַ שפיל, וואָס איז אויסגערעכנט צו שאַפן ביים קינד באַשטימטע געוווינהייטן, אינטערעס און ליבשאַפט צו אַ פאַך. דאָס מיניסטעריום פון קאָמוניקאַציע, וואָס האָט די אויפזיכט איבער דער קינדער־באַן באַנוצט זיך אויך מיט דעם סימפּאַטישן מיטל צו געווינען קאַדרען פאַר דער באַן. ווי אַ פּסיכאָטעכניקער און לערער האָב איך געהאַלטן דעמלט, און האַלט אויך היינט, אַז ס'איז אַ גרויסער אויפטו, אויב מען קאָן פאַרפלאַנצן אין די קינדער די ליבשאַפט צו אַרבעט. דעמלט הערט זי אויף צו זיין אַ צוואַנג, אַ קללה און ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרגעניגן, אַ ליידנשאַפט אפילו.

מיר האָבן „אַריינגעכאַפּט" אַ רונדע מיט דער באַן און שיר־שיר נישט פאַרשפּעטיקט צו דער שיף. מען האָט זיך געטיילט מיט איינדרוקן פון געזעע־נעם און נאָך נישט באַוויזן אַלץ צו פאַרדייען, ווי מיט אַ מאָל האָט זיך גע־נומען שיטן אַ סעריע פלאַי־פלאַים, וווּנדער וואָס אַזעלכע זיינען אויף דער וועלט נישט געווען.

אַ ריזיקער בנין, וואָס דערמאָנט אַ טעמפּל. רעפלעקטאָרן און לאָמפּן, נישט קלענערע ווי דער ים־לאַמטערן פון פאַראָס, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די זיבן וועלטוווּנדער. מעגלעך, אַז ווען מיר זוכן שטאַרק, וואָלטן מיר געפונען עלעמענטן פון אַלע זיבן וווּנדער מיט אַ סמיטשעק.

אויף דעם אָרט איז דער דניעפּער באַזייט מיט פעלדזן. אפילו די קאָזאַקישע לאָדקעס האָבן זיך מיט סכנות אַדורכגעגליטשט צווישן זיי. אַנשטאָט דער טייך זאָל פאַרבינדן דעם צפון מיטן דרום, האָט ער זיי, מחמת די שטיינער, אָפּגעטיילט.

קיין אַנדערער רעזשים אויסער דעם סאָציאַליסטישן איז נישט פּעאיק געווען גובר צו זיין דעם נאַטור־מכשול. מען האָט געדאַרפט דערטרינקען די פעלדזן און הייבן דעם ניוואָ פון טייך — אויפטוען, וואָס קאָנען נישט געמאַכט ווער'ן אָן ריכטיקער אָנפירונג, אָנגעשטרענגטער מי, קאָלאָסאַלער געוואַגטקייט און שטאַרקן ווילן.

ווי אַזוי זעט פּראַקטיש דאָס אַריבערפאָרן די „פאַראָגען"?

ווען די פאָרסט מיטן שטראָם, ד.ה. באַרג אַראָפּ, קומסטו צו צו אַ טויער. דער טויער עפנט זיך, די וואַסערן פון טייך פליסן באַרג־אַראָפּ, אָבער אַ צווייטער טויער איז אַ געוויסן מרחק ווערט פאַרמאַכט און דער אויבערפלאַך פון וואַסער פאַלט ביזן ניוואָ פון דער ערשטער שלוזע. אַז דער ניוואָ פון טייך און שלוזע גלייכט זיך אויס, גייט שוין די שיף לייכט אַריין. די זעלבע אָפּעראַציע חזרט זיך איבער דריי מאָל און יעדעס מאָל לאָזט זיך די שיף אַראָפּ אויף צוועלף מעטער. אויף אַזאַ אופן פאָרט מען דורך דעם געפערלעכן שטח, אַראָפּלאָזנדיק זיך אויף 36 מעטער.

פאַרשטייט זיך, אַז ביים צוריקפאָרן פאַרמאַכט זיך דער הינטערשטער טויער, כדי דאָס וואַסער פון אויבן זאָל זיך פאַרהאַלטן און אויפהייבן די שיף

אויף צוועלף מעטער. דעמלט פֿאַרט זי שוין גלייך אַריין אין דער צווייטער שלוזע. מען פֿאַרמאַכט דעם צווייטן הינטערשטן טויער און אַזוי ווייטער, ביז די שיף הייבט זיך אויף מיט 36 מעטער און איז אויסער יעדער געפֿאַר, אַז די פֿעלדזן זאָלן זי קאָנען באַשעדיקן.

צוליבן פֿאַשיסטישן איבערפֿאַל איז צעשטערט געוואָרן דער ווונדער פֿון מענטשלעכן גייסט. אָבער די וואָס האָבן געוווסט, וויאַזוי צו צעשמעטערן דעם היטלעריזם האָבן אויך געוווסט, וויאַזוי צוריק אויפֿצושטעלן דעם דניעפּראָגעס.

מיר האָבן זיך געפֿונען אין אינדוסטריעלן טייל פֿון אוקראַינע. אויב קיעוו איז דער פּאָליטישער צענטער, איז זאַפּאָראָזשע דער אינדוסטריעלער.

מעטאַל־פֿאַבריקן און גיסערייען טרעפֿסטו דאָ אָן אַ צאָל. מיר זיינען גע־גאַנגען באַזוכן דעם זאַוואָד „זאַפּאָראָזשסטאַל", ווו ס'ווערט אויסגעאַרבעט שטאָל. עס איז מיר שווער צו זאָגן, וויפֿל קוואַדראַט־קילאָמעטער ס'פֿאַרנעמט דער זאַוואָד. מיר האָבן באַזוכט נאָר איין צעך. אַן אינזשעניער אין אַ קאָמבי־נעזאָן האָט אונדז געפֿירט פֿון מאַשין צו מאַשין, דערקלערט דעם אַרבעט־פּראָ־צעס ווי אויך די געשיכטע און פֿאַרוועגדונג פֿון יעדער פּראָדוקציע. נאָך אַ קנאַ־פּע צוויי שעה זיינען מיר מיד געוווען און זיך קוים דערשלעפּט צום טראַמוואַי, וואָס האָט אונדז צוריקגעבראַכט אין שטאָט אַריין. און מיר בעמען שטוינען: קיין זכר פֿון רויך, פֿון מאַרטען־אויוונס, פֿון מאָטאָרן, פֿון טומל הור־האַ, וואָס לאָזט דיך אין די פֿאַבריקן נישט הערן דיין אייגענע שטימע.

דער אינדוסטריע־קוואַרטאַל איז אָפּגעטיילט פֿון באַוווינטן טייל שטאָט. דאָ וואַרפֿט זיך אין די אויגן אַ גרויסער פּאַרק. קומסט אַריין און זעסט אַ גרויסע סצענע. מען קלערט דיר אויף, אַז דאָס איז אַ „טאַנץ־פּלאַשטשאַדקאַ". אין די אָוונטן קומט אַהער אַן אָרקעסטער און די יוגנט טאַנצט.

אין אַ צווייטן עק פּאַרק — אַ קינדער־וועלט: הוידלקעס, אַ באַסיין, זאַמד, שפּילצייג. הונדערטער קינדער זיינען דאָרט באַשעפֿטיקט מיט לאָזן שיפֿלעך, בויען שלעסער, מאַכן גימנאַסטישע איבונגען אאַ"וו.

אַ ריי הייזער אין שטאָט זעט אויס מאָדנע: אַ געשטאַלט פֿון אַ שיף, אַ טאַנק אאַ"וו. געווען אַמאָל אַזאַ מאָדע פֿון „קאָנסטרוקטיוויזם". מען האָט גע־בויט אַזוי, אַז די הייזער זאָלן האָבן אַ געשטאַלט פֿון אַ נויטיקן קעגנשטאַנד, נאָר נישט פֿון אַ הויז. מען האָט פֿאַרגעסן, אַז דער צוועק פֿון די הייזער איז קודם־כּל צו דינען דעם אַרבעטער, זיין באַקוועמלעכקייט. מען האָט נישט געטאָרט „זיך פֿאַרנעמען מיט „קונסט לשם קונסט" אויפֿן חשבון פֿון אַרבעטער.

אויך אין אַנדערע שטעט האָב איך אָנגעטראָפֿן אַזעלכע בנינים. אַנשטאָט צו באַצייכענען אַ גאַס האָט מען געזאָגט: גיי צום „קאַראַבל" (שיף) וועסטו דאָרט טרעפֿן אַזאַ און אַזאַ מאַגאַזין.

אויך אין דעם פּרט, פֿון בויאונג איז געקומען צום אויסדרוק אַ באַשטימטע פּאָליטישע טענדענץ און ס'האָט ערשט געמוזט קומען דער פּאָליטישער פֿאַקטאָר, וואָס זאָל אַ סוף מאַכן צו די אַלע „נייעסן" און לייגן אַ יסוד פֿאַר אַ געזונטן צוגאַנג, וועמענס ציל איז צו דינען קודם־כּל און דער עיקר דעם מענטש, און בלויז דעם מענטש.

די נאָענסטע סטאַציע נאָך זאַפּאַראָזשע איז געווען ניקאָפּאָל. אויף מיר האָט געמאַכט אַן איינדרוק אַ געווייַנטלעכער געדענק־טאָוול אויף אַ וואַנט פון אַ הויז, ווו ס׳איז געווען אַנגעשריבן אַז אין דעם הויז האָט זיך אין יאָר 1917 פאַרזאַמלט דער סאָוויעט פון די אַרבעטער. אַנדערע האָבן די אויפשריפט אפילו נישט באַמערקט. געווען געווונט וואַרשיינלעך.

כ׳האָב אַמאָל געזען אויף אַ ווינער בית־עולם אַ מצבה מיט אַ קורצער אויפשריפט: „די געפאַלענע אין מערץ 1848". דאָס איז אָבער געווען אַ מצבה. אַנדענק־טאָוולען א סך האָב איך געזען אין לוואָוו, אין קראָקע, ווילנע אאַ"וו. זייער אינהאַלט האָט געהאַט אַ שייכות צו מלכים, פירשטן, גראפן. אין ווילנע אַ טאָוול אויפן הויז ווו נאַפּאָלעאָן איז איינגעשטאַנען, אין לוואָוו — ווו סאַך־ביעסקי האָט געוווינט אאַ"וו. יעדע שטאָט מיט אירע גדולים.

אין ניקאָפּאָל האָב איך דערשפּירט דעם פליגל־פלאַטער פון דער געשיכ־טע און איר נייעם גייסט. דער אַרבעטער איז דער בויער פון שטאָט און איר פאָרזאָרגער. די געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין ראַטן־פאַרבאַנד איז גלייכצייטיק די געשיכטע פון פאָלק, און פלעכט זיך אַדורך מיט דער גע־שיכטע פון דער מענטשהייט. אין דער געשיכטע איז דאָס אַ נייס און אַ רעוואָלוציאָנערער איבערברוך — אַ נייע קוואַליטעט. ס׳איז מיר אויך פאַרשטענדלעכער געוואָרן, פאַרוואָס מען לייגט אַזוי פיל אַכט אויפן לימוד פון דער פאַר־טיי־געשיכטע: די געשיכטע פון דער פאַרטיי איז די געשיכטע פון ראַטן־פאַרבאַנד.

מיר זיינען שוין ביים סוף פון אונדזער רייזע: כערסאָן. הגם די שטאָט האָט אַ גרויסן פּאָרט, א סך פאַבריקן, שולן אאַ"וו שוועבט איבער איר אַ שטיל־קייט און אירע ווייסע הייזער שטייען ווי פּאַריתומטע. דער לעבנס־פּולס איז דאָ אַ שוואַכער. מעגלעך, אַז דאָס אַריבערפירן פון דאַנען דעם אַדמיניסטראַטיוון צענטער קיין ניקאָלאַיעוו האָט געלייגט אַ שטעמפל אויף דער שטאָט, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ „גובערנסקי גאָראָד".

מעגלעך, אַז כ׳בין זיך טועה, אז כ׳האָב בעת מיין פרייען שפּאַציר נישט אָנגעטראָפן אויף די טומלדיקע ערטער. אָבער דער איינדרוק נעמט זיך פון דעם, וואָס כ׳האָב געזען: ווייניק קונים אין מאַרק, באַבעס זיצן מיט אייניקלעך אויף די פריזבעס אפילו אויף די הויפּט־גאַסן און אַנדערע סימנים. כערסאָן האָט אי־בערגעלאָזט דעם רושם פון אַ באַוואולטער שטאָט.

קיין סך צייט צו פאַרברענגען אין כערסאָן האָט מען אונדז נישט געגעבן. מיר האָבן אויסגעדרייט דעם דישל און געמאַכט אַ „השיבנו נאַזאַד".

דער וועג אויף צוריק איז שוין דורכגעגאַנגען אין אַן אנדערער שטימונג. ס׳האָט אָפּגעלאָזט די נייגיריקייט און די זוכעניש פון איינדרוקן; ס׳האָט זיך באַוויזן אַ נייגונג צו רוען און טיפער איינצוזאַפּן און צו סערעגירן אין מח דאָס געזעענע, געהערטע, איבערגעלעבטע.

מיר האָבן איצט געהאַט אַ רייזע „קעגן שטראָם" ד. ה. אַ לאַנגזאַמערע און מער רואיקע. דער עולם האָט שוין ווייניק וואָס געניאָסן פון ברעג, אפילו ווען מ׳פלעגט זיך אָפּשטעלן. פאַרן צוריקקערן זיך צו דער אַרבעט האָט זיך גע־גלוסט אָפּרוען.

גראָד איצט האָב איך געמוזט האָבן אַן עגמת־נפש.

אין איינעם פון די פּאָרטן בין איך אַראָפּגעגאַנגען, באַזוכט דעם פּאָרט און... פאַרשפּעטיקט די שיף. כ׳האָב זיך פּשוט פאַרפּלאָנטערט צווישן די בריקלעך, שיפלעך, דורכגענג און ווען כ׳האָב דערקענט מיין שיף איז זי שוין געווען אַ פּאָר צענדליק מעטער פון ברעג. און דאָ בין איך געבליבן אָן געלט און אָן דאָקומענטן.

די לאַגע מיינע איז געווען אַ שווערע. ווו נעמט מען עפּעס אַ לאַדקע, וואָס זאָל אָניאָגן אַ שיף ? צי וועט עס העלפן ?

נאָך עטלעכע שעה אַרומזוכן האָט מיך אַ פאַראַנטוואָרטלעכער פּאָרט־באַאַמטער אַריינגעזעצט אין אַ לאַסטשיף, וואָס איז געגאַנגען קיין קיעוו. די שיף איז געקראָכן ווי א טשערעפּאַכע און וואָלט בשום אופן נישט אָנגעיאָגט די „סטאַלינסקאַיאַ קאָנסטיטוציא״, ווען יענע האָט נישט אין פּלאַן אויף איין נאַכט זיך אָפּצושטעלן אין טריפּאָליע, שוין נישט ווייט פון קיעוו.

כ׳האָב זיך אַרומגעדרייט אויף דער לאַסט־שיף ווי אַ צעדולטער. ס׳האָט מיך גאָרנישט אינטערעסירט דאָ, נישט קיין עסן און נישט די קעלט. כ׳האָב געציטערט אין איין העמד וואָס כ׳האָב געהאַט אויף זיך, אָבער אַריינגיין אין אַ קאַבינע האָב איך נישט געוואָלט אויס מורא נישט צו פאַרזען מיין שיף.

נאָך אַ מעת־לעת האָבן זיך גענומען ווייזן די אויבערשטע קאַבינעס און שפּעטער די גאַנצע שיף. דער קאַפּיטאַן פון לאַסטשיף האָט זיך גענומען פאַרשטענדיקן מיט מיין פריערדיקן קאַפּיטאַן. די שיפן האָבן זיך דערווייל דערנענטערט צו אַנאַנדער און איידער מען האָט באַוויזן פאָרמעל איבערצוגעבן „די אבידה״ האָבן מיך מיינע טוריסטן אַריבערגעשלעפּט איבער די באַריערעס.

כ׳האָב נאָך געהאַט גליק, וואָס מ׳האָט מיך נישט אַראָפּגעלאָזט אין דניעפּר אריין.

א קבלת־פּנים האָט מען מיר דאָ געמאַכט אַ פייערלעכע : מיט אַפּלאָדיסמענטן, האַנטדרוקן, אויסרופן, שאלות, אימפּראָוויזירטע אַנעקדאָטן.

כ׳האָב ערשט איצט דערפילט, וויפל פריינדשאַפט ס׳עמאַנירט פון אַזאַ קאָלעקטיוו „אויף רעדער״.

עס איז אויך קלאָר, אַז עקסקורסיע־טעג זיינען אַנדערע ווי אַרבעטס־טעג. די אַריטמעטישע געזעצן האָבן דאָ נישט קיין אָנווענדונג. די צייט פון אַ טוריסט מעסט זיך נישט מיט שעהן און מינוטן נאָר מיט כוח פון איינדרוקן. אַ טוריסט וואַרפט פון זיך אַראָפּ זיין שטענדיקע רוטין־מאַסקע און איז גרייט צו ווערן „אַ ראָמאַנטיקער״,„ ד. ה. אויפריכטיק מיט זיך אַליין און נאָכגעבן אייגענע שוואַכקייטן. ער קוקט אַנדערש אויף אַלץ און ווערט דורך דעם אַזוי ווייט אַבסאָרבירט, אַז ער פאַרגעסט וועגן „נאָרמאַלן״ לעבן און קערט זיך צו אים צוריק אַן אָפּגעפרישטער.

פאַר /מיר זיינען די צוויי וואָכן געווען ווי אַ חלום אויף דער וואָר.

איך האָב זיך דעמלט נישט פאָרגעשטעלט, אַז אין אַ יאָר אַרום וועל איך ווידער זיין פון יענער זייט גרענעץ צוזאַמען מיט הונדערטער טויזנטער אַנדערע יידן, וואָס האָבן געזוכט שוץ פאַר דער פאַשיסטישער מגפה.

## 11. נע וגד.

דאַנערשטיק, דעם 26־טן יוני 1941 בין איך נאָך געגאַנגען צו דער אַרבעט. ס'איז שוין ביי אונדז אין ביוראָ קיינער נישט געווען פון די אַנגעשטעלטע. די שטאָט איז שוין געווען טיילווייז צעשטערט, נאָך דעם מיטוואָכדיקן לופט־אַנפאַל. עס זיינען שוין געווען זייער פיל קרבנות. אַ באָמבע איז אריינגעפאלן אין אַ טראַנשיי, וואָס מענטשן האָבן אויסגעגראָבן אויף צו פארטיידיקן זיך און א סך זיינען דאָרט אומגעקומען, צווישן זיי פרוי בעקער, מיין שילערינס אַ מוטער. פון אַ באָמבע איז צעשטערט געוואָרן דער רעסטאָראַן פון קאַראָוועס און ער מיט דער משפחה זיינען אומגעקומען.

די דייטשן פלעגן ווארפן בייטאָג צינדבאָמבעס און די שרפות האָבן געדויערט שעהן־לאַנג און געדינט ווי אַן אָריענטיר פאַר די נאַכט־אַנפאַלן.

באָמבארדירט האָבן די פאַשיסטן כמעט אויסשליסלעך די ציווילע באַפעלקערונג, וואָס האָט געוווינט אין צענטער. דאָרט זיינען קיין מיליטערישע אָביעקטן נישט געווען.

מענטשן האָבן גענומען פאַרלאָזן דעם צענטער און זוכן א באהעלטעניש אויף די פעריפעריעס. מיטוואָך און דאַנערשטיק האָבן זיך אין אונדזער דירה געפונען צענדליקער מענטשן, פליטים אין דער אייגענער שטאָט.

דאַנערשטיק איז געפאַלן אַ טאַניקע באָמבע אַ פופציק מעטער פון אונדזער שטוב, א פאָר שריט פון יתומים־הויז.

א פאניק האָט באהערשט אלעמען.

מענטשן האָבן זיך אויסבאהאלטן אויפן בית־עולם, געלאָפן הינטערן שטאָט אין פאַרק, אין די סאָסענקעס, אַ דריי קילאָמעטער פון שטאָט און ווו די אויגן האָבן נאָר געטראָגן.

דער לערער שטיף, מיינס אַ שכן, האָט מיט דער פרוי, טאָכטער און צוויי אייניקלעך זיך געלאָזט צופוס אויף מזרח, שטופנדיק פאר זיך אַ קינדער־וועגעלע מיט אַ ביסל אָרעמקייט.

געווען אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געהאט אין זייער רשות אויטאָמאָבילן און מיטגענומען מענטשן, וועלכע זיינען געווען אַנגעשטעלט ביי זיי. ביז מיטוואָך האָט מען נאָך געקאָנט אַפּפאָרן מיט באנען, הגם ס'איז געווען שווער זיך אריינצובאַקומען און געפערלעך צו פאָרן, מחמת די דייטשע לופט־אַנגריפן אויף פאָרנדיקע צוגן.

איך בין געזעסן אין ביוראָ, וואָס האָט זיך געפונען אין אַמאָליקן מאַגיסטראַט, און געהאַט נאָך אינטערעסאַנטן. געווען דער דירעקטאָר פון דער פוי־

לישער שול אויף דער פֿאַרשטאָט צעגעלניע קרוקאָווסקי און מיט אים האָבן מיר באַטראַכט דעם צוזאַמענשטעל פֿון לערערס פֿאַרן קומענדיקן לערניאָר.

דער דאָזיקער קרוקאָווסקי איז מיט אַ גרופּע פֿון עטלעכע צענדליק פּוילישע אינטעליגענץ געווען פֿון די ערשטע דייטשע קרבנות.

אַרום צוועלף בין איך אַרויס פֿון ביוראָ זען, וואָס ס'טוט זיך אין שטאָט. מען הייבט קיין קאָרעץ. ס'פֿאַרשפּרייטן זיך קלאַנגען, אַז דייטשע דעסאַנטן האָבן פֿאַרנומען זדאָלבונאָוו. די בהלה איז געווען גרויס נאָך צוליב דעם, וואָס מען האָט געזען מיליטערישע טראַנספּאָרטן זיך באַוועגן אין דער ריכטונג פֿון קיִעוו.

ס'האָבן מיך אָנגעכאַפּט עטלעכע באַקאַנטע און געפֿרעגט וואָס איך האָב בדעה צו טון. יעדער האָט געמיינט, אַז דער צווייטער ווייסט אפֿשר עפּעס מער. איך האָב געהאַט צוערשט בדעה צו בלייבן.

ווי איך גיי אַזוי אין גאַס באַגעגן איך דעם לייטער פֿון שול־סעקטאָר ביים געגנט־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי, סיטשעוואָי. מיר האָבן זיך געקענט נאָך פֿון אָקטאָבער 1939 בעת ער, אין אַן אוניפֿאָרם פֿון אַ קאַפּיטאַן, איז געקומען אין לאָקאַל פֿון דער וואַל־קאָמיסיע צו דער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג, ווו איך בין געווען אַ מיטגליד. אין יענעם אָוונט האָט זיך צווישן אונדז געפֿירט אַ מיי־נונגס־אויסטויש און אַן אינפֿאָרמאַטיווע קאָנווערסאַציע וועגן געשיכטע, פֿילאָ־סאָפֿיע, דיאַלעקטיק. ער האָט זיך געוווּנדערט פֿון וואַנען מיר זיינען באַקאַנט נעמען ווי קאַנט, העגעל, מאַרקס. שפּעטער פֿלעגן מיר זיך באַגעגענען ביי פֿאַר־שיידענע געלעגנהייטן און אפֿילו געוווינט אין נישט־וויטער שכנות. זיין פֿרוי האָט געאַרבעט אין אַן אוקראַינישער שול, ווו איך פֿלעג אָפֿט קומען.

איך האָב געפֿרעגט דעם חבר סיטשעוואָי, ער זאָל מיר זאָגן וואָס ס'קומט פֿאָר און וואָס כ'האָב צו טון. ער האָט מיר מיט אַ ציטערדיקער שטימע גע־ענטפֿערט: וואָס עס קומט פֿאָר זעסטו דאָך, אַן איבערפֿאַל אַ פֿאַרברעכערישער, וואָס קאָסט שוין אַ סך קרבנות און ווער ווייסט וויפֿל ס'וועט נאָך קאָסטן. בנוגע דעם וואָס צו טון, הייס איך דיר בפּירוש זיך עוואַקואירן.

— און די משפּחה מיינע? — פֿרעג איך.

— ס'איז שפּעט צו טראַכטן וועגן פֿאָרן. צו פֿוס אויב איר קענט איז גוט. און טאָמער קאָן די פֿאַמיליע נישט פֿאָרן — פֿאָר אַליין. דיין פֿאַרבלייבן וועט זיי שאַדן ברענגען. און מיר נויטיקן זיך אין מענטשן. ווו דו וועסט זיך געפֿינען וועסטו צונויף קומען.

כ'בין אַהיימגעגאַנגען און דערציילט וועגן דער באַגעגעניש... און האַלב פֿיר נאָכמיטאָג האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער נע־ונד. נישט ווייט פֿון שטאָט האָב איך געטראָפֿן דעם זייגערמאַכער וויינשטיין מיטן זון. דער זון איז געווען אַלט אַ פּאָר און צוואַנציק יאָר. צו צוויי און צוואַנציק האָט ער באַקומען אַ דאָקטאָראַט פֿון מאַטעמאַטיק. אין יאָר 1939 איז ער געוואָרן מעטאָדיסט פֿאַר מאַטעמאַטיק אין אינסטיטוט צו פֿאַרפֿולקאָמען זיך פֿון לערער. ס'איז אים גע־געבן געוואָרן אַ מעגלעכקייט צו פֿאָרן קיין מאָסקווע, ווו דער אוניווערסיטעט האָט אָנערקענט זיין דיפּלאָם און אים פֿאַררעכנט צו די קאַנדידאַטן פֿאַר וויסנ־שאַפֿטלעכער אַרבעט. ס'איז פֿאַר מיר געווען קלאָר, אַז דוד מוז אַרויס פֿון

דאנען. נאָך יאָרן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיי זיינען צוריקגעקומען פון וועג און געטיילט דעם גורל פון אלע יידן.

דער וועג איז געווען געשטאָפּט. וואָס ווייטער כ'בין געגאַנגען אַלץ מער האָב איך געזען מענטשן. ס'זיינען געקומען אויך פליטים פון די דערביַיאיקע שטעטלעך און דערפער. געווען ביי אונדז א כלי־זמר ווילקאָמירסקי. ער האָט געטראָגן זיין ארבעט־וואַרשטאַט מיט זיך — דעם פידל.

ס'איז געווען אויסטערליש און עפּעס רירנדיקס אין דער דאָזיקער טראַגישער שעה! ס'דענערווירן זיך מאַמעס, וואָס זייערע קינדער וויינען, ס'זשומען די מאָטאָרן פון פריינדלעכע עראָפּלאַנען און אַלע מאָל לויפט מען זיך באַהאַלטן אין די קוסטעס, אין ראָוון, ס'פליען טראַסירנדיקע קוילן פון מאַשינען־ביקסן און מענטשן פאַלן טויטע — און דאָ א פידל.

די רעאַליטעט פון לעבן!

דעם זעלבן אָוונט בין איך נאָך אָנגעקומען קיין האָשטש.

אויפן וועג האָט מיר איינער געוואָלט פאַרקויפן אַ פּאָר פערד פאַר שפּאָט ביליג. אין מיין פאַרמעגן האָב איך פאַרמאָגט דריי הונדערט רובל. אַלץ איבעריקע איז געבליבן פאַר דער משפחה. מיין צופעליקער קאָמפּאַניאָן אין וועג האָט אַפילו יאָ געהאַט געלט צו קויפן די פערד, אָבער מיר האָבן ביידע געהאַט תמימותדיקע ספקות: טאָמער זיינען דאָס קאַזיאָנע פערד און מען וועט אונדז כאַפּן?

ווען מען קוקט פון א פערספּעקטיוו פון יאָרן און מען קאָן די לאַגע פון יענער צייט זעט מען, אַז די פערד וואָלטן אפשר געווען געקאָנט לייזן די פּראָגע פון עוואַקויִרן די משפחה און ממילא אליין אויך געראַטעוועט און איבערגעגעבן ווערן אין רשות פון דער מאַכט אַ פּאָר צענדליק צי הונדערט קילאָמעטער ווייטער אויף מזרח.

אָבער דער שכל קומט צו שפּעט.

אין האָשטש האָב איך אָנגעטראָפן באַקאַנטע: די משפחה גייפמאַן, וואָס האָבן זיך נאָך אין דער פרי אויסבאַהאַלטן ביי אונדז אין ראָוונע און זיינען אָוועק מיט דער איבערצייגונג, אַז איך פאַרבלייב אין ראָוונע. די טאָכטער פון די גייפמאַנס מיט איר מאַן זיינען אָוועק ווייטער און לעבן — די עלטערן זיינען געבליבן...

צו פוס האָב איך זיך צומאָרגנס פאַרטאָג געלאָזט ווייטער גיין. דער שליאַך האָט געפירט דורך קאָרעץ־נאָוואָגראַד־זשיטאָמיר. ביז זשיטאָמיר האָב איך קיין טראַנספּאָרט נישט באַקומען: די אויטאָס, וועגענער זיינען געווען פול געפּאַקט; די באַן־סטאַציעס זיינען געווען באָמבאַרדירט.

צווישן קאָרעץ און נאָוואָגראַד האָט מיך אָנגעיאָגט אַ וואָגן, איינגעשפּאַנט אין אַ פּאָר פערד, אויף וועלכן ס'זיינען געזעסן אַ פּאָר פאַרשוין אין אוניפאָרמען פון מיליציאָנערן.

זעענדיק מיך גיין איינעם אַליין מיט אַ מאַנטל און פאַרטפעל אין האַנט — מיין גאַנצער באַגאַזש — האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און מיך מיטגענומען מיט זיך.

אָבער זייער שפּראַך איז מיר נישט געפעלן. די פייגדלעכע באַציאונג צו דער ראַטנמאַכט, דאָס אָפּשפּאָטן פון מענטשן, וואָס אַנטלויפן נישט ווייסנ־דיק פאַר וואָס — דאָס אַלץ האָט מיך אַרויפגעפירט אויפן געדאַנק, אַז דאָס זיינען דיווערסאַנטן ספּעציעל אונטערגעשיקטע, אַז די אוניפאָרמען זיינען נאָר קאַמופליאַזש און אַז זיי פאַרנעמען זיך ריכטיק מיט שפּיאַנאַזש.

כ׳האָב זיך קוים דערוואַרט אויף אַ צופאַל, וואָס דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט און איך בין פּטור געוואָרן פון דער דאָזיקער „געזעלשאַפט”.

דיווערסאַנטן האָבן זיך אַרומגעדרייט דעמלט פאַרשיידענע, זיי זיינען געווען אומעטום. עס פלעגן פאַר דער מלחמה טיילמאָל פאַרשווינדן ווערן מענטשן, דערהויפּט אוקראַינער און שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זיינען געווען גרויסע שישקעס ביים דייטש.

געווען איז אין ראָוונע אַ פּוילישע פאָלקסשול אין אַמאָליקן הויז פון „תרבות” נר. 3 אויף דער וואָליע, וואָס האָט געהערט, דוכט מיר, צו הערש העלער דעם כראָניקער פון ראָוונע און איר אַנגעזעענעם בירגער. אגב, וועגן אים פלעגט מען דערציילן, אַז ער האָט אַנגעקלאָגט די צאַרישע רעגירונג פאַר דורכפירן אַ באַן אין מיטן שטאָט. און שטערן דורך דעם די נאָרמאַלע צירקולאַציע.

דער דירעקטאָר פון דער פּוילישער פאָלקשול איז געווען אַ פאַלאַני־זירטער אוקראַינער זינטשענקאָ.

איין מאָל קומט ער צו מיר אַ פאַרוויינטער און בעט כ׳זאָל ראַטעווען זיין זון, מען האָט אים אַרעסטירט אומשולדיק. דער פאָטער האָט געשווירן ביי אַלץ הייליקע, אַז אין שטוב הערט דער זון נישט קיין וואָרט פּאָליטיק און ער האָט זיך קיין מאָל מיט דעם נישט פאַרנומען. אויף וויפל דער זון איז געווען פאַרמישט אין פּאָליטיק — ווייס איך נישט, אָבער וועגן פאָטערס אַפּאָליטישקייט האָט מען זיך געקאָנט איבערצייגן, נאָך דער אָקופּירונג פון שטאָט. זינטשענקאָ איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג, וואָס איז דער־שינען אין ראָוונע אונטער דער אַפּוטרופּסות פון געשטאַפּאָ.

אין זשיטאָמיר האָב איך זיך ערשט אויפגעזעצט אויפן באַן, וואָס איז געפאָרן קיין פאַסטאָוו, און פון דאַנען גענומען דעם צוג קיין ביעלאיא צערקאָוו.

עס וואָלט מיר אויסגעזען מאָדנע און כ׳וואָלט זיך קיין מאָל דאָס נישט געקאָנט מוחל זיין פאַרבייצופאָרן נישט ווייט פון אָרט, וווּ ס׳האָט געוווינט דער מאַמעס אייניקל באָריא מיט זיין מוטער זאַיען.

דאָס ערשטע, וואָס כ׳האָב געטון איז געווען זיך גיין מעלדן אין וואָ־יענקאָמאַט (קאָמיסאַריאַט פאַר מיליטערישע ענינים) און דאָס צווייטע — זיך אויסבאָדן.

די שטאָט איז שוין געווען פול מיט לאַזאַרעטן. הגם דאָ האָט מען נאָך נישט געוואָרפן קיין באָמבעס און קיינער האָט וועגן עוואַקואַציע נישט גע־רעדט, אָבער די קריגס־שטימונג האָט זיך געפילט. אין יעדער שטוב איז געווען ווער מאָביליזירט : א מאַן, אַ זון, אַ ברודער. פרויען, וואָס האָבן נישט

געאַרבעט זיינען פרייוויליק געגאַנגען העלפן אין די שפּיטעלער, פאַרנעמען זיך מיט עוואַקואירטע אד״גל.

צום ערשטן מאָל זייט דעם 22־טן יוני האָב איך זיך אַוועקגעלייגט שלאָפן אין אַ בעט. דאָס איז געווען דער 1־טער יולי. אָפּגערוט אַ נאַכט האָב איך זיך גאַנץ פרי געגרייט אָפּצופאָרן קיין קיִעוו.

נישט לייכט איז געווען זיך אריינצובאַקומען אין אַ צוג. קיין רעגולערער פאַרקער איז שוין נישט געווען. די מיליטערישע טראַנספּאָרטן אויף מערב און די סאַניטאַרע צוגן פון מערב האָבן אַריינגעבראַכט אַ צעמישונג אין באַרמאַלן פאַרקער. די פאַרבייפאָרנדיקע עשעלאָנען און לאָסטצוגן האָבן אין אַ געוויסער מאָס פאַרלייכטערט די לאַגע. פאַרשטייענדיק די באַדינגונגען האָבן די סטאַציע־ און וואָקזאַל־שעפן אַליין געראָטן די פּאַסאַזשירן זיך אַרויפצוכאַפּן אויף די טראַנספּאָרטן. זיי זיינען אויך געווען פאַראינטערעסירט, צוליב זיכערקייט־צוועקן, אַז קיין גרויסע מאַסן וואַרטנדיקע מענטשן זאָלן זיך נישט אָנזאַמלען אויף איין אָרט. אַדאַנק דער אָט עלאַסטישקייט און הו־מאַניזם פון די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן טראַנספּאָרט האָב איך באַוויזן דעם זעלבן טאָג נאָך אָנצוקומען קיין קיִעוו.

## 12. פֿון קיעוו ביז בעלגראַד

ס'האָט זיך געפֿירט אין מלחמה־צייט, אַז יעדער מאַנספּאַרשוין איז זיך מחויב צו מעלדן אין וואָיענקאָמאַט אויב ער פֿאַרבלייבט אין געגעבענעם אָרט מער ווי פֿיר און צוואַנציק שעה.

איך בין געווען גרייט צו פֿאַרבלייבן דאָ און בכלל זיך נישט דערווייטערן פֿון מיינע מקומות. ס'איז מיר געקומען אויפֿן געדאַנק, מיט וואָס פֿאַר אַ נייגיר כ'האָב באַטראַכט קיעוו מיט אַ יאָר צוריק, ווי שטאַרק ס'האָט זיך מיר דעמאָלט געגלוסט צו פֿאַרלענגערן די „פּאָטיאָמקע" און ווי פֿריש ס'זיינען געווען די איינדרוקן פֿון געזעענעם. נישט געווען קיין זאַך זי זאָל נישט האָבן אַרויסגערופֿן אַ פֿאַרוווּנדערונג: אַ ניי הויז, אַ שיינע אַלייע, פֿריילעכע קינדער־פּנימלעך, ליכט־סיגנאַלן אויף די גאַסן, דער ריטעם פֿון דער שטאָט און די שטילקייט פֿון אירע גרינע ווינקעלעך.

קיעוו האָט געביטן דעם אויסזען און איך האָב אַנדערש געקוקט.

דער ברעג פֿון דניעפּער, די וואָקזאַלן זיינען געווען אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן אין עוואַקוּאירן זיך. מען האָט נישט געקאָנט וויסן, ווי לאַנג מען וועט דאַרפֿן וואַרטן. ס'האָט איבער משפּחות געהאָנגען דער כסדרדיקער פּחד פֿון פֿאַרלירן זיך אין מאָמענט, ווען דער צוג אָדער דער דאַמפּער וועט אָנקומען. אָבער אויך זיצן אויף אַן אָרט האָט מען נישט געקאָנט, ווייל דער הונגער האָט זיך נישט גערעכנט מיט קריגצייט און די קינדערלעך האָבן געהאַט טענות צו די עלטערן. היות ווי די צאָל פּליטים איז געווען אַ גרויסע, האָבן זיך אין די מאַגאַזינען געשאַפֿן רייען נאָך פּראָדוקטן.

פֿול מיט פּליטים זיינען געווען אויך אַנדערע ערטער: סקווערן פֿאַר צענטראַלע אינסטיטוציעס, פּאַרקן און הויפּטזעכלעך דער ריזיקער באָטאַנישער גאָרטן. אַזוי ווי מ'וואָלט זיך אָפּגערעדט פֿאָראויסן איז דער גאָרטן געוואָרן אַ פּליטים־בירזשע. דאָ האָבן זיך צוריקגעפֿונען צעשיידענע, דאָ האָט מען געהערט לעצטע נייעס וועגן פֿאַרלאָזענע שטעט און שטעטלעך און דאָ איז אויך געווען די לאַבאָראַטאָריע פֿון פֿאַלשע קלאַנגען.

כאָטש ס'איז געווען אַ הייסער זומערטאָג האָט מען געזען זיך שלענגלען רויכן פֿון די קוימענס און דער ווינט האָט פֿונאַנדערגעבלאָזן פֿאַראַשטע בלעטער פֿון געוויסע אַרכיוון, וואָס מען האָט נישט עוואַקוּאירט און אויך נישט געוואָלט איבערלאָזן פֿאַר די דייטשן.

מיינע באַקאַנטע פֿון פֿאַראַיאָרן האָב איך אָנגעטראָפֿן אין לעצטן מאָמענט פֿאַר זייער עוואַקוּאַציע מיטן דניעפּער. אָנגעגאַנגען אין אַ ויכּוח צווישן מאַן און

ווייב, צי וואָלט נישט געווען בעסער מיט אַן אויטאָ אָדער באַן. יעדער איינער האָט געהאַט זיינע אַרגומענטן.

— בעסער צו פֿאָרן מיטן באַן, ווי מיט אַ שיף. די דייטשן האָבן שוין גע־וואָרפֿן באָמבעס אויף פאַרשיידענע בריקן. זיי ווילן צושפּאַרן די אַרמיי צום דניעפּער און אוממעגלעך מאַכן איר דעם ריקצוג.

— האָסט נישט געהערט וועגן באָמבעס אין וויכטיקע באַן־קנופּנס ווי למשל דאַרניצאַ?

דעצידירט האָט די פּאַקטישע מעגלעכקייט צו באַקומען אַ טראַנס־פּאָרט־מיטל און אַלע דיסקוסיעס זיינען געווען אַ מין פאַרזיכערן זיך אַ פּאַטענט אויף שׂכל אין פאַל ווען דער צווייטער צד וועט האָבן אַ דורכפאַל.

„אהא, כ׳האָב געזאָגט — סטראַטעגיע״.

אָבער אין דער אמתן האָט מען זיך געמוזט אָריענטירן לויט די מינוטן. אַלע ווײַלע איז געווען אַן אַנדערער קלאַנג און אַן אַנדערע שטימונג.

אין וואָיענקאָמאַט האָט מען מיך פֿאַרשריבן אָבער נישט פאַרהאַלטן. אַ שלעכטער סימן געווען. דאָס האָט געהייסן, אַז מען קלייבט זיך נישט דאָ צו מאָביליזירן, נאָר מען שיקט אָפּ אַלעמען אויף מער זיכערע פּונקטן.

אין דעם מאָמענט האָב איך נישט געוווסט וועגן דער פאַראָרדענונג צו באַ־פרייען פון דער אַרמיי אַלע „זאַפּאַדניקעס״. (אָפּשטאַמיקע פון מערב־אוקראַינע און מערב־ווייסרוסלאַנד).

באַפרייט פון מיליטער בין איך געגאַנגען אין פּאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג. ערשטנס האָב איך געהאַלטן פאַר מיין חוב איבערצוגעבן אָפיציעל וועגן מצב אין ראָוונע און צווייטנס האָב איך געוואָלט, ווי אַן אַנגעשטעלטער פון געגעבענעם קאָמיסאַריאַט באַקומען ווייטערדיקע אויפטראַגן.

פון די ענטפערס האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אין קיעוו האָב איך נישט וואָס צו טון. קיינער האָט נישט געזאָגט איך זאָל בלייבן און קיינער האָט מיך נישט געהייסן פאָרן. ס׳איז אָבער געווען צו פאַרשטיין, אַז אין אַזאַ טומל און דערצו נאָך אין דער צייט פון די שול־פעריעס וועל איך קיין אַרבעט נישט קריגן.

אין די קאָרידאָרן פון מיניסטעריום האָב איך געטראָפן די פרוי פון מאַיאַר. זי האָט זיך געגרייט ווייטער צו פאָרן. כ׳האָב איר דערציילט, אַז נישט ווייט פון קאָרעץ האָב איך געטראָפן איר מאַן גריגאָרי פּאַוולאָוויטש און אַנדערע חברים פון דער אַרבעט. עצות בעטן האָב איך געהאַלטן פאַר נישט נוצלעך.

מיט אַ שווער געמיט האָב איך זיך געלאָזט גיין ווייטער.

דער וועג האָט מיך געפירט קיין בראָווארי. מיטן באַן פאָרן פון קיעוו האָב איך נישט געוואָלט מחמת סכנה פון באָמבאַרדירונג און שווערקייט צו באַקומען אַ פּלאַץ. אויף אַ קלענערער סטאַציע האָב איך גערעכנט גיכער צו כאַפּן אַן עשעלאָן.

די דערפער האָבן מיך אַ ביסל באַרואיקט. נישט געווען דאָרט אַזוי טומל־דיק, ווי אין די שטעט. מיט לאַנגזאַמע טריט האָב איך געשפּאַנט פון איין ישוב צום צווייטן. אין די דאָרפישע הייזער איז מעגלעך געווען צו באַקומען אַ שטיקל ברויט, אַ גלאָז וואַסער. כ׳האָב זיך גאַנץ אָפּט אָנגעטראָפן אויף פּויערים, וואָס האָבן מיר פאָרגעלייגט מילך אָנשטאָט וואַסער און קיין געלט נישט געוואָלט

בעמען. די דערפער זיינען געווען אויסגעליידיקט פון מענער. צומייניסטן האָבן זיך געוויזן אַלטע לייט, פרויען און קינדער. ס'האָבן זיך ארומגעדרייט פערצן־פופצן־יאָריקע קינדער מיט בענדער אויף די אָרעמס : פרייווילליקע מיליץ, „לופט־ און כעמישע־ פאַרטיידיקונג־גרופעס" (פווכ"אָ) אאַ"וו.

אין איין דאָרף האָט מיט מיר פאסירט אזא פאל. כ'האָב געפרעגט א ייִנגל דעם וועג אין א צווייט דאָרף. גאנץ העפלעך האָט ער מיר געענטפערט, אז ער וועט מיר ווייזן. איך גיי אים נאָך, רייד מיט אים וועגן שול, לימודים און ער ענטפערט מיר רואיק אויף אלץ. צום סוף קומען מיר צו צו א שטוב און ער זאָגט מיר כ'זאָל צוווארטן. אין א סעקונדע ארום קומט ארויס א מיליציאָנער און פארלאנגט מיינע דאָקומענטן. כ'האָב זיך לכתחילה פארוואונדערט און געוויזן אלע מיינע פאפירן.

שפעטער האָט מיך דער מיליציאָנער געפרעגט, ווו כ'האָב גענומען מיין מאנטל. כ'האָב א קוק געגעבן אויפן מאנטל און אלץ פארשטאנען. אויף דער פאָדשעווקע פון מאַנטל איז געווען אַ פאַבריק־צעטל מיטן נאָמען פון דער פירמע „דזע דזשענטלמען". ווען דער יונגער „פווכ"אָאיסט" האָט דערזען אַן אויפ־שריפט אין א פרעמדער שפראך האָט ער מיך באלד גענומען חושד זיין צי איך בין נישט קיין דיווערסאַנט. נישט וועלנדיק זיך אָבער פאַרראַטן האָט ער מיט מיר זייער העפלעך געשמועסט און מיך געבראכט צו פירן צו... דער מיליץ.

איך האָב אויפגעקלערט, אַז דעם מאַנטל האָב איך געקויפט נאָך אין פוילן און מיט גוטע ווונטשן פון מיליציאָנערן זיך געלאָזט ווייטער. כ'בין אָבער גע־וואָרן פאָרזיכטיקער און געטראָגן דעם מאַנטל מיטן פנים אַרויף.

אין בראָוואַרי האָב איך געכאפט א וואגאָן פון קוילן און זיך אוועקגעלייגט רוען. ס'איז אָבער נישט באשערט געווען צו האָבן א הנאה. א גאָס רעגן האָט זיך געלאָזט פון הימל און מיך דורכגעווייקט. דערצו נאָך האָט א ווינט גע־שאָטן שטיקלעך קוילן אין פנים אַריין. און דאָ איז נישטאָ ווו זיך צו באַ־האלטן. דער צוג לויפט און פון דער פלאטפאָרמע אריבערגיין אין א געדעקטן וואגאָן איז אוממעגלעך. ערשט אין ניעזשין, דער שטאָט פון גאָגאָל, האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט און פוטש־נאס מיט א פנים פון א קוימען־קערער בין איך אַריבער אין אַ געדעקטן וואַגאָן און אַזוי שוין פאָרפאָרן ביז קאָנאָטאָפּ.

וווהין פאָרט מען ווייטער ? וואָס פאר א פלאן האָב איך ? וועמען זאָל איך פרעגן ? כ'האָב נאָך געהאט געהערט אין קיעוו, אז מענטשן פאָרן קיין טאש־קענט. פארוואָס גראָד טאשקענט ? עס נעמט זיך ביי די „זאפאדניקעס" פון א ליטעראַרישער סוגעסטיע. געווען א מאָל א זייער פאָפולער בוך פון א. ניע־ווירעראָוו : „טאשקענט די שטאָט פון ברויט". וווהין זאָל מען פאָרן אין אַן עת־צרה ? דאָרט ווו ס'איז פאראן וואָס צו עסן..

מיין געדאַנקען־גאַנג איז געווען אַן אַנדערער : זיין וואָס נעענטער צו ראָוונאָ. עס מוז זיך דאָך אָפּשטעלן דער מארש פון די דייטשן און אָנהייבן אַן אָפּענסיווע. איז גלייכער צו זיין נישט ווייט און באלד קאָנען צוריקפאָרן.

דעמלט האָב איך נישט געטראכט, אז די ידיעה וועגן באפרייען ראָוונע וועט מיך טרעפן א פיר הונדערט קילאָמעטער פון מאָסקווע.

אין קאַנאַטאָפּ האָב איך נישט געוואָלט אויפבויען מיינע געצעלטן. ס׳איז מיר אויסגעקומען, אז דאָ אין פּראָווינץ וועל איך קיין ארבעט נישט קריגן און כ׳וועל די בייעס פון פּראַנט נישט הערן.

לאנג צו טראכטן איז נישט געווען וואָס. נישט פון מיר איז אָפּהענגיק וווהין ס׳פאָרט דער באַענטסטער צוג און אויב דו האָסט מזל און קריגסט זיך אין אים אריין — איז פרעג נישט, ביז וואנען ער וועט דיך פירן.

געפירט האָט ער ביז ביעלגאָראָד. די שטאָט איז נישט ווייט פון כאַר־קאָוו, געהערט אָבער אדמיניסטראטיוו צו דער רוסישער פעדעראציע, קורסקער געגנט. פון דאנען האָט א בלאָז געטון מיט הינטערלאַנד. ווי נאָר מיר זיינען אָנגעקומען אויפן וואָקזאל, האָבן אונדז באגעגנט פרויען פון הילפס־קאָמיטעט פאר עוואקואירטע און מכבד געווען מיט ברויט און הייסער זופּ. אויב דאָ ווערט געזאָרגט פאר מענטשן פון דער פרעמד, איז א סימן, האָב איך געטראכט, אז די אָרטיקע פירן נאָך א נאָרמאל לעבן. פארוואָסזשע זאָל איך טאקע נישט בלייבן דאָ ?

בפרט, אז פליטים, וואָס זיינען שוין געווען אין שטאָט האָבן דערציילט, אז אויך דאָרט מערקט זיך א זאָרג פאר די עוואקואירטע. פאראן א סטאָלאָווקע, וו זיי עסן און א פּראָוויזאָרישער לאָקאל אויף צו נעכטיקן. וואָס דארף מען ־ען מער ? דער עיקר איז שטענדיק דער ערשטער מאָמענט, דער ערשטער קאָנטאקט מיט מענטשן. אז מען קומט איבער דעם ערשטן פעריאָד, איז לייכט דערוויל צו זוכן ארבעט. דו ביסט נישט פארצווייפלט, אויב מען זאָגט דיר אויף איין אָרט אָפּ. האָסט צייט צו זוכן א צווייטס.

קיין גרויסן חשק צו וואנדערן אָן א ציל האָב איך נישט געהאט. דערצו איז צוגעקומען נאָך א געדאנק : וואָס ס׳וועלן טון אנדערע סאָוויעטישע בירגער, וועל אויך איך טון. כ׳האָב אויך געטראָפן דאָ באקאנטע פון ראָוונע : דעם אויגן־דאָקטאָר שאפיר און די משפחה מאַרמאָר. שאפיר האָט שוין געאַרבעט אין אַ פּאָליקליניק און מארמאָר איז געווען אינזשיניער אין א קעסל־זאוואָד. אלץ האָט גערעדט דערפאר, כ׳זאָל וועלן פארבלייבן אין ביעלגאָראָד.

און איך בין פארבליבן.

## .13 אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ.

ס'זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס טיילן זיך מיט גאָרנישט אויס פון זייער ארום. נישט קיין פאָסטן, נישט קיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, נישט זייער אויסערלעכער אויסזען פאַרמאָגט אין זיך עפּעס מאַרקאַנטס. אין גאַס לייגסטו אויף אַזאַ מענטשן נישט קיין אכט, זיין אָנטון איז גרוי, ווי ס'פירט זיך אין גע־געבענעם מיליע.

איינע פון אַזעלכע מענטשן איז געווען, און אפשר איז זי נאָך פאַראַן, אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ ליבניק, וואָס האָט אין יאָר 1941 געוווינט אויף לעניןגאַס נומער 4 און נאָך דער מלחמה, אויף נאַראָדנאַיאַ 61.

נאָך צוויי טעג פאַרברענגען אין קלוב פון די אָנגעשטעלטע אין שטאָטישע אינסטיטוציעס, ווו ס'האָט זיך געפונען דער מקום־מקלט פון די פליטים, האָב איך באַשלאָסן צו זוכן אַ דירה, ד. ה. אַן אָרט אויף איבערצונעכטיקן. ביי־טאָג איז מען ארומגעגאַנגען זוכן ארבעט, זיך טרעפן מיט מענטשן און הויפּט־זעכלעך וואַרטן אויפן וואָקזאַל. דאָ האָט מען שטענדיק געקאָנט באַגעגענען אַ באַקאַנטן פון דעם אָדער יענעם לעבנס־פּעריאָד.

דאָ איז מיר אויסגעקומען צו פאַראייניקן אַ משפּחה. געשען איז עס אַזוי. איין מאָל באַגעגן איך די פרוי פון אַ מיטלשול־דירעקטאָר אין ראָוונע, בריט־ווא, זיצן מיט דריי קינדערלעך אין וואַרטעזאַל פון וואָקזאַל. איך פרעג, וואָס ס'איז געשען. דערציילט זי מיר אַ מעשה, ווי אַזוי זי האָט פאַרלוירן דעם מאַן בשעת אַ סומאַטאָכע.

דריי טעג איז זי אָפּגעזעסן און צום סוף אָפּגעפאָרן ווייטער און מיר אי־בערגעלאָזט אַן אדרעס וווהין זי וויל זיך דערשלאָגן.

אומגעפער אַ וואָך שפּעטער טרעף איך בריטווען אַ פאַרצווייפלטן. ער דער־ציילט די זעלבע מעשה און איז אויסער זיך פון צרות. כ'האָב אים באַלד געגעבן דער פרויס אדרעס. אין יאָר 1945 האָב איך זיי געטראָפן אַלע אין ראָוונע.

אַ דירה האָב איך געזוכט נאָענט פון באַן און טאַקע געפונען אדאַנק אַ קאַסירערין פון דער סטאַנציע. זייענדיק דאָרט אַזאַ אָפטער גאַסט האָב איך אַמאָל זיך באַקענט מיט איר און גערעדט וועגן זאַכן, וואָס האָבן דעמלט אַלעמען אינ־טערעסירט: מלחמה, פליטים, מערב־אוקראַינע. מען האָט שוין דעמלט געוווּסט וועגן שפּיאָנאַזש און דיווערסיע מצד גרופּעס פון דער דאָרטיקער באַפעלקע־רונג, וואָס האָט געלייגט האָפענונג אויף היטלערן, אַז ער וועט אויפשטעלן אַ „סאַמאָסטיינאַ אוקראַיינאַ" מיט קאָנאָוואַלעצן צי באַנדעראַ בראש. זי האָט זיך באַצויגן צו מיר מיט אַ סך מיטלייד און צוגעזאָגט צו געפינען אַ דירה.

זי האָט געהאַלטן וואָרט.

ביי א צווייטער באַגעגעניש האָט זי מיר געזאָגט, אז אירס א חברטע, וועמענס דריי זין און אײדעם געפינען זיך אויפן פראָנט, איז גרייט, אויפן סמך פון איר רעקאָמענדאַציע, מיך אַריינצולאָזן צו זיך וווינען.

דאָס איז געווען אַלעקסאַנדראַ סעמיאַנאָוונאַ.

איר מאַן ספּירידאָן סעמיאָנאָוויטש פון אַ יאָר זעכציק אָדער מער, איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין א טאַבאַק־פאַבריק, די טאָכטער האָט געאַרבעט נישט ווייט פון סומע ווי אַ כעמיקערין אין אַ צוקער־זאַוואָד. אין שטוב האָט זיך געכאַוועט אַן אייניקל, וועמענס פאָטער איז געווען אין דער אַרמיי און די מוטער האָט געאַרבעט אין אַ קאָלכאָז.

די דירה איז באַשטאַנען פון אַ קוך, אַן אַלקער, אַ קליין צימערל און אַ גרויסן צימער.

ווען איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, האָט זי מיר באַלד אָפּגעטראָטן דעם גרויסן צימער און זיי זאַלבעדריט האָבן זיך איבערגעטראָגן אין אַלקער. מיין פּראָטעסט האָט נישט געהאָלפן.

מיט באַדויערן האָט זי באַטראַכט מיין „באַגאַזש" און מיר צוגעגרייט אַ בעט מיט קישנס, קאָלדרעס, ליילעכער, אַזוי ווי כ'וואָלט געווען אַ זייער אָנגעלייגטער גאַסט.

די מעבלירונג פון שטוב איז געווען אַ פשוטע, אַן אַלטפּרענקישע. אַ קאַמאָד האָט פאַרנומען אַ פערטל צימער. אויפן קאָמאָד האָבן מיך פאַראינטערעסירט די ביכלעך. געווען דאָרט שאַפּונגען פון פעט, אַ באַנד טאָלסטאָי און אַ דיקער בוך אין אַ פּראַכט־איינבאַנד, וואָס איז שוין אַלט געווען אַ יאָר פופציק אָדער מער און אַריבער בירושה פון די עלטערן:ביידע טעסטאַמענטן. לויט דעם אופן פון אָפּשטויבן דעם בוך, פון אָוועקלייגן אים און אַנדערע דיסקרעטע, נישט אויסדריקבאַרע סימנים האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ איז אַ גלויביקע.

אין דעם האָט זי זיך מיר טאַקע מודה געווען און זיך באַקלאָגט, אַז אירע קינדער זיינען פולשטענדיקע בעזבאָזשניקעס (אַטעאיסטן).

ס'איז מיר נאָר איבערגעבליבן זי צו טרייסטן, אַז זי איז נישט די אייאנציקע און אַז מיין מאַמע פלעגט זיך ביי מיר בעטן:

— כ'פאַרשטיי, יעדן טאָג קאָנסטו נישט דאַווענען, שבת האָסטו אויך עפּעס א תירוץ, אָבער איין מאָל אין יאָר יום כיפור? אַפילו די גרעסטע אפיקורסים— דאַ פלעגט קומען אַ צעטל פון „דייטשן" ד. ה. אינטעליגענטע גבירים — גייען דאָך אויך אין טעמפּל איין מאָל אין יאָר.

כ'האָב דערציילט אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ, אַז מיין מאַמען איז נמאס געוואָרן מיר צו דערמאָנען, ווייל נאָך דעם, ווי זי פלעגט דערמאָנען, אַז „די אפיקורסים גייען דאַווענען" האָב איך געווייַנטלעך צוגעגעבן:

— נישט נאָר זיי גייען, נאָר זיי קומען אַפילו צו פאָרן צו „כל־נדרי", מיט אויטאָס, אַזוי איילן זיי זיך צום רבונו של עולם אויסנאָרן אַ קאָנצעסיע אים אָפּצונאַרן אַ גאַנץ יאָר.

אַלעקסאַנדראַ סעמיאַנאָוונאַ פלעגט לאַכן פון אַזעלכע אַנעקדאָטן. איר רעליגיאָזיטעט איז געווען אַ טיף איינגעוואָרצלטע אָבער אַ טאָלעראַנטע און נישט פאַנאַטישע. זי איז געווען רעליגיעז פאַר זיך פונקט ווי אַנדערע זיינען וועגעטאַריאַנער, ספּיריטיסטן, מעלאָמאַנען אאַ״וו.

זי האָט אידענטיפיצירט רעליגיע מיט עטיק און מאָראַל און אין דעם פרט איז זי געווען אַ באמת זעלטענער מענטש.

שוין איר איידל באַנעמען האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ. זי האָט מיך אָפט איינגעלאַדן צו אַ גלאָז טיי אָדער צו אַ מאָלצייט, ווייסנדיק אָדער פילנדיק אַז מיין איינזאַמקייט קאָן געמילדערט ווערן דורך אַ משפחה־סביבה. איך פלעג אויסמיידן צו זיין אין שטוב בעת זיי פלעגן עסן, כדי נישט אַוועקצושטעלן זיי אין אַ לאַגע פון מוזן מיך איינלאַדן צום טיש.

אַלעקסאַנדרא סעמיאָנאָוונא פלעגט אָבער געפינען תירוצים מיך צו צוויבגען אַנצונעמען אַן איינלאַדונג. אַ מאָל איז דאָס געווען דער באַזוך פון איר טאָכטער נילא, אַמאָל האָט מען איר געבראַכט גוטע זאַכן פון קאָלכאָז, אַ דריט מאָל קומט צו איר איר חברטע די קאַסירערין פון וואָקזאַל און אַזוי ווייטער. כ׳וועל נישט זאָגן, אַז ס׳איז מיר נישט געווען ליב אַזאַ באַציאונג. איך האָב זיך שנעל צוגעבונדן צו דער משפחה און ווען כ׳האָב אפילו געאַרבעט אין סטאַרי גאָראָד, פינף קילאָמעטער פון ביעלגאָראָד פלעג איך כמעט יעדן טאָג קומען זיי באַזוכן.

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך צו אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאָס באַציאונג צו מענטשן און מיטלייד צו זייער גורל איז דער פאַל מיט דער משפחה קאַטשקאַ.

אין קלוב, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האָטעל, האָבן מיר באַקאַנטע פאַרגעשטעלט אַ פרוי פון ראָוונע. איך האָב זי נישט געקענט פון פריער. דאָס איז געווען די פרוי פון מאָטל קאַטשקאַ, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאָט אין וואַרשע. דערהערט דעם נאָמען קאַטשקאַ זאָג איך איר, אַז כ׳האָב באַגעגנט מאָטלען נאָך אין קאָרעץ. ער איז דאָרט געווען מיט די עלטערן. זיי (די עלטערן) האָב באַשלאָסן ווייטער נישט צו גיין און אַזוי אַרום האָט ער זיך געקליבן איינער אַליין אין ווייטערדיקן וועג.

זי האָט זיך דערפרייט מיט דער ידיעה. זי האָט זיך עוואַקואירט מיט אירס אַן אינסטיטוציע און כ׳דערמאָן זיך נישט גענוי ווי אַזוי זי האָט זיך צעשיידט פון מאַן. דער עיקר — זי איז געבליבן אַליין.

ווי נאָר כ׳האָב דערציילט די מעשה זאָגט מיר באַלד אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ כ׳זאָל די פרוי ברענגען צו פירן אַ היים. זי וועט שוין פאַר איר געפינען אַן אָרט. קלאָר, אַז מיין בעט האָט זי איצט פאַרנומען און איך בין אַריבער אויפן דיל, ווו ס׳איז געווען אויך גאַנץ ווייך אויסגעבעט.

אין אַ געוויסן טאָג קלייב איך זיך צו פאָרן קיין כאַרקאָוו זען און הערן וואָס ס׳טוט זיך אויף דער וועלט. אין כאַרקאָוו האָט אויך געוווינט זאַיעס שוועסטער זינאַאידא איוואַנאָוונאַ, פאַרהייראַט מיט אַן אינזשיניער פון טראַקטאָרן־זאַוואָד גורוויטש. דאָס פאָרן איז נישט געווען אַזוי פשוט. קיין כאַרקאָוו האָט מען

נישט אַרייַנגעלאָזט אָן אַ דערלויבעניש. אין קאַזאַטשיאַ האָט מען געמוזט שטעמפּלען די בילעטן. איבערגעקומען אַלץ אין אַ מזלדיקער שעה — בין איך אַרייַנגעפֿאָרן אין כאַרקאָוו.

הגם די שטאָט איז שיין, ממש פֿאַרכאַפּנדיק, איז מיר אָבער פֿון יענער צייט גאָרנישט נישט געבליבן קיין איינדרוקן. כ'האָב געזוכט מענטשן, געטראָפֿן שוין זאָיען מיטן קינד בײַ דער שוועסטער. פּונקט דעם טאָג איז זי אַוועק גראָבן טראַנשייען צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע פֿרויען.

די שולן זײַנען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אָדער אין שפּיטעלער פֿאַר פֿאַרוווּנדעטע אָדער אין לאַגערס פֿאַר עוואַקויִרטע.

אין איינעם פֿון די דאָזיקע לאַגערס האָב איך באַגעגנט... מאָטל קאַטשקאַ.

די ערשטע פֿראַגע, וואָס מענטשן האָבן אין יענער צייט געשטעלט אײנער דעם צווייטן איז געווען: צי האָסטו באַגעגנט מײַן פֿרוי, קינד, עלטערן, פֿרײַנט אאַ"וו.

ווי איבערראַשט איז געווען מאָטל, ווען כ'האָב אים געזאָגט, אַז זײַן פֿרוי געפֿינט זיך זעכציק קילאָמעטער פֿון דאַנען און איז פֿאַרזאָרגט דורך אַ רוסישער פֿרוי מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ.

צו זײַן פֿרייד איז קיין גרענעץ נישט געווען. מיט אומגעדולד האָט ער שוין געוואַרט, מיר זאָלן צוריקפֿאָרן קיין ביעלגאָראָד.

מער ווי דאָס אָפּגעפֿונענע פֿאַרפֿאַלק האָט זיך געפֿרייט די פֿרוי ליבניק. זי האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי אויפֿצונעמען מאָטלען. ס'איז אַפֿילו נישט געשטאַנען די פֿראַגע, וווּ ער זאָל גיין וווינען. ס'איז געווען זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז מיר וועלן שוין זאַלבעדריט וווינען אין צימער. אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוואַ וואָלט זיך וואַרשײַנלעך פּונקט אַזוי געפֿרייט ווען איר איידעם קומט צוריק פֿון דער מלחמה און באַגעגנט זיך מיט נילען.

דעמלט האָב איך ערשט אָנגעהויבן זיך בעסער צוצוקוקן צו איר און אויסגעפֿונען ענלעכקייטן, פֿאַרשיידענע ענלעכקייטן אין אויסזען, אין באַנעמען, אין די באַוועגונגען און אופֿן רעדן פֿון אונדזער באַלעבאָסטע. כ'האָב אַנטדעקט, אַז זי קעמט זיך ווי מײַן מוטער, אַז זי רעדט מיט איר טאָכטער און מיטן אייניקל פּונקט אַזוי, ווי ס'האָט גערעדט בלומע מיט ראָזען און דאַנקען. איר גרויע האָר און דער יונגער פּנים האָבן איר צוגעגעבן אָן אַ שיעור חן. זי איז אַמאָל אַרויסגעגאַנגען הינטערן שטאָט זוכן איר זון צווישן אַ גרופּע זעלנער, וואָס האָט געדאַרפֿט דורכגיין פֿון אַ זאַמלפּונקט צום בריאַנסקער פֿראָנט גראָד אַזוי ווי בלומע איז אין די סעפּטעמבער־טעג 1939 אַראָפּ צום האָרין זען, צי ס'געפֿינט זיך נישט צווישן די זעלנער איר זון שמחה, וועגן וועלכן זי האָט שוין לאַנג נישט געהערט גאָרנישט.

אמת, אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ האָט דאָס מאָל געהאַט מער מזל און יאָ געזען איינעם פֿון אירע זין. אַ צווייטער איז געווען אין פֿליער־שול אויף אוראַל. וועגן איידעם, נילאַס מאַן איז קיין ידיעה נישט געווען.

אַן אינטערעסאַנטער פֿאַל פֿון אַ שמועס מיט נילאַ ספּירידאָנאָוונאַ האָט זיך מיר אײַנגעקריצט אין זכרון. איר מאַן, פּלאַזינסקי, פֿון פּוילישער אָפּשטאַמונג. קומענדיק צו גאַסט צו דער שוויגער, אַ פּוילישער פֿרוי, האָט זיך

נילא אויסגעלערנט אַ פּאָר פּוילישע ווערטער. מיך האָט אינטערעסירט צו וויסן, וועלכע ווערטער זי קען און האָב אזוי אין שפּאס אַנגעהויבן מיט איר צו ריידן פּויליש. נילא האָט מיר באַלד געגומען רעציטירן אַן עפּיגראם, וואָס שטאַמט פון אַ פּוילישן פּאָליטישן שרייבער פון 18־טן יאָרהונדערט:

„פּאַשטעט מאָזשע אי נאַרוד וויעלקי,
זגינאָנטש — טילקאָ ניקטשעמני״.

וואָס הייסט, אז פאַלן קאָן אויך א גרויס פאָלק, אונטערגיין — נאָר א נישטיקס.

דער דאָזיקער זאַץ, געהערט פון א רוסישער פרוי, וואָס האָט זיך אים אויסגעלערנט פון אַ פּוילישער לאַנגיאָריקער עמיגראַנטקע, אָדער אָפּשטאַ־מיקער פון עמיגראַנטן, האָט מיר געגעבן א סך צו טראכטן וועגן דער צוגע־בונדנקייט פון די פּאָליאַקן צו זייער לאנד. כ׳האָב זיך אויך נישט געוווג־דערט, וואָס נאָכן באַפרייען פּוילן פון פאַשיסטישער הערשאַפט זיינען טויזנטער עמיגראנטן צוריקגעקומען אויפבויען דאָס לאנד און דאָרט לעבן ווי א פאָלק.

דער פּראָנט האָט זיך דערווייל דערנעענטערט קיין ביעלגאָראָד. עס האָט זיך אויך דאָ געשטעלט די פראַגע פון עוואַקואַציע. נילאַ, ווי אַ׳קאַנדידאטין פון דער פּארטיי, האָט נישט געטאָרט בלייבן. זי האָט זיך געזאָלט עוואַקואירן און אַריבערפאָרן׳אַרבעטן אויף אַ זאַוואָד אין טאלדי־קורגאן אין קאזאכסטאַן.

פאַר איר אָפּפאָרן האָט מיר איר מוטער געזאָגט: דו וועסט דאָך אוודאי אויך פאָרן, איז האָב איך צו דיר אַ ביטע, דו זאָלסט פאָרן צוזאַמען מיט נילען. אַז כ׳וועל וויסן, אז זי האָט א נאָענטן מענטשן ביי זיך, וועל איך זיין רואיק. און טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן.

אירע ווערטער האָבן אויך מיר געגעבן א קלעם ביים האַרצן: צו־טרוי, אין אזא שווידערלעכער, אומרואיקער צייט. זי האָט געמאָסטן די מענטשן לויט איר אייגענער מאָס גוטסקייט, וואָס האָט פון איר עמאַנירט. נישט האָ־בענדיק די אייגענע קינדער אינדערהיים האָט זי די גאַנצע מוטער־לעכע ליבשאַפט איבערגעטראָגן אויף אַנדערע. זי האָט געגלויבט, אַז אויך אנדערע וועלן איר אָפּצאָלן מיט דעמזעלבן. ס׳האָט זיך מיר נישט געלייגט די צונג אָפּצוזאָגן.

און כ׳האָב געהאַלטן וואָרט.

## 14. די משפּחה גילדוואַרג

אין דער סטאָלאָווקע, ווו מיר פלעגן עסן, זיינען שטענדיק געווען אַרטי־קע איינוווינער. א טייל פון זיי האָט געהערט צום קאָמיטעט, אנדערע האָבן געאַרבעט בשכנות און זיינען אין דער מיטאָג־שעה גלאַט אַריינגעקומען. ס'זיינען געווען אויך נייגעריקע, וואָס האָבן געוואָלט זען „ביעזשענצעס".

צווישן די באַזוכערס האָבן נישט געפעלט קיין יידן. זיי האָבן אונדז דערקענט לויט אונדזער פאַרקריפּלטן רוסיש און אפשר אויך לויטן אויסזען. זייער פריינדלעכקייט האָט זיך געמערקט פון ערשטן מאָמענט. פון זיי האָט מען באַקומען עצות, ווו צו קריגן אַ דירה. זיי האָבן געגעבן אינפאָרמאַציעס וועגן אַלץ, וואָס האָט א „ביעזשעניעץ", בפרט מיט משפּחה, געקאָנט איב־טערעסירן: ווו און ווען קויפט מען מילך, גרינוואַרג, פלייש, ברויט; וויאזוי דערלייידיקט מען פאָרמאַליטעטן אין די אמטן; ביי וועמען דאַרף מען זיך נאָכפרעגן אויף אַרבעט.

מיט זיי איז לייכט געווען זיך צו פאַרשטענדיקן אין יידיש.

אין קלוב האָב איך זיך באַקענט מיט בנימין איסאַקאָוויטש גילדוואַרג, א מענטש פון איבער די פופציק, נידעריק געוואַקסן מיט אַן ערנסטקייט אין פּנים.

מיר האָבן זיך זייער שנעל מתקרב געווען. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט נאָך מיין פּראָפעסיע. ווען כ'האָב אים דערציילט, אַז איך בין א לערער, א פּובליציסט און שרייב אַמאָל אויף אַ ווייסנשאַפטלעכער טעמע, האָט ער זיך פאַרטראַכט, א ווייל געשוויגן און ביים געזעגענען זיך געבעטן, כ'זאָל אים קומען באַזוכן.

פון זיין גאַנצן באַנעמען האָב איך זיך אָנגעשטויסן, אַז ס'דריקט עפּעס אויף זיין געמיט און ער האָט חשק מיט מיר זיך צו טיילן. דער קלוב איז דערפאַר נישט קיין פּאַסיקער אָרט.

גיין צו אים אַהיים אָדער נישט?

די אַ פראַגע איז אין יענע מאָמענטן נישט געווען קיין איינפאַכע, ווי ס'קאָן זיך היינט דאַכטן. גיין האָב איך געוואָלט, ווייל כ'האָב געוואָלט זיין אין אַ געוויינטלעכער, נאָרמאַלער שטוב, פילן א היימישע וואַרעמקייט און הנאה האָבן פון יענעמס פרייד, אויב איך אליין האָב זי נישט. אָבער דער געדאַנק, אז מען קאָן מיך מכבד זיין מיט אַ גלעזל טיי אָדער מיט אַ טעלער זופּ האָט כמעט ווי דעצידירט, כ'זאָל די איינלאַדונג נישט אָננעמען. מיך האָט

די גאַנצע צייט פֿון מיין זיין בע־ונד פֿאַרפֿאָלגט דער געדאַנק, אַז מען דער־בידעריקט מיך דורך אַרויסווייזן אַ וואָרעמקייט. כ׳האָב די עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע געפֿילן באַטראַכט פֿאַר רחמנות, וואָס באַליידיקט.

אין אַ סך, זייער אַ סך פֿאַלן בין איך נישט געווען גערעכט. אין דעם פֿאַל, למשל, מיט גילדוואַרגן האָב איך געדאַרפֿט זיין דער שטאַרקער און אים און זיין פֿרוי ברענגען טרייסט. דער אופֿן, ווי ער האָט מיך געבעטן קומען האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז כ׳וועל באַגיין אַן עוולה לגבי אַ מענטשן, אויב כ׳וועל אים נישט לאָזן, זיך אַראָפּריידן פֿון האַרצן.

ס׳זעט אויס, אַז ס׳זיינען פֿאַראַן נאָך מער אומגליקלעכע מענטשן פֿון אַ פּליט. אַ פּליט איז נאָך געצוווּנגען צוליב די אויסערלעכע באַדינגונגען זיך צו האַלטן אין די ראַמען. ער לעבט אין אַן אומזיכערקייט און האָפֿענונג און באַמיט זיך צו קאָנסערווירן, כדי איבערצוקומען די צייט.

אַן איינגעזעסענער איז ווייניקער פֿאַרהאַרטעוועט. ווען ער מיינט, אַז ס׳איז נישט אַלץ כשורה, גליטשט זיך ביי אים אַרויס דער באָדן פֿון אונטער די פֿיס.

דער עצם פֿאַקט, אַז מען לאַדט מיך איין ווי אַ מענטשן, האָט מיר צוריקגעגעבן מיין ווירדע און אַ באַרואיקטער בין איך געקומען צו בנימין איסאַקאָוויטשן אין שטוב.

די וווינונג האָט זיך נישט אונטערשיידט פֿון אַ סך אַנדערע אין די קליינע שטעטלעך פֿון פּוילן אָדער די קרעסן: גרויסע בעטן מיט אַ סך קישנס און איבערבעטן, אַן אַלטמאָדישער אַלמער אויף זאַכן און אַ פּאָר פּאָליצעס ביכער. אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ טיש, וואָס מען קאָן פֿאַרלענגערן און אַ פּאָר וויענער שטולן. אויף די ווענט יידן אין יאַרמולקעס און פֿרויען אין פּאַרוקן: די עלטערן פֿון די בעלי־בתּים.

די ביכער: חומש, מחזורים, פּושקין, טאָלסטאָי, מאַרקס, ענגעלס, לענין. אַ צענטראַל אָרט צווישן אַלע בילדער האָט פֿאַרנומען אַ פּאָרטרעט פֿון אַ בחור פֿון אַ יאָר דריי־און־צוואַנציק.

איצט האָב איך שוין אַלץ פֿאַרשטאַנען!

מיכאל איז געווען די הויפּט־פֿיגור אין שטוב. די עיקר־טעמע פֿון אַלע שמועסן, דער דעצידירנדיקער פֿאַקטאָר פֿון אַלע טראַכטענישן און טראַונגען.

און ער איז געווען ווייט, ערגעץ אויפֿן פֿראָנט.

דער פֿאָטער האָט אַרויסגענומען פֿון שופֿלאָד אַ פּאַפּקע, געעפֿנט זי און אַרויס־געשלעפּט אַ בינדל אַרטיקלען אויף פֿילאָזאָפֿישע טעמעס מיט דער אונטערשריפֿט: מ. ב. גילדוואַרג, קאַנדידאַט פֿון פֿילאָזאָפֿישע וויסנשאַפֿטן. אַזאַ טיטול, וואָס עפֿנט דעם וועג צו אַ קאַטעדרע אין אוניווערסיטעט פֿאַרמאָגן נישט אַ סך.

די מוטער האָט מיר געוויזן שול־צייגענישן, בריוו. העפֿטן, בילדער. דער אופֿן פֿון אָנגעמען די אַלע קעגנשטאַנדן האָט עדות־געזאָגט, אַז דאָ היט מען די זאַכן ווי רעליקוויעס. כ׳וואָלט זיך אַפֿילו נישט געווען געוווּנדערט, ווען די עלטערן גיבן אַ קוש אַ העפֿט איידער זיי לייגן אים צוריק אויף אַן אָרט.

דער זון האָט שוין זייט עטלעכע וואָכן נישט געשריבן. דער לעצטער בריוו פֿון סוף יולי האָט אַנטהאַלטן אַ רמז, אַז ער איז אַן איבערזעצער אין שטאַב.

שפּעטער האָט זיך באַקומען אַ נישט־דירעקטע ידיעה, אַז דער שטאָב זאָל כלומרשט האָבן געווען אַרומגערינגלט און געפּײַנט זיך אפשר אין געפאַנגענשאַפט.

זײ האָבן נישט גערוט, די עלטערן, דער עיקר דער טאַטע. די מאַמע איז געווען באַשעפּטיקט מיט ווירטשאַפט, פלעגט קומען צווישן מענטשן און זיך אַראָפּרײדן פון האַרצן. דעם פאָטערס טרויער איז געווען אַ שטילער, אַ שווײַגנדיקער.

מײַן אָנווזנהייט האָט אויף אים געווירקט באַרואיקנדיק.

ער האָט מיר דערציילט:

מיכאַל איז געווען אַ באַגאַבט קינד. אין שול איז ער געווען דער ערשטער שילער. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער איז געווען אַ בן־יחיד האָבן מיר מיטן דערציען אים קיין שווערקייטן נישט געהאַט. ער האָט נישט באַנוצט קיין גראָבע ווערטער, איז שטענדיק געווען גרייט צו די לימודים און האָט ליב געהאַט אַ סך צו לייענען.

אין ביעלגאָראָד איז נישטאָ קיין סך יידן און די, וואָס זײַנען פאַראַן, לעבן ווייט איינער פון אַנדערן. קיין יידיש לעבן איז נישטאָ. אָבער אַזוי ווי כ'האָב נישט געוואָלט ער זאָל זײַן פרעמד פון יידישקייט האָב איך פאַר אים געדונגען אַ לערער, וואָס האָט מיט אים געלערנט העברעאיש. מיכאַל האָט געלייענט תנך און קאָן די לידער פון יהודה הלוי.

ווען ער האָט געענדיקט די דיעסיאַטילעטקע (מיטלשול) האָבן מיר געהאַט צו לייזן אַ דילעמע. וואָס זאָלן מיר מיט אים ווייטער מאַכן ?

וועט ער ווייטער לערנען — הייסט, אַז מען וועט זיך מיט אים מוזן צעשיידן. די איינציקע הויכשול פאַר אים אין ביעלגאָראָד איז געווען בלויז דער פּעדאַגאָגישער אינסטיטוט. מיר האָבן אויף אים משפּיע געווען ער זאָל זיך דאָרט לערנען און אַזוי אַרום אים האָבן ביי זיך נאָך אַ פּאָר יאָר. ער איז נאָך געווען צו יונג אויף צו זײַן אין דער פרעמד.

אין ביעלגאָראָדער אינסטיטוט האָט אים אַ פּראָפעסאָר געראָטן צו פאָרן קיין מאָסקווע, ווײַל דאָ איז נישטאָ קיין פאַסיקער מיליע פאַר זײַן וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. ער איז אַוועקגעפאָרן. פּינקטלעך יעדע וואָך איז אָנגעקומען פון אים אַ בריוו, אָבער קיינמאָל האָט ער פון אונדז נישט געבעטן קיין געלט. אַז ער פלעגט קומען אויף די זומער־ אָדער ווינטער־פעריען האָבן די ווענט פון דער שטוב געשמייכלט.

מיט אויסצייכענונג האָט ער פאַרענדיקט זײַן אספּיראַנטור און זיך געגרייט צו וויסנשאַפטלעכער אַרבעט.

און מיט אַ מאָל...

אויף פאַרשיידענע אופנים און יעדעס מאָל מיט אַנדערע פּרטים האָבן די אַרעמע עלטערן איבערדערציילט די ביאָגראַפיע פון זייער זון.

אין סעפּטעמבער 1941 האָבן זיי געזאָלט אָפּפאָרן פון ביעלגאָראָד. ווען זיי האָבן באַקומען דעם אַטעסטאַט פון זייער זון (אַ פולמאַכט פון אַן אָפיציר מען זאָל אויסצאָלן אַ טייל פון זײַן געהאַלט), האָבן זיי מיר פאַרגעלייגט איך זאָל מיט זיי מיטפאָרן קיין יעסונטוקי, ווו בנימין איסאַקאָוויטש האָט זיך געדאַרפט היילן.

איך וואָלט מיט פאַרגעניגן מסכים געווען, ווען נישט די התחייבותן לגבי אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָוונאַ. כ'האָב זיי געהאָלפן פאַרפאַקן דעם באַגאַזש און אַריינזעצן זיך אין וואַגאָן.

נאָך אַ פּאָר חדשים האָב איך אין אוזבעקיסטאַן באַקומען אַ בריוו פון זיי מיט אַ ביטע צו קומען. דעמאָלט איז עס מיר שוין געווען אוממעגלעך.
וועגן זון האָבן זיי נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין ידיעות.

צוליב אָביעקטיווע סיבות האָט זיך אונדזער קאָרעספּאָנדענץ איבערגעריסן. איך האָב עס כסדר באַדויערט אָבער איך פיל זיך גליקלעך, וואָס אויף מיין שווערן וועג אין די טראַגישע יאָרן האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ מענטשן, וואָס האָט צוליב אייגענע צרות נישט אויפגעהערט צו זיין מענטש, האָט געהאַט באַציאונג און וואַרעמקייט פאַר אַנדערע.

## 15. ליטעראַטור און ווירקלעכקייט

מייגע דריי הונדערט רובל, וואָס כ'האָב מיטגענומען פון דער היים האָבן געדויערט זייער לאַנג, כמעט אַ חודש. ס'איז אָבער געקומען אויך זייער צייט צו פאַרשווינדן פון מיין רשות און איך בין פאַרבליבן אָן אַ קאָפּיקע.

ס'איז שלעכט צו זיין אָן געלט ביי זיך אין שטאָט אין אַ נאָרמאַלער צייט בפרט נאָך אין דער פרעמד בעת שטורעמדיקע טעג.

כ'האָב זיך געוואָנדן אין „נאַראָבראַז" וווּ מען האָט מיך באַשטימט אויף אַ פּאָסטן אין אַ מיטלשול אין סטאַרי גאָראָד. די גילטיקייט פון דער באַמינאַציע איז געווען פון 15־טן אויגוסט. ס'איז אויך געווען מיט חסד, ווייל דאָס לערניאָר הייבט זיך אָן דעם 1־טן סעפּטעמבער און ס'איז נישט פאַראַן קיין געזעץ, וואָס זאָל צאָלן אַ מענטשן פאַר דער צייט, איידער ער איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

דערווייל האַלטן מיר ביי יולי און עסן דאַרף מען. און נישט אַזוי דאָס עסן איז וויכטיק, ווי די געדריקטע שטימונג צוליב דער אָנמעכטיקייט און הילפלאָזיקייט.

וואָס טוט מען? ווי אַזוי שלעפּט מען אַדורך די צייט ביז צום באַקומען אַ געהאַלט? ווי זאָגט עס אַ גלייכווערטל: ביז דער קרעטשמע דאַרף מען אויך בעמען אַ טרונק בראָנפן. כ'האָב זיך דערמאָנט אָן דער עקסיסטענץ פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. אַהין בין איך געגאַנגען, געוויזן מיין מיטגליד־קאַרטע, פאַרגעשטעלט די לאַגע און געבעטן אַ הלוואה.

ווי גליקלעך בין איך געווען מיט די הונדערט רובל! זיי האָבן נישט נאָר מיר פאַרזיכערט אַ שטיקל ברויט; זיי האָבן מיך מאָראַליש געשטאַרקט און פאַר־נאַנדערגעטריבן די מרה שחורה פון איינזאַמקייט.

הונדערט רובל איז געווען אַ מטבע. אויף צו האָבן אַ באַגריף וועגן דעם ווייל איך דערמאָנען, אַז מיין באַלעבאָסטע פון סטאַרי גאָראָד האָט ביי מיר גע־בעטן פאַר קעסט — דריי רובל אַ טאָג. דירה־געלט האָט געצאָלט די שול. אַזאַ געזעץ איז פאַראַן אין די דאָרפישע אָרטשאַפטן.

די שול איז געווען אין אַ גרויסן בנין פון אַן אַמאָליקן גרעפישן פּאַלאַץ.

ברייטע קאָרידאָרן, גרויסע צימערן, אַ פיינער גאָרטן — דאָס אַלץ האָט גע־צויגן. ס'איז פשוט אַ פאַרגעניגן צו אַרבעטן אין א גוטער געביידע. דאָס קאָמ־פּענסירט אַמאָל אנדערע חסרונות.

די לערער האָב איך נאָך נישט געקענט. וועגן דירעקטאָר האָב איך גע־האָט די ערגסטע מיינונג. ער איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט אַלץ געטון

לפּנים וועגן, אויף יוצא צו זיין. ס'איז אים נישט געגאַנגען אין דעם אַ זאַך זאָל דערליידיקט ווערן נאָר אין דעם מען זאָל אים ליבן און זאָגן, אַז ע ר האָט דעם ענין דערליידיקט. אין באַרמאַלע צייטן איז דאָ אַ מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן אַזעלכע פאַרשוינען און דעמלט מוזן זיי פאַקטיש דערפילן, וואָס מען הייסט זיי. אָבער אין מלחמה־באַדינגונגען האָט אַזאַ אומפאַראַנטוואָרטלעכע פירונג געגרענעצט מיט סאַבאָטאַזש.

איינמאָל לייענען מיר אין צייטונג אַ נאָטיץ פון דירעקטאָר שאַיענקאָ, אַז לכבוד דעם „אינטערנאַציאָנאַלן יוגנט־טאָג" האָבן 645 שילער אָפּגעטון אַ באַ־שטימטע פעלד־אַרבעט. מיר, די לערער, האָבן וועגן דעם גאָרנישט נישט גע־הערט. אַדריאַן איוואַנאָוויטש ליטווינאָוו האָט פאַרגעלייגט מען זאָל פאַר יעדן ליגן פאַרמשפּטן דעם מחבר אויף צען יאָר שווערע אַרבעטן.

דער דירעקטאָר איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך (קיין אַנדערן האָט ער נישט צוגעלאָזט) פאַרן צונויפזאַמלען און אַרויספירן בראָך־אייזן. די לערער און די עלטערע שילער זיינען אַרומגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב, אויפגעקלערט דעם באַדייט פון דער אַקציע און געבעטן מען זאָל לעבן דער שטוב צונויפ־זאַמלען אַלץ, כדי ס'זאָל זיין לייכטער עס אַוועקצופירן.

די פּאַטריאָטישע שטימונג פון דער באַפעלקערונג איז געווען אין לשער. נישט נאָר אַלט אייזן. די נשמה איז זי גרייט געווען אַוועקצוגעבן פאַרן זיג איבערן שונא.

שאַיענקאָ האָט אָבער דעם טראַנספּאָרט נישט באַזאָרגט.

כ'האָב אין די פּאָר וואָכן, וואָס כ'בין געווען אַנגאַזשירט אין סטאַרי־גאָראָד, געלייענט אַ סך וועגן רוסישע מענטשן.

ס'איז מיר אויסגעקומען צו לייענען אין אַלעקסיי טאָלסטאָיס „פּיאָטר דער ערשטער": „אין מאָסקווע — ווויסנשאַפטן, קונסט!... ביי אונדז האָט מען זיי נישט איינגעפירט, מ'האָט מורא געהאַט... אונדזערע באָיאַרן, די אַדעליקע — אָפּגעשטאַנענע מוזשיקעס, שלאָפן, פרעסן, און דאַווענען... פינצטער איז אונדזער לאַנד..."

טשעכאָוו האָט כאַראַקטעריזירט דאָס רוסישע פאָלק:

„אַ מאָדנע באַשעפעניש — דער רוסישער מענטש. ווי אין א זיפּל פאַר־האַלט זיך ביי אים גאָרנישט.

„אין דער יוגנט פילט ער האַסטיק אָן זיין נשמה מיט אַלץ, וואָס קומט אים אונטער די הענט און צו דרייסיק יאָר בלייבט אין אים עפּעס אַ גרוי הייפל מיסט. כדי צו לעבן, ווי אַ מענטש — דאַרף מען דאָך אַרבעטן. אַרבעטן מיט ליבע און גלויבן. און ביי אונדז קען מען דאָס נישט. אַן אַרכיטעקט, וואָס האָט ביי אונדז אויפגעבויט צוויי־דריי לייטישע הייזער, זעצט זיך שפּילן אין קאָרטן און שפּילט אַזוי אָפּ זיין גאַנץ לעבן אָדער טאָרטשעט הינטער די קוליסן פון טעאַטער. אַ דאָקטאָר, וואָס האָט פּראַקטיק הערט זיך אויף צו אינטערעסירן מיט דער ווויסנשאַפט, לייענט גאָרנישט אויסער „די נייעס פון דער טעראַפּיע" און צו פערציק יאָר איז ער איבערצייגט, אַז אַלע קראַנקייטן נעמען זיך פון אַ פאַרקילונג. כ'האָב נאָך נישט באַגעגנט קיין איין באַאַמטן, וואָס זאָל כאָטש אַ ביסל פאַרשטיין דעם באַדייט פון זיין אַרבעט...

„אַן אַדוואָקאַט, וואָס האָט זיך פאַרשאַפן אַ נאָמען, אַדאַנק אַ געלונגענער פאַרטיידיקונג, הערט זיך אויף צו זאָרגן וועגן פאַרטיידיקן דעם אמת... עסט אוסטריצעס און רעדט זיך איין, אַז ער איז א ראַפינירטער מבין אויף אַלע געביטן פון קונסט.

„אַן אַקטיאָר, וואָס האָט לייטיש אָפגעשפילט צוויי־דריי ראָלן, לערנט שוין מער נישט קיין ראָל, נאָר ער טוט אָן אַ צילינדער און מיינט, אַז ער איז אַ זשעני.

„גאַנץ רוסלאַנד — אַ לאַנד פון א מין זשעדנע און פוילע מענטשן : זיי עסן און טרינקען אַ סך — אַ שרעק, האָבן ליב צו שלאָפן בייטאָג און פון שלאָף שנאָרכצן זיי. צוליב אָרדענונג האָבן זיי אַ ווייב — אין דער היים און צוליבן פרעסטיזש אין דער געזעלשאַפט האָבן זיי — געליבטע. זייער פסיכאָלאָגיע איז אַ הינטישע : מען שלאָגט זיי — און זיי פישטשען שטילינקערהייט, פאַרוקן זיך אין זייערע לעכער, צערטלען — לייגן זיך אויפן רוקן, די לאַפּקעס אַרויף און פאָכען מיטן וויידל״...

כ׳האָב פאַרגליכן די צוויי ציטאַטן, פאַרשריבן זיי אין מיין טאָג־בוך און געזוכט זייערע מענטשן אין היינטיקן לעבן.

געווען נאָך געציילטע אַזעלכע מענטשן.

מיין באַלעבאָסטע, לוקעריא וואַסיליעוונאַ דראָזדאָוואַ, איז געווען אַ גוטע פרוי, אַ פשוטע, מיט אַ סך ליבשאַפט צו מענטשן. זי האָט נישט געקאָנט זיצן ליידיק. אָבער, אַז איר חזרל איז קראַנק געוואָרן, האָט זי פריער אָנגעצונדן אַ לעמפל פאַר דער איקאָנע, וואָס איז געהאָנגען אין ווינקל פון צימער און ערשט שפּעטער, טאָקע גאַנץ שפּעט, האָט זי זיך מישב געווען צו רופן דעם וועטערינאַר.

געווען אויך דער דירעקטאָר, אַ מענטש, וואָס האָט גענומען דאָס נעגאַטיווע פון אַלטן רעזשים און עס געוואָלט דורכשמוגלען צום נייעם.

עס זיינען אָבער געשטאַנען פאַר מיר אויך אַנדערע, ווערטפולע מענטשן, און זיי זיינען געווען אין דער רייזיקער מערהייט.

זיעם דירעקטאָרס פאַרטרעטערין פאַר פעדאַגאָגישע ענינים איז געווען וויערא דימיטריעוונא, אַ פרוי מיט העכערער בילדונג, מיט אָרגאַניזאַטאָרישע פע־איקייטן און קרישטאָל־ריינעם כאַראַקטער. זי האָט עס אָנגעפירט מיטן לערן־פראַצעס אין שול : געמאַכט דעם שעהן־פּלאַן, קאָנטראָלירט די צוגרייטונגען מצד די לערער, געזאָרגט פאַר דער ביבליאָטעק, מכשירים, געהאַט אַ גוטע עצה און וואַרעם וואָרט פאַר אַ ביייעם אָדער יונגן לערער, געקאָנט ריידן מיט קינדער, איבערציי̆גן עלטערן... און מאַכן די אלע ארבעטן אין יענער צייט איז געווען שווער.

קודם־כל האָט מען דעם רעמאַנטירטן שול־בנין איבערגעגעבן פאַר אַ שפּי־טאַל און מיר זיינען אַריבער אין דריי קליינע הייזלעך, ווו ס׳האָבן זיך געזאַלט לערנען אַ 600 קינדער פון ערשטן ביזן צענטן קלאַס.

מיר האָבן געאַרבעט אין דריי שיכטן. די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן אַכט אין דער פרי און פאַרענדיקט ניין אין אָוונט און ס׳האָט כמעט ווי נישט פּאַסירט מען זאָל וויערא דימיטריעוונאַ נישט טרעפן ביי דער אַרבעט.

אַלעקסיי סטעפּאַנאָוויטש מאַליכין איז געווען אַ דאָצענט פון דער רוסישער ליטעראַטור אין לוואָווער אוניווערסיטעט. די מלחמה האָט אים פאַרוואָרפן, פּונקט ווי מיך, אין דאָזיקן דאָרף. מאַליכין איז געווען אַ מענטש מיט אַ חוש פאַר אָרדענונג, דיסציפּלין, פּינקטלעכקייט. ביי זיין הויכער אינטעליגענץ און טיפע ידיעות האָט נישט פּאַסירט, אַז ער זאָל אַמאָל נישט קומען צו דער מינוט אין קאָלכאָז, ער זאָל זיך אַרויסדרייען פון אַן אַרבעט, וואָס איז דירעקט נישט נוגע געווען אונדז.

ס׳איז געווען אַזאַ צייט, אַז מיר האָבן מער געאַרבעט פיזיש, אָדער זיך פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעך – אויפקלערערישער אַרבעט ווי געלערנט. צו אונדזערע פליכטן האָט אויך געהערט צו דיזשורעווען און איבן זיך אין פ.וו.כ.א. (קעגן לופט־פאַרטיידיקונג). אַלעקסיי סטעפּאַנאָוויטש האָט אויסגעפירט אַלע זיינע פליכטן מיט אַ גענויקייט פון העכסטער מדרגה.

אַ ביז־גאָר אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט איז געווען דער לערער פון באַטורוויסנשאַפט און דייטש, אַדריאַן איוואַנאָוויטש ליטווינאָוו. ער איז שוין דעמלט אַלט געווען איבער די פערציק. זיין אויספורעמען זיך איז פאָרגעקומען נאָך פאַר דער רעוואָלוציע. ער האָט געהאַט זיינע אייגענע גענג און אַ ספּעציפישן אופן פון טראַכטן. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אינדיווידואַליסט און נישט ליב געהאַט, אַז מען קאָמאַנדעוועט מיט אים. ווייסנדיק אָבער, אַז געוויסע זאַכן דאַרף מען מאַכן, פלעגט ער כאַפּן די פיש פאַר די נעץ, ד. ה. אַליין פאַרלייגן מען זאָל דורכפירן, וואָס מען האָט געדאַרפט.

ער איז געווען זייער חבריש. ער האָט זיך באַמיט מיך מקרב צו זיין און מיר נישט לאָזן פילן מיין איינזאַמקייט.

אים האָבן אינטערעסירט מיינע לימודים אויף די פוילישע אוניווערסיטעטן, די לערן־מעטאָדן אין די שולן, די מעגלעכקייטן פון פאַראייניקן וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען מיט פּראַקטישער אַרבעט. כדאַי דאָ צו דערמאָנען זיין פּרעכטיקן גאָרטן, וואָס איז געווען אייגנטלעך אַן עקספּערימענטן־סטאַציע.

ער איז געווען אַ הייסער פּאַטריאָט און ליב געהאַט דאָס רוסישע פאָלק, זיין קולטור און זיין צוקונפט.

ווען כ׳האָב אים אַמאָל געפרעגט, צי ער איז אַ חבר אין דער פּאַרטיי האָט ער מיר געענטפערט :

— איך בין פון דער נאַטור ווייניק קעמפעריש. זיין אין דער פּאַרטיי דאָס הייסט זיין אייביק מאָביליזירט און גרייט מען זאָל דיך שיקן פון איין עק לאַנד אין צווייטן. איך מיט מיין טעמפּעראַמענט פיל זיך בעסער אויף איין אָרט און כ׳בין איבערצייגט, אַז כ׳טו אויך אַ וויכטיקע אַרבעט.

ס׳איז אים נישט אויסגעקומען צו האָבן א הנאה פון זיצן אויף אַן אָרט : פון אַלע לערער איז ער דער ערשטער מאָביליזירט געוואָרן, אין מיטן סעפּטעמבער, און אַוועק אין משך פון עטלעכע שעה.

כ׳האָב זיך צוגעקוקט צו אַלעמען : דאָס איז געווען אַ נייע פאָרמאַציע פון אַרבעטזאַמע מענטשן.

מיין באַלעבאָס איז געווען אַ פּענסיאָנער, אָפּגעאַרבעט אויף די באַנען צענדליקער יאָר, אויסגעווען גאַנץ ראַטן־פאַרבאַנד, באַקומען אַן עלטער־פּענ־

סיע „פון לאַזאַר מאַיסייעוויטשן”, זיך אָפּגעשפּאָרט אַ הייזל מיט אַ ווירטשאַפט: אַ קו, אַ חזיר, הינער. אָבער פון אין דער פרי ביז אויף דער נאַכט איז ער געווען באַשעפטיקט: פאַרבן דעם פּלויט, צוקלאַפּן אַ לאָדן, יצעהאַקן האָלץ, אויסרוימען דעם שטאַל, פאַרריכטן אַ מלבוש פאַרלאַטן די שיך — אַלץ האָט ער געקענט.

אַזעלכע זיינען אין דאָרף געווען הונדערטער, מענטשן מיט איינפאַל, מיט אַ „סמיקאַלקע”. זיי האָבן צייט צו אַרבעטן, צו טון געזעלשאַפטלעכע שליחות און... צו זיין מענטשן: צו שמייכלען, צו וויצלען זיך, צו קומען צו גאַסט און איינלאַדן צו זיך, צו העלפן דעם צווייטן.

עס זיינען שוין געווען ידיעות וועגן געפאַלענע זין, מענער. דער רוסישער פויער און אַרבעטער האָבן זיך נישט איינגעבראָכן, נישט פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט, נאָר ווייטער געפירט אַ נאָרמאַל לעבן. אַזוי מענער און אַזוי פרויען.

דאָ האָב איך אויך באַנומען, אַז טשעכאָוו האָט געשריבן וועגן אַ דינעם שיכט, אַ פּריווילעגירטן: אַ דאָקטאָר, אַן אַדוואָקאַט, אַן אַקטיאָר, אַרכיטעקט.

דאָס פאָלק איז אודאי געווען אַנדערש. אין די צאַרישע צייטן האָב איך עס נישט געקענט, די סאָוויעטישע תקופה האָט אָבער באַשטימט קאָריגירט די ליטעראַטור.

## 16. בריוו נישט אַרויסגעשיקטע

ס'איז אַמאָל אַ גליק פאַר אַ „ביעזשעניעץ", וואָס ער איז שטענדיק פאַר־נומען. די געשעענישן גיבן אים נישט קיין צייט צו טראַכטן. דאָ מוז ער אין זין האָבן עסן, דאָרט — נאַכטלעגער, באַלד זיך רעגיסטרירן, ווידער זיך אויס־שרייבן, נישט דורכלאָזן קיין פּראָדוקטן־קאַרטן, באַזאָרגן זיך מיט באַנבילעטן טשאַטעוועץ אויף אַ צוג, קאָמבינירן אַ טראַנספּאָרט אויף אַן אַנדערן אופן, גיין אין וואָיעוואָדסטוואָ, אויסבאַהאַלטן זיך בעת אַ לופט־אַלאַרם אאַז"וו.

איז מען פאַרנומען מיטן היינט און מיט זאָרגן פאַרן מאָרגן — ווערט דער נעכטן אָפּגערוקט אַן אַ זייט פון געדאַנקען־שליאַך. אמת, עס נאָגט ביים האַרצן אַ נישט פאַרגעסלעכע בענקשאַפט, ליבע געשטאַלטן שטייען פאַר די אויגן אין חלום און אויף דער וואָר, אָבער זיי לאָזן דיך צו רו, זיי אַבסאָרבירן דיך נישט אין גאַנצן, ווי זיי וואָלטן רחמנות געהאַט מיט דיר און נישט געוואָלט דיר שטערן אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

אַנדערש איז אָבער — ווען דו האָסט צייט.

אין עטאַפּן צווישן איין וואַנדערונג און דער צווייטער האָב איך געהאַט אַ רעגולירטע אַרבעט און נאָרמאַלע פרייע צייט.

געווען בין־השמשותן אין ביעלגאָראַד, סטאַרי־גאָראַד, סוקאַק ווען מ'האָט קיין לאָמפּ נאָך נישט אָנגעצונדן, די טאָג־אַרבעט איז געווען פאַרענדיקט, דער טעלער „שטשי" אויסגעליידיקט און די פייקע אָנגעצונדן. וואָס טוט מען דע־מלט?

פאַרטרייבן די ליבע געשטאַלטן האָב איך נישט געוואָלט. פאַרקערט, כ'האָב זיי צוגעצויגן, געשמועסט מיט זיי, זיך באַשולדיקט און זיי געטרייסט.

אין אַזעלכע מאָמענטן האָב איך געשריבן בריוו, בריוו, בריוו, וואָס כ'האָב זיי קיינמאָל נישט אַרויסגעשיקט. זיי וואָלטן אין יענער צייט ממילא נישט דער־גאַנגען. די דאָזיקע בריוו האָבן מיך באַגלייט אויף אַלע מיינע וואַנדערונגען און זיינען פאַרשריבן אין מיין טאָג־בוך, וואָס כ'האָב געפירט די גאַנצע צייט פון דער מלחמה. אָט זיינען אייניקע פון זיי:

ביעלגאָראַד, יולי 17, 1941.

טייערסטע מיינע,

היינט איז געוואָרן זיבן יאָר זייט אונדזער חתונה. מיט אַן אינערלעכן צי־טער, מיט אַ הייליק געפיל האָב איך געפייערט דעם טאָג, און נישט נאָר דעם.

יעדער טאָג איז פֿאַר מיר אַן אָנדענק פֿון עפּעס אַן איבערלעבונג פֿון אַ פּיי־ערלעך געשעעניש.

צי לעבסטו נאָך ? צי לעבן די מאַמע און די קינדער ? צי בין איך נישט שולדיק אין אייער טויט ? ס׳נאָגט אַזוי ביים האַרצן און מ׳איז הילפֿלאָז.

מיט וויפֿל צאַרטקייט רינגל איך אַרום דיין נאָמען, מיט וויפֿל ליבע טראַכט איך וועגן דיר און אונדזערע צוויי קינדערלעך !

ס׳קומען אויפֿן געדאַנק פֿייניקנדיקע געדאַנקען וועגן דיין גורל. כ׳וויל זיי אַפּילו אויפֿן פּאַפּיר נישט אַרויסברענגען.

ווען מיר זיך נאָך זען ?

ווען איר ווייסט כאָטש, אַז איך לעב און הער נישט אויף צו טראַכטן וועגן אייך ! איך גיי אַלעמאָל צום באַן, זוך אין די עשעלאָנען, געוועזן אין כאַרקאָוו, געשריבן צו בערקסאָנען, וויל אַפּזוכן אַ סימן, אַ זכר פֿון אייער לעצטן אויפֿ־האַלט־אָרט, זיך פֿאַרשטעלן די לעצטע מינוטן, ווען מ׳האָט אייך געזען.

כ׳בין אַוועק אין יענעם טאָג און אַפּילו דיין בילד נישט מיטגענומען. ערשט ביי זאיען גענומען אַן אַלטע פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון דיר מיט דער מאַמען און היט זי ווי אַ הייליקייט.

איך ווער פֿאַרציטערט, אַז איך זע קינדער. איך שפּיל זיך מיט זיי, באַמי זיך זיי צו העלפֿן און טראַכט אַלץ וועגן דאַנקאַלען און יעקבן.

טרערן ווערגן, נאָר איך שטאַרק זיך, בין גובר דאָס וויינען. אפשר וועט מען נישט דאַרפֿן, זיך באַגיין אַן געוויין.

איך בין אייך מקנא, וואָס איר זייט צוזאַמען מיט די קינדער, לעבעדיק אָדער טויט. און אַן אַנדערער געדאַנק, טאָמער איז עמעץ פֿון אייך נישטאָ ? טאָמער זיינען געבליבן די קינדער אַליין, אָדער דו אַן די קינדער, דער מאַמען ?

אָך, וואָס גיכער איבערלעבן די שחיטה און וויסן אַלץ.

איך קוש אייך און שיק אייך מוט און אויסדויער אויסצוהאַלטן און איבער־צוטראָגן, אַלץ צוליב די עופֿהלעך אונדזערע, אייער פֿאַרוואָגלטער און אויס־געבענקטער נאָך אייך...

סטאַרי גאָראָד, יולי 22 ,1941.

ליבינקע,

היינט איז געוואָרן א חודש זייטן אָנהויב פֿון דער מלחמה און היינט האָב איך גאָמערקט, אַז כ׳בין גראָ געוואָרן. דערזען האָב איך עס ביים ראַזירן — די באָרד איז גראָ. כ׳האָב זיך דערשראָקן און געוועזן געפֿלעפּט. נישט צוליבן קאָליר, נאָר צוליב די סיבות.

דערמאָנט זיך, מיט יאָרן צוריק, ווען כ׳בין געוועזן אַרבעטלאָז אאַ״וו האָב איך געזאָגט, אַז אויב ביז די פֿערציק יאָר וועל איך זיך צו גאָרנישט נישט דערשלאָגן איז מיין לעבן אַ פֿאַרפֿאַלנס. צו זיבן און דרייסיק געוואָרן שול־אינספּעקטאָר, אָבער היינט, ערב די פֿערציק...

אַן דיר, אַן אייך.

כ׳וועל דאָ פֿאַרדינען קנאַפּע זעקס הונדערט רובל, לערנען דייטש אין די 8—10 קלאַסן. אויף די עלטערע יאָרן געוואָרן גאָר אַ גערמאַניסט. גוט וואָס כ׳האָב דעם דיפּלאָם.

...פאַראַן מאָמענטן ווען כ׳האָב מורא נישט אַריינצופאַלן אין אַ משוגעת. כ׳רייד צו דיר אָדער מיט זיך אַליין, זינג אָפּ לידער פון בענקשאַפט, בפרט גריגס: דאָס ליד פון סאַלאָוויג.

אָבער דו לעבסט, יאָ, ראַזיטשקע, און די קינדער אויך.

איך לעב צוליב אייך, כ׳וועל קומען צו אייך, זיך איינאָרדענען פון דאָס ניי. כ׳בין אַלט, אָבער דו ביסט יונג פאַריונגערסט אויך מיך דיין...

סטאַרי גאָראָד, יולי 26, 1941.

דאַנקאַלע, מיין טייערע טאָכטערקע,

ס׳איז געוואָרן אַ חודש ווי כ׳האָב זיך מיט דיר געזעגנט און אַוועק. איך דערמאָן זיך, אַז נאָך אַ האַלבער שעה בין איך צוריקגעקומען און דיך געטראָפן אין טרערן, אַ פאַרוויינטע. קאָן זיין, אַז דו האָסט מיט דיין קינדיש־נביאישן און פרויען־אינסטינקט געפילט, אַז מיר שיידן זיך אויף אייביק. איך ווייס נישט, צי דו לעבסט נאָך און אויב יאָ — גליקלעך זאָלסטו לעבן צוזאַמען מיט דער מאַמען, באַבען און יעקבן — ווייס איך נישט, צי איך וועל דערלעבן דיך צו זען.

איך פיל זיך שוואַך. די איינזאַמקייט איז אַ שרעקלעך אומגליק. איך באַמי זיך צו האַלטן שטייף און אָפּהיטן זיך — פאַר אייך, פאַר דיר מיין אויסגע־בענקט, אויסגעפּיעסטשעטע צאַרט און קלוג נפשל.

כ׳קאָן זיך אָבער נישט האַלטן. איצט, אין דעם מאָמענט ווען איך טראַכט וועגן דיר גיסן זיך מיר טרערן פון די אויגן און איך קאָן נישט באַהערשן די ספּאַזמען. דאָס ערשטע מאָל וויין איך. אַ חודש אַ גאַנצן געקעמפט מיט די טרערן, נאָר ווען ס׳איז געקומען צו דיר האָב איך שוין מער נישט געקאָנט...

צי ווייסטו וויאַזוי איך — מיר — האָבן דיך ליב געהאַט? וויפל צאַרטקייט און געפיל וויפל באַהערשונג און אויפמערקזאַמקייט מיר האָבן דיר געווידמעט?

דו וועסט עס פאַרשטיין ווען דו וועסט זיין אַ גליקלעכע מאַמע, אָבער כ׳ווייס, אַז דו האָסט עס אַרויסגעפילט. איך ווייס עס פון דיין געוויין אין מאָ־מענט פון מיין אַוועקגיין.

איך האָב אייך נישט אַוועקגעוואָרפן, איך בין נישט אַנטלאָפן ראַטעווען מיין לעבן — פאַר זיך. ווען איר, די מאַמע זאָלט אַזוי טראַכטן, וואָלט איך זיך דאָס לעבן גענומען פאַר חרפה...

זיי גוט צו דער מאַמען און העלף איר דערציען יעקבן. זיינע קלוגע, שמייכ־לענדיקע אויגן שטייען פאַר מיר כסדר.

דיין קלוג פנים וועט מיך באַגלייטן אין קבר.

ווי גליקלעך וואָלט איך געווען ווייטער צו קאָנען פאַרשרייבן אין דיין טאָג־בוך, וואָס מיר פלעגן טון, זייט דיין געבורט.

צי איז נאָך פאַראַן דער בלויער טאָג־בוך־אַלבאָם מיט גאָלד־אויסגעקריצטע אותיות „דאַנקאַ 30.1.1936״...

לעב גליקלעך, דאַנקאַ, מיין אויסגעטרוימט פון אַ לעגענדע קינד מיט אַזאַ שיינעם נאָמען און שיינע אויגן.

אויגוסט 3, 1941

ראַזיטשקע האַרציקע,
היינט איז דיין געבוירן־טאָג, זעקס און צוואַנציק יאָר...
...לעב גליקלעך, זיי געזונט, דערציִ די קינדער...

אויגוסט 11, 1941

געליבטע...
...בלויז אַ קוק געבן ווי דו זעסט אויס.

איך שטעל זיך פאָר ! עסן האָסטו שוין פאַרגעסן. די מאַמע האָט טענות, הלמאי דו עסט נישט און דו האָסט נישט קיין אַפּעטיט צו די מאכלים. ביסט איינגעשרומפּן, מאָגער. וועגסט 42 קילאָ. זאָרגסט פאַר די פּיצלעך און טראַכסט וועגן מיר. צי לעב איך נאָך, אויב יאָ, וויאַזוי גיב איך זיך אַן עצה, וווהין האָט עס מיך פאַרוואָרפן ?

און איך געפין זיך אין סטאַרי גאַראַד, ליג אָפּ נעבט וואַכנדיק און ווער קוים איינגעדרימלט פאַר טאָג.

כ'מאַך פּלענער פאַר דער שול און טראַכט זיך, אַז מ'וועט זיי נישט אויס־נוצן. ס'קאָן מיר אויסקומען צו לויפן ווייטער. און איצט איז קעלטער, ס'רעגנט. פּסיכיש ווירקט שוין אויף מיר נישט דער געדאַנק. כ'לויף דאָך סיי ווי נישט פון דער היים. אָבער כ'בין פיזיש דערשעפּט.

זיצנדיק דאָ, פיל איך זיך אויך ווי אין אַן עשעלאָן. כ'בין ווי אין עשעלאָן נישט אַליין. איינס נאָר, כ'עס יעדן טאָג אַ וואַרעמען באַרשטש...

פון אינדערפרי איז היינט דער הימל פאַרוואָלקנט און איצט, זיבן דעם זייגער, רעגנט. נישט אַרויסצוגיין און אויך נישט מער צום שרייבן (פּינצטערלעך).

שלאָפן איז צופרי. וועל איך זיצן און טראַכטן, קוקן אומבאַוועגלעך אויף די פעלדער און אין זינען האָבן אונדזערע שפּאַצירן איבער די האַשטשער לאַנקעס.

וועלכע געדאַנקען וועלן נאָך קומען ? ווער ווייסט ?
איך שיק דיר אַ בעבער נישט אויסגעוויינטע טרערן מיינע...

אויגוסט 16, 1941

ס'איז מיר היינט געקומען אויפן געדאַנק זיך צו מאַכן אַ קאַלענדאר און צו ציילן די טעג און וואָכן, ווי אַ פרומער ייד — ספירות...

אַז איך לייען אין צייטונג עפּעס אַ שווידערלעך בילד פון דער דייטשער באַנעמונג אין די אָקופּירטע אָרטשאַפטן שטעל איך זיך גלייך פאָר, אַז דאָס איז פאַרגעקומען מיט עמעצן פון אייך.

וועלכע האַלוצינאַציעס ס'באַפאַלן מיך, כ'וויל זיי נישט אַרויסשרייבן.
אל תפתח פה לשטן !

סטאַרי גאַראַד, סעפּטעמבער 9, 1941.

ווידער האָב איך אויסגעשטראָכן אַ טאָג אין מיין קאַלענדאר פון ליידן און בענקשאַפט. דער 76־טער טאָג ! ס'קלעמט ביים האַרצן און ס'ווילט זיך עפּעס טון אויף צו דערנענטערן אונדזער באַגעגעניש.

נעכטן געווען אין וואָיענקאָמאט. צו מיליטער האָט מען מיך נישט גענומען...
די צייט קומט מיר פאָר ווי א גרויזאמער חלום, פון וועלכן מיר וועלן זיך אויפוועקן קלוגערע, דערפאַרענע און אויסגעלייטערטע.
צי געדענקסטו הייבעס:

ווען דו (מ) יינע ראָזע שאוסט,
זאג איך לאָסט זי גריסן.

21. 11. 1941 ערב ראש השנה,

טייערע און שטאַרק געאכטעטע מאַמע,

ס'איז איצט דער מאָמענט, ווען קינדער קומען צו עלטערן, ווינטשן זיי אַ גוט יאָר און דאָס פאַמיליען־לעבן ווערט נאָך מער און ענגער צונויפגעשמידט. מ'ווייזט זיך ארויס קעגנזייטיקע ליבע און גוטסקייט.
מאַמע, וויאַזוי וואָלט איך הייַנט געווען גליקלעך, ווען כ'קאָן דיר מיט ציטערנדיקע ליפּן אַ קוש געבן אין האנט און אַ גלעט טון דייַנע ווייסע האָר! וואָס וואָלט איך נישט געטון, אויף צו קאָנען ברענגען דיין איינציקער טאָכטער, אַזוי ווי דאָס פלעגט טון דער טאַטע, אַ שיינע, זאַפטיקע קאָווענע און עפּלעכע שטענגעלעך ווייַנטרויבן!
מאַמע, כ'וואָלט אַזוי געזעסן א פאָר שעה און מיט דיר געטענהט, פון דעם ווערט לייכטער אויפן האַרצן און פרייַלעכער אויף דער נשמה.
איך באַוואונדער דיין כוח, אָבער איך ווייס אויך, אַז בלויז א טראכט וועגן דאנקעלען גיט דיר צו כוחות אויסצודויערן, הגם ס'קאָסט געזונט. אויך ביי מיר איז אזוי...
אין גיכן וועל איך אוועק פון דאנען. די ארמיי ציט זיך צוריק. מען טרייבט טויזנטער בהמות און סטאַדעס פערד, נישט איבערצולאָזן זיי דעם דייטש.
אין אַזאַ צייט מוז מען זיין שטאַרק און איך וועל זיך באַמיען צוליב דיר, דיין טאָכטער און דייַנע צוויי אייניקלעך, וועלכע מיר האָבן ביידע שטאַרק ליב...

21. 3. 1942. סוקאָק,

זיי מיר מוחל! כ'בין שולדיק אין דיין יונג פאַרוועלקט לעבן. עס בעטן ביי דיר מחילה

מייַנע פאַרגאַסענע און נישט־פאַרגאַסענע טרערן
מייַנע אומעטיקע טעג און שלאָפלאָזע נעכט
מיין אָפּגעשטאָרבענער שמייכל און אויסגעוועבטע לעבנספרייד
מיין אָן־סופיקע פאַרצווייפלונג.

## 17. די באַנען און וואָקזאַלן

ווער עס האָט דורכגעמאַכט די ערשטע מלחמה־חדשים אויף די געביטן, וואָס זיינען שפּעטער געוואָרן אָקופּירט דורך די דייטשן האָט געקאָנט האָבן אַן איינדרוק פון אַ געוואַלדיקן כאַאָס.

אַ פאַרעריי פון מיליטערישע אויטאָס, אַנגעלאָדענע וועגענער און אויטאָס פון אינסטיטוציעס, קאָלכאָזן, פאַבריקן. אויף די באַנען לאָדנט מען דעמאָנ־טירטע פאַבריקן און אין די טיעפּלושקעס — די אַרבעטער־משפּחות, דאָרט וואַרטן שעהן גאַנצע וואַגאָנען מיט דענערווירטע „ביעזשענצעס". דער סטאַציע־פּערסאָנאַל מוז זיין פון אייזן אויסצוהאַלטן די אַלע טענות, וואָס מען האָט צו אים. טאָג און נאַכט אַ באַוועגונג, אַ סיגנאַליזירונג, כסדרדיקע טעלעגראַמעס מיט טעלעפאָנען.

קומט אַריין צום לייטער פון דער סטאַציע אַ הויכער מיליטער־מאַן און פאָדערט, מען זאָל אים באַלד עפענען די ליניע, ווייל ער פירט אַן עשעלאָן פאַרוונדעטע פון פראָנט.

קומט אַריין צום לייטער פון דער סטאַציע אַ הויכער מיליטער־מאַן און נישט אַדורך זיין טראַנספּאָרט מיט אַמוניציע צום פראָנט.

אין אַזעלכע סצענעס קומען פאָר נישט איין מאָל א טאָג און דאָס איז נישט דער איינציקער מין סצענעס. פאַראַן אויך אַנדערע, וואָס אַפּעלירן צום בירגערלעכן געוויסן, צום מענטשלעכן געפיל.

שטייט למשל, אַן עשעלאָן ביעזשענצעס ד. ה. אַ פערציק־פופציק וואַגאָנען צו פופציק ביז אַכציק מענטשן אין יעדן. יעדער וואַגאָן קלייבט אויס זיין סטאַראָסטע, וואָס גיט איבער אַלע אינפאָרמאַציעס וועגן פאָרן, וועגן מעג־לעכקייטן צו קריגן עסן, באַזאָרגט מעדיקאַמענטן און מעדיצינישע הילף, גלייכט אויס סכסוכים צווישן פאַסאַזשירן אא"וו. די סטאַראָסטעס ווילן אויס אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פון עשעלאָן, וואָס דאַרף קומען אין קאָנטאַקט מיט דער מאַכט, מיטן וואָקזאַל־נאַטשאַלניק אא"וו.

קומט אריין דער פאַראַנטוואָרטלעכער צום נאַטשאַלניק און שטעלט אים פאָר די לאַגע: מיר שטייען שוין צוויי מעת־לעת, די נעכט זיינען שרעק־לעך קאַלטע. וויפל איז דער שיעור? שטעל דיר פאָר, אַז דיין פרוי און קינדער געפינען זיך אין אַזאַ עשעלאָן!

דאָס איז די אכילעס־פיאַטע פון נאַטשאַלניק. ער ווייסט טאַקע נישט, ווו זיין פרוי און קינדער געפינען זיך און אַליין, ווי אַ סאָלדאַט, געפינט ער זיך

אויפן פאָסטן טאָג און נאַכט, שלאָפט זיצנדיק, נישט אויסטוענדיק זיך וואָכן־לאַנג, עסט כאַפּנדיק, ווייל קיין צייט האָט ער נישט.

אָבער וואָס קאָן ער, דער העלד פון אויסדויער, וואָס ווערט דער ערשטער באָמבאַרדירט דורכן שונא און טאָר זיך אפילו נישט באַהאַלטן, ווייל ער מוז סיגנאַליזירן די געפאַר ווייטער, וואָס קאָן ער טון? זיין פונקט איז דאָך אָפּהענגיק פון אַנדערע, ער איז בלויז אַ רינגעלע אין אַ לאַנגער קייט פון סטאַציעס.

מיר ליגן פאַר אַזאַ איינעם, אַז מיר זיינען אים גרייט צו העלפן, כל זמן מיר שטייען דאָ, אָבער ער האָט אפילו נישט קיין צייט אונדז צו ענטפערן, ווייל ס'איז ווידער אַן אַלאַרם און ווי מוראַשקעס, ווען מען שטעקט אַריין אין זייער נעסט אַ שטעקן, צעלויפן זיך טויזנטער מענטשן אין אַלע זייטן. ווער ס'קריכט אריין אין א קעלער און ווער ס'לאָזט זיך ווייטער אין די קוסטעס. און גראָד דעמלט באַפרייט זיך עפּעס אַ ליניע, אַ לאָקאָמאָטיוו גיט אַ פייף און מען ווייסט נישט וועלכער.

עס הייבט זיך אָן אַ געלויף. מען דראַפּעט זיך אַרויף אויפן נאָענטסטן וואַגאָן, ווייל ס'איז פאַראַן אַ מורא, אַז ביז צום ריכטיקן וועט מען שוין נישט סטאַטועס.

צום סוף פאָרט אָפּ אַן עשעלאָן, אָבער... נישט אונדזערער, איבערלאָזנדיק אונדז אַ ירושה: עטלעכע מענטשן, ס'רוב פרויען און קינדער, וואָס האָבן זיך פאַר־בלאָנדזשעט צווישן די רעלסן און געזען ווי מענטשן לויפן, זיינען זיי נאָכגעלאָפן און... פאַרשפּעטיקט. דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן עשעלאָן לויפט ווידער צום נאַטשאַלניק און איז זיך מיט אים מישב, ווי אַזוי איבערצושיקן די צוריקגעבלי־בענע. דער נאַטשאַלניק זאָגט, אַז דער עשעלאָן מיט פאַרווונדעטע גייט אָפּ פאַר אונדזערן און אַזוי ווי ער האָט „פּריאָריטעט", וועט ער געוויס אָניאָגן יענעם עשעלאָן, ער ווייסט נאָר נישט ווו, יעדנפאַלס וועט ער עס איבערגעבן צו דער באַן־מיליץ אין די ווייטערדיקע פונקטן, אַז די און די געפינען זיך אין סאַני־טאַרן־צוג נומער אַזאַ און אַזאַ. אַזויווי די סטאַראָסטעס פון יענעם עשעלאָן האָבן אויך געגעבן צו וויסן דער מיליץ וועגן די פאַרפאַלענע, וועט מען זיי שוין זיכער צוריקפירן צו זייערע וואַגאָנען.

אויף יעדער סטאַציע איז געווען אַ „קובאָוואַיאַ" ד. ה. אַ שטיבל, ווו ס'האָט זיך געקאָכט וואַסער. פון די דרויסנדיקע זייטן זיינען געווען קראַנען פאַר קאַלט און הייס וואַסער. ווי די הייליקע וועסטאַלינס, וואָס האָבן געהיט אין רוים, אַז דאָס פייער אין טעמפּל פון דער געטין וועסטאַ זאָל קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן, אַזוי האָבן פּשוטע רוסישע פרויען געדאַגהט דערפאַר, ס'זאָל פאַר די דורכרייזנדיקע נישט אויספעלן קיין געקאָכט וואַסער, כדי זיך צו פאַרבריען אַ ביסל טיי, אָפּקאָכן אַ גאַלאָפּ־זופּ, אָפּוואַשן אַ קינד, אויסרייניקן אַ כלי.

הייסע וואַסער אין וועג בשעת קעלטן, פרעסט און שנייען איז אפשר נאָך מער וויכטיק ווי א קאַלטער טרונק, פאַר אַ בלאָנדזשענדיקן אין מדבר.

פֿיל זאָרג איז אויך אָפּגעגעבן געוואָרן פֿאַר די וואַגאָנען מיט בהמות.
נישט נאָר מענטשן, נאָר אויך בהמות דאַרפֿן האָבן מזל.

געווען בהמות, וועלכע מען האָט נישט באַוויזן צו עוואַקוּאירן מיט דער באַן. זיי האָבן זיך געשלעפּט מיט די וועגן פֿון פּאָלטאַווע, פֿון סומי, פֿון טשערניגאָוו. די באַגלייטערס, קאָלכאָזנע פּאַסטעכער, פֿלעגן אַריינקומען צום ראש פֿון קאָלכאָז און אָדער באַקומען פּאַרטיקע פּאַשע, אָדער אַרויסגעפֿירט די בהמות אויפֿן פֿעלד.

די בהמות האָבן חלילה נישט געוואָלט אומזיסט: זיי האָבן באַלד, אויפֿן אָרט באַצאָלט, אין מזומן — מיט מילך. אַן איבעריקע אַרבעט פֿאַר די קאָלכאָזנע מעלקערקעס! אָבער ווער האָט זיך דעמאָלט גערעכנט מיט צייט, מיט אַרבעט.

און אַזוי האָבן זיך געשלעפּט די בהמות הונדערטער קילאָמעטער ביז זיי זיינען צום סוף דערגאַנגען צו אַ קאָלכאָז, וואָס האָט זיי געגעבן אַזיל־רעכט אויף דער צייט פֿון דער מלחמה.

אַנדערש איז אָבער געווען די לאַגע פֿון „פּריווילעגירטע״ בהמות, ד. ה. פֿון אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין אַ וואַגאָן. דער זאַפּאַס היי און האָבער האָט זיך שוין פֿון לאַנג אויסגעלאָזט. די באַגלייטערס האָבן דעריבער, געמוזט קודם־כל זאָרגן פֿאַר די בהמות. שטעלט זיך אַ צוג ערגעץ אָפּ, לויפֿן זיי באַלד מיט זעק, מיט קאָסעס, מיט רעקאָמענדאַציע־פּאַפּירלעך און זוכן פּאַשע.

צו שטיין אויף אַ סטאַנציע מיט אַזעלכע „יחסנים״ איז געווען אַ פֿאַרגעניגן: מען האָט באַקומען מילך „גלייך פֿון דער קו״, אויב ס'איז, פֿאַרשטייט זיך, נישט געשטאַנען אויך אַ סאַניטאַר־צוג, וואָס האָט געהאַט די בכורה אין באַזאָרגן זיך מיט מילך.

ס'איז וואָס ווייטער אַלץ קלאָרער געוואָרן, וויפֿל הויש פֿאַר אָרדענונג, וואָס פֿאַר אַ ווייטער קוק און סאַראַ מאָס פֿון אויסדויער ס'האָבן געמוזט אַרויסווייזן די, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פֿון דער גרויסער מאַשין, וואָס רופֿט זיך פֿאַרטיידיקונג פֿון פֿאָטערלאַנד.

שוין אין נאָוועמבער, צו דעם 24־טן יאָרטאָג פֿון דער רעוואָלוציע, האָבן די עוואַקוּאירטע זאַוואָדן געגעבן פּראָדוקציע פֿאַרן פֿראָנט. נאָך סטאַלינגראַד און קורסק האָבן די דאָזיקע זאַוואָדן געשיקט הילף פֿאַר די באַפֿרייטע שטעט, געהאָלפֿן זיי אויפֿבויען און אַליין פֿאַרבלייבנדיק שוין ערגעץ־ווו, מעבר לאוראַל, גענומען דאָס שעפּטום איבער די פֿאַבריקן פֿון וואַנען זיי אַליין שטאַמען, באַזאָרגט זיי מיט אַלץ נויטיקע און אַזוי אַרום פֿון טעכטער־זאַוואָדן זיינען זיי אויסגעוואַקסן צו מוטער־זאַוואָדן.

עס האָט מיך אויך אינטערעסירט דער גורל פֿון די אומגליקלעכע בהמות.
אויך זייער גורל איז נישט געווען הפקר.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די פּאַסטעכלעך, וואָס האָבן זיי באַגלייט האָבן געהאַט פֿולמאַכטן און אָנווייזונגען, וואָס צו טון און וויאַזוי נישט צו פֿאַרטאַכלעווען דאָס פֿאָלקס־פֿאַרמעגן.

אין די באַשלוסן הייגן פלאַנירונג פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין די צייטונגען, איז געווען אָנגעגעבן וויפל יעדער קאָלכאָז פון דער געגעבענער געגנט דאַרף האָבן אין די שטאַלן קעפ אייגענע און וויפל ער דאַרף צוריקגעבן, אַריינרעכענענדיק דעם צו־וווקס, די מערבדיקע קאָלכאָזן (אָנגעגעבן דעם נאָמען).

אַזוי האָט דער סאָוויעטישער מערב פאַרטיידיקט דעם מזרח קעגן פאַשיזם און דער סאָוויעטישער מזרח האָט געהאָלפן אויפבויען די חורבות פון די פאַר־ניכטעטע מערבדיקע געגנטן.

# 18. איך האַלט וואָרט

דעם 2־טן אָקטאָבער האָב איך באַקומען אַ דערלויבעניש פון „נאַראָבראָז״ צו פאַרלאָזן די אַרבעט און אַן איבערווייזונג אין באַנק אויף אַ סומע פון 372 רובל פאַר דער צווייטער העלפט סעפטעמבער, צוויי טעג פון אָקטאָבער און זעקס טעג אורלויב — צו יעדן חודש אַרבעט קומען צו דריי טעג.

פון פריער האָב איך זיך שוין געהאַט געקויפט אַ ביסל וואַרעמע וועש, אַ קורטקע מיט אַ פוטערנעם קאָלנער און אַ רוקזאַק.

ווי איך גיי אַזוי קיין ביעלגאָראַד הער איך ווי עמעץ רופט מיך ביים נאָמען און אַ לאַסט־אויטאָ שטעלט זיך אָפּ האַרט לעבן מיר. כ׳הייב אויף דעם בליק און דערזע סאָניאַ בערענגאָלץ — אַ לערערין פון ראָוונע, אַ „וואָס־טאָטשניצע״.

כ׳האָב זיך שטאַרק דערפרייט, פונקט ווי מיט יעדן באַקאַנטן פון אַמאָל און אויסגעפרעגט וועגן פּרטים פון איר רייזע. זי איז געפאָרן קיין ראסאָש און מיר פאָרגעלייגט אַ פּלאַץ אין אויטאָ.

אין יענע טעג איז דאָס געווען אַן אידעאַל פון אַן עוואַקואירטן: צו פאָרן אין אַ מאַשין. הגם ביי די אָסיענדיקע וועטערן זיינען די זייטיקע וועגן געווען אַזוי ווייך, אַז אויב ביסט אריין מיט אַ ראָד אין אַ יאַמע וועסטו שוין פון דאָרט אזוי שנעל נישט ארויס. מיט די הויפּט־שאָסייען ווידער צו פאָרן איז געווען נאָך מער געפערלעך: מען האָט געקאָנט דאָרט אומקומען פון אַ באָמבאַרדירונג אָדער פון אַ פיינטלעכן פּולעמיאָט.

צום באַדויערן האָב איך געמוזט סאָניען אָפּזאָגן: איך האָב געהאַט צו־געזאָגט אַלעקסאַנדרא סעמיאָנאָוונא זיך צו עוואַקואירן צוזאַמען מיט נילען. איצט איז געקומען די צייט.

אין ביעלגאָראַד האָב איך זיך דערוווסט, אַז פּאָלטאַווע איז שוין געפאַלן. נילאָ האָט געזאָלט צומאַרגנס אין דער פרי אַרויספאָרן מיט פערד אין דער ריכטונג פון סטאַרי־אָסקאָל. ווען איך בין געקומען מיט מיין באַגאַזש, האָט מיר אַלעקסאַנדרא סעמיאָנאָוונא געזאָגט, אַז זי איז שוין אוועק, ווייל דער אייגנטימער פון די פערד האָט נישט געקאָנט וואַרטן. לויט דעם מאַרשרוט און דערפער, ווו זיי האָבן באַשטימט צו נעכטיקן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אַניאָגן זיי וועל איך אָדער מיט אַן אויטאָ אָדער ערשט אין אסקאָל, ביי איר הבֿרטע פון זאַוואָד מילא זאכאריעוונא סוואָראָווא.

מיט אַ שווערן באַגאַזש און אַ נאָך שווערער געמיט פאַרלאָז איך ביעל־גאָראָד. אַלעקסאַנדראַ סעמיאָנאָווגאַ האָט מיר געגעבן אין וועג אַריין, וואָס נאָר זי האָט געקאָנט, האַרציק מיך אַרומגענומען און געזעגנט זיך ווי מיט אַן אייגן קינד.

— כל זמן ס'גייט די פּאָסט שרייב. דיין גורל גייט מיך שטאַרק אָן. כ'ווינטש דיר די מלחמה זאָל זיך וואָס גיכער ענדיקן און זאָלסט צוריק זיין צוזאַמען מיט דיין משפּחה.

זע, כ'פאַרטרוי דיר אָן דאָס טייערסטע וואָס כ'האָב, מיין לעצט קינד. דער־פיר זי ביז צו אַן אָרט, וווּ וועסט זי קאָנען מיט אַ ריין געוויסן איבערלאָזן אַליין, טאָמער וועט דיך דיין פירן ערגעץ־ווו אַנדערש.

נאָך דער מלחמה לאָז פון זיך הערן!

כ'בין אַוועק צו פוס. אויפן וועג האָבן מיך אויפגענומען אַ פּאָר יונגע בחורים, וואָס זיינען געפאָרן מיט פערד קיין קאַראַטשע.

און ווידער בין איך פאַרבייגעפאָרן סטאַרי גאָראָד און דאָס הויז, פון וואַנען כ'פלעג גוטע עטלעכע וואָכן אַרויסקוקן, צי כ'וועל נישט באַגעגענען אַ באַקאַנטן. כ'האָב זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צום דאָזיקן אָרט און פאַרביי־פאָרנדיק איצט, צום לעצטן מאָל, אַליין אַ פליט, האָב איך זיך געטראַכט, אַז פון דאַנען אַוועקצופאָרן איז מיר נישט אַזוי שווער. שווער איז נאָר געווען דער ערשטער שריט.

געגעבנכטיקט האָבן מיר אין אַ דאָרף מיט אַ מאָדנעם נאָמען: מיאַסאָיע־דאָווקאַ. ס'האָט מיך דערמאָנט אין מענדעלעס טוניעיאַדעווקע.

גאַנץ פרי האָט מען אויף פרישטיק אונדז דערלאַנגט אַ גרויסע שיסל „שטשי" מיט קאַרטאָפל. מיר האָבן אַרויסגענומען אונדזערע לעפל, אַן אינסטרומענט פון וועלכן מען פלעגט זיך אין יענע טעג נישט שיידן, און פון דער שיסל האָט זיך גיך באַוויזן דער דעק. דעם זעלבן אָוונט בין איך נאָך געווען אין דאָרף פלאָטאָוויעץ, ווו אַ סימפּאַטישער דירעקטאָר פון אַ שול האָט מיך איינגעלאַדן צו נעכטיקן און אַזוי „ברכב וברגל" דורך קאַראַטשע, סקאָ־ראָדנאַיאַ, באַבראָווקאַ, קמאַ האָב איך זיך דערשלעפּט, נאָך דריי טעג, קיין סטאַרי אָסקאָל און דאָרט געטראָפן נילען.

איר פרייד איז געווען נישט צו באַשרייבן. די מוטער האָט איר אַזויפיל אַנדערציילט וועגן מיר, אַז אין מאָמענט ווען זי האָט מיך דערזען איז איר צוגעקומען מער זיכערקייט און גלויבן, אַז זי וועט זיך דערשלאָגן צום בייעם אָרט אין קאַזאַכסטאַן, ווו איר זאָוואָד האָט זי געשיקט אַרבעטן.

ביי איר חברטעס שוועסטער האָב איך איבערגענעכטיקט. פאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב זיך פריער גוט אויסגעבאָדן, איבערגעביטן וועש, די שמוציקע אויסגעוואַשן און אויפן אָרט געלאָזט טרוקענען. צוזאַמען האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

איבער אַ מעת־לעת האָט געדויערט די רייזע קיין וואָראָניעזש.

די נאַכט זיינען מיר שוין דורכגעזעסן אַרום וואָקזאַל. דער וואָקזאַל אַליין איז געווען אַזוי אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן, אַז ס'איז זיך שווער געווען צו דערשלאָגן צו וועלכן ניט איז פענצטערל, כדי צו רעדן מיט אַ באַאַמטן.

אין דער פרי איז נילע געגאנגען אויפזוכן אירס א חבר און איך האָב זיך געלאָזט אָנקוקן די היסטאָרישע שטאָט, וווּ פּיאָטר דער גרויסער האָט גענומען בויען זיין פלאָט. אין אַ צענטראַל אָרט שטייט זיין דענקמאָל און אַ סך ערטער זיינען פאַרבונדן מיט זיין נאָמען און זיין תקופה.

וואָראָניעזש אַליין האָט זיך מיטן טראַנספּאָרט פון עוואַקואירטע נישט פאַרנומען. עס איז געווען נויטיק אָפּצווענדן די גרויסע כוואַליע מענטשן פון צענטראַלע שטעט, מחמת לופט־געפאַרן, און איבערצופירן זיי אין קלע־נערע מקומות. אַזוי האָבן מיר געמוזט צופאָרן צום „עוואַקאָ־פונקט" אין אָט־ראָזשקע און נאָך געוויסע פאָרמאַליטעטן און א „סאַן־פּראָפּוסקניק", ד. ה. אַ באָד, א דעזינפעקציע פון זאכן און א קאָנטראָל פון קערפּערלעכער ריינ־קייט, אָן וואָס מ'האָט בשום אופן קיין בילעטן נישט פאַרקויפט, האָבן מיר באַקומען בילעטן קיין אלמא־אטא. אַ בילעט אויף אַ מהלך פון טויזנטער קילאָמעטער פאַר 113 רובל.

ס'איז געווען א מעגלעכקייט צו פאָרן מיט אַן עשעלאָן אָן געלד. מיר האָבן אָבער אויסגעקליבן די אינדיווידועלע רייזע, כדי וואָס גיכער אָרויסצו־פאָרן פון דאנען, הגם מיר האָבן נישט געוווּסט, וואָס עס דערוואַרט אונדז ווייטער. ס'איז דאָך נישט געווען קיין דירעקטער צוג און דער בילעט האָט נאָך געמוזט ביי יעדן איבערשטייגן געשטעמפּלט ווערן. אַ מעלה פון אַן עשעלאָן איז דווקא די, וואָס די פּאַסאַזשירן דאַרפן אַליין נישט טראַכטן וועגן זייער רייזע.

און אזוי בין איך זיך געלעגן אויפן צווייטן עטאַזש פון אַ וואַגאָן, וואָס האָט מיך געפירט דערווייל קיין מיטשורינסק. דער עיקר איז איצט געווען פאָרן, וואָס שנעלער, וואָס ווייטער פון די שטחים, וואָס זיינען באַדראָט פון דער לופט.

אין אָוונט זיינען מיר אָנגעקומען קיין מיטשורינסק און אָפּגעזעסן דאָ אַ נאַכט מיט אַ האַלבן טאָג און שפּעטער ערשט אָפּגעפאָרן קיין ריאַזשסק, פון וואַנען ס'האָט געזאָלט זיין אַ דירעקטער צוג קיין אַלמאַ־אַטאַ. אָבער אויך דאָ זיינען מיר אָפּגעזעסן קנאַפּע צוויי מעת־לעת, ווייל אַלע ליניעס זיינען געווען פאַרנומען דורך מיליטער־טראַנספּאָרטן. מיר האָבן שוין געוואָלט מוותר זיין אויף אַ פּאַסאַזשיר־צוג און פאָרן אין משא־וואַגאָנען, אָבער ס'איז שווער געווען זיך צו דערשלאָגן צו עמעצן.

אומעטום רייען: נאָך ברויט, נאָך לימאָנאַד, נאָך אינפאָרמאַציעס.

אויפן דריטן טאָג האָבן מיר ערשט באַוויזן אַריינצוקומען אין אַן עשע־לאָן, וווּ די מערהייט זיינען געווען טשערנאָוויצער און בעסאַראַבישע יידן מיט פרויען און קינדער.

נילע, נאָך אַ חבר אירער פון דער אַרבעט ארקאַדי און איך זיינען גע־זעסן איינגעקורטשעט אין א ווינקל. פון אונדזערע אלע באגאזשן האָבן מיר באַוויזן אויסצוקאָמבינירן אַ געלעגער, וווּ נילע איז געשלאָפן ביינאַכט און מיר האָבן לויט דער ריי געכאַפּט אַ דרימל ביי־טאָג.

די ערשטע דרייהונדערט קילאָמעטער זיינען מיר אָפּגעפּאָרן געוויינלעך שנעל, אָבער די לעצטע הונדערט פאָרן מיר שוין אַ מעת־לעת. מיר געפינען זיך בסך־הכל זיבן קילאָמעטער פון פּענזע און קאָנען זיך אהין נישט דערשלאָגן.

אונדזער פאַראַנטוואָרטלעכער האָט אונדז באַזאָרגט מיט אַ הייסער זופּ און פרישטיק. אַז דו זיצסט דאָ אין עשעלאָן ווערט דיר סוף כל סוף גלייכ־גילטיק ווען און וווהין וועסט אָנקומען.

פון דער אַפּאַטיע פירט אָבער אַרויס דער הונגער. מיר באַמיען זיך נאָך אַלץ צו קויפן אויפן וועג, אָבער ברויט איז שוין שווער צו קריגן. מיר מוזן אָנרירן די זאַפּאַסן פון סוכאַרעס.

ערשט נאָך זעקס טעג פאָרן זיינען מיר אָנגעקומען אין אָוונט קיין קויבישעוו.

# 19. קױבישעװ

פֿאַר קױבישעװ האָבן מיר געהאט א מאָמענט פֿון גרױסער פֿרייד, איי־בעררײַשונג און האָפֿענונג. דאָס איז געװען אין משך פֿון קורצן אױפֿנטהאַלט אױף דעם װאָקזאַל אין פּענזא.

אהין זײַנען מיר אַרײַנגעפֿאָרן אין אָװנט. געװױנט צו דער פֿינצטערניש אױף די פֿריערדיקע סטאַציעס, האָט אונדז אין ערשטן מאָמענט פֿאַרבלענדט די אױגן דאָס העלע ליכט. ס׳איז אונדז אױסגעקומען װי מיר װאָלטן זיך אַרײַ־בערגעטראָגן אױף אַן אַנדער פּלאַנעט. אױף אײן סעקונדע האָט זיך אונדז געדאכט, אַז מיר זײַנען אַרײַנגעקומען אין אַ לאַנד פֿון שלום, פֿון פֿרייד און רואיקער שאַפֿונג. הונדערטער לאָמפּן האָבן געפֿונקלט מיט גאָלד־זילבערנעם גלאַנץ און אונדז אָנגעזאָגט, אַז ס׳איז נאָך פֿאַראַן אַ שטח פֿון זיכערקײט. אַ האָפֿענונג האָט אָנגעפֿילט אונדזערע הערצער. כל זמן ס׳זײַנען פֿאַראַן שטעט און דערפֿער, פֿאַבריקן, זאװאָדן און אינסטיטוציעס, װאָס ארבעטן און פֿאר־זאָרגן מיט אלעם נױטיקן די ארמיי און די ציװילע באפֿעלקערונג הײסט עס, אַז ס׳זײַנען פֿאַראַן גוטע אױסזיכטן צו באַזיגן דעם שונא.

מיר האָבן זיך געטײלט מיט דעם אײַנדרוק, װאָס די ליכט־איבערלעבונג האָט אױף אונדז געמאכט. נילאָ האָט זיך אױפֿגעהערט צו דענערװירן. די לופֿט־אַלאַרמען האָבן אױפֿגעהערט צו װערן דער אײביקער קאָשמאַר און דאָס זשוזשען פֿון עראָפּלאַנען האָט שױן מער נישט אַרױסגערופֿן קײן אומרו און שרעק.

פֿון איצט אָן איז יעדער עראָפּלאַן געװען אַ סאָװיעטישער, אַן אָנזאָ־גער פֿון זיג. דאָס פֿאָרן איז פֿאַר אונדז געװאָרן אַ מאַטערניש. נישט אַ פֿיזישע נאָר אַ מאָראַלישע.

— גיב נאָר א טראכט, זאָגט נילאָ, מענטשן קעמפֿן איצט, מענטשן אר־בעטן און מיר שלעפּן זיך דאָ אין די װאגאָנען, טוען גאָרנישט און העלפֿן נישט דעם לאנד.

— דאָס איז נאָך נישט אַלץ, גיב איך צו, װאָס מיר דאַרפֿן זיך פֿאָרװאַרפֿן. נישט גענוג, װאָס מיר טוען גאָרנישט, אבסאָרבירן מיר נאָך טױזנטער מענטשן, פֿאַרנעמען װאגאָנען און פֿארשאפֿן זאָרג דער מאכט מיט אונדזער עצם פֿאָרן און װאנדערן. אונדזער װאגאָן װאָלט דאָך געקאָנט אין איצטיקן מאָמענט פֿירן ברױט אָדער אמוניציע פֿונקט אין א פֿארקערטער ריכטונג און נישט

טאַרמאַזירן די באַוועגונג, פאַרנעמען ליניעס און אַזוי אַרום אָפּשלעפּן דעם מאַמענט פון זיג.

איין טרייסט איז אָבער געווען, אַז מיט אונדזער דערווייטערן זיך פון דייטש, שטאַרקן מיר די כוחות פון היינטערלאַנד.

די טרייסט האָט אונדז אויבנאויפיק באַרואיקט, אָבער אין תוך נישט גע־שטילט דאָס געוויסן. ס'איז אין אונדז געווען אַ געפיל פון שולד לגבי דעם לאַנד.

און אַזוי זיינען מיר שפּעט ביינאַכט, דעם 17־טן אָקטאָבער, אָנגעקומען קיין קויבישעוו, דעם פּראָוויזאָרישן זיצאָרט פון דער רעגירונג און אויסלענ־דישע דיפּלאָמאַטישע פאַרשטייער.

די שטאָט איז גרויס, מאָדערן געבויט. די וואָלגאַ גיט איר צו חן. אין די האָטעלן איז קיין פּלאַץ נישטאָ, אין די סטאָלאָוועס לאַנגע רייען.

וועגן באַלדיקן וויטערפאָרן האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד.

איך לאָז זיך אין שטאָט אַריין זוכן אַ באָד. גראָד געפינען זיך צוויי בעדער אין רעמאָנט און זיי פונקציאָנירן נישט. דערווייל זע איך אַ גרויסע ריי פון מענטשן. אויב אַ ריי איז אַ סימן, אַז מען קאָן דאָ עפּעס קריגן, שטעל איך זיך אויך אַוועק, כדי צו פאַרנעמען אַן אָרט אין דער ריי. שפּעטער ערשט פרעג איך איינעם וואָס מען וועט דאָ טיילן און דערוויס זיך, אַז מען דאַרף ברענגען ברויט.

ווי איך שטיי אַזוי, מיטן בינדל וועש אונטערן אָרעם קומט צו איינער פון דער ריי מיט אַ כעמישן בלייפעדער און בעט די האַנט, כדי אויפצושרייבן אַ לויף־נומער. אַזוי אַרום האָבן זיך די מענטשן אַליין אָרגאַניזירט, כדי אויסצומיידן אומאָרדענונג ביים אַריינגאַנג אין מאַגאַזין. שטענדיק פלעגט זיך געפינען איינער, וואָס האָט אַכטונג געגעבן ביי דער טיר, אַז אַלץ זאָל גיין כשורה. ווי מאָדנע ס'זאָל נישט זיין, אָבער אַז ס'געפינט זיך אַ מענטש מיט איניציאַטיוו, וואַרפן זיך אים אַלע אונטער און די גרעסטע סקעפּטיקער זיינען צופרידן פון די יושרדיקע מיטלען, מיט וועלכע דער איניציאַטאָר באַ־נוצט זיך. האָסטו אַ נומער מעגסטו זיין זיכער, אַז פון דער ריי וועט מען דיך נישט אַרויסשטויסן און קאָנסט דערווייל אַוועקגיין דערליידיקן עפּעס אַנדערש.

אַזוי האָב איך טאַקע געטון.

געגאַנגען אין באָד. דאָ האָב איך זיך גוט אָפּגעוואַשן, אָפּראַזירט, איבערגע־טון וועש און אַ צופרידענער צוריקגעגאַנגען נאָך ברויט.

ווי גרויס איז אָבער געווען מיין דערשטוינונג, ווען מ'האָט מיך נישט גע־וואָלט אַריינלאָזן אין דער ריי.

— ווייז די האַנט, רופט זיך אָן דער „אָרדנער".

איצט האָב איך זיך ערשט אָפּגעגעבן אַ חשבון, וועגן מיין דורכפאַל. פון נומער איז קיין זכר נישט געבליבן...

נאָך דעם פאַקט איז מיר נישט איין מאָל אויסגעקומען צו שטיין אין אַ ריי און צו ווערן נומערירט, אָבער די האַנט האָב איך שוין קיינמאָל נישט אונטער־געשטעלט. געהאַט גרייט אויף יעדן פאַל אַ שטיקל פּאַפּיר.

צוריקגעקומען צום וואָקזאַל הייבן מיר זיך אָן צו אינטערעסירן מיט דער ווייטערדיקער רייזע.

נילאַ זיצט ביי די זאכן און ארקאדי מיט מיר באמיען זיך צו דערגיין א טאָלק. מיר פרעגן אין אינפאָרמיר־ביוראָ, מיר כאַפּן אָן גלאט אייזנבאַנער און ווילן אַרויסבאקומען פון זיי, צי געפינט זיך נישט עפּעס אַ צוג אויף דער סטאַציע. דערנאָך צעטיילן מיר זיך מיט די פונקציעס: ער דארף געפינען אן אופן ווי אזוי זיך אריינצובאַקומען אויפן פעראָן און מיין פונקציע איז צו שטיין ביי דער קאַסע און צו שטעמפּלען די בילעטן.

מיט אַמאָל קומט צו ארקאדי און גיט מיר איבער בסוד, אַז אויף אלמא־אטא גייט באַלד אָפּ אַ פּאַסאַזשיר־צוג און מיר מוזן זיך אַהין אריינבאַקומען.

איך לאָז איבער די ר״י, גיי שנעל ארויס צו אונדזער באַגאַזש און מיר גייען צום פעראָן.

נישט לייכט איז אונדז דאָס אָנגעקומען. די קאָנטראָל איז געווען אַ שטרענגע. אָבער דער געדראַנג פון מענטשן האָט אוממעגלעך געמאכט יעדע קאָנטראָל. מיר האָבן געוויזן אונדזערע בילעטן און צוזאמען מיט דער גאַנצער כוואַליע מענטשן ארויס אויפן פעראָן און זיך אריינבאַקומען אין ערשטן בעסטן וואַגאָן.

ווען דער קאָנדוקטאָר איז אַריינגעקומען און באטראכט אונדזערע בילעטן, האָט ער זיך גענומען בייזערן און פארלאנגט, מיר זאָלן באַצאָלן שטראָף פאַר נישט שטעמפּלען די בילעטן.

איך האָב אים זייער העפלעך געענטפערט:

— יאָ, דו ביסט גערעכט. זאָג, וויפל מיר דאַרפן באַצאָלן, וועלן מיר דיר גלייך געבן.

ער האָט זיך גענומען פאַרענטפערן, אַז ס׳איז געוואָרן שווער צו ארבעטן, ס׳פאַרן אַזויפיל מענטשן, פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס רעכענען זיך נישט מיט די פאַרשריפטן און זיינען גורם אומאָנגענעמלעכקייטן או״וו.

מיר האָבן אים באַצאָלט פאַר אַן אומליגאַלער רייזע ביז דער נאָענטסטער סטאַציע און אים געבעטן, אַז דאָרט זאָל ער שוין אַליין שטעמפּלען אונדזערע בילעטן, ווייל אונדז וועט זיין שווער אַראָפּצוגיין או״וו.

ער האָט מסכים געווען דאָס צו טון און מיט אַ סך פריינדלעכקייט אונדז באַזאָרגט די פאָרמאַליטעטן. דאָס איז געווען די לעצטע זאָרג אונדזערע בנוגע דער לאַנגער רייזע, וואָס איז שוין צוגעגאַנגען נאָרמאַל און האָט אונדז דערווייטערט פון פראַנט און פון... דער היים.

## 20. זעקס מעת-לעת אין וואַגאָן.

זונטיק פרי דערגרייכן מיר זיך קיין טשקאַלאָוו. דער וואָקזאַל טראָגט נאָך דעם אַלטן נאָמען: אָרענבורג. די לאַנדשאַפט ענדערט זיך. ס'וואַקסן היימישע בעריאָזעס. אויפן וועג, ביי יעדן אָפּשטעל, זייַנען פאַראַן באַזאַרן. דאָס ערשטע, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן זייַנען אַרבוזן. פול. זיי זייַנען זייער ביליק.

אויף די דאָזיקע באַזאַרן קאָנסטו קויפן פלייש און צום פלייש אַ 3־4 אוגערקעס פאַר אַ רובל. מען באַקומט אויך מילך און געקאָכטע קאַרטאָפל.

ווי נאָר דער צוג שטעלט זיך אָפּ, גיבן זיך די פּאַסאַזשירן אַ לאָז צום באַזאַר, אייַנצוקויפן ווייטערדיקע צידה־לדרך.

אין אָוונט זייַנען מיר שוין אָנגעקומען קיין אַקטיובינסק. מיר פאָרן אַלץ דורך סטעפּעס און פלאַכלאַנד. דאָס אָרט פון פערד פאַרנעמען קעמלען. די איינציקע פאַרשיידנאַרטיקייט, וואָס דו האָסט — זייַנען די שטערן אויפן הימל־געצעלט. בעת אַזעלכע רייזעס האָסטו גענוג צייט צו באַקענען זיך מיט דייַנע מיט־פּאַסאַזשירן, ווי אויך צו ליגן און טראַכטן.

עס פאָרט מיט אונדז אַ קאַפּיטאַן. זייַן קאָמאַנדיראָווקע איז קיין טשימ־קענט, וווּ ער דאַרף זיך היילן און אַרבעטן. ער האָט שוין באַוויזן צו זייַן אויפן פראָנט, פאַרווונדעט צו ווערן און צו ליגן אין אַ שפּיטאָל, פון וואַנען מען האָט אים איבערגעשיקט אויף ווייטערע קוראַציע אין הינטערלאַנד.

ער האָט אויסגעקליבן טשימקענט, ווייל ער האָפט דאָרט צו טרעפן זייַן משפחה, וואָס האָט אפשר באַוויזן זיך צו עוואַקואירן און קומען צו קרובים, וואָס וווינען דאָרט פון לאַנג.

אַליין אַ פאַרווונדעטער האָט ער אָפּגעטרעטן זייַן פלאַץ, כדי נילע זאָל זיך קאָנען לייגן שלאָפן און זיך איבערגעזעצט אויף אונדזער באַנק. מיר האָבן זייער לאַנג געשמועסט מיט אים. ער איז געווען דער ערשטער מענטש פון פראָנט, וואָס מיר האָבן באַגעגנט. זייַנע דערציילונגען וועגן די דייטשע אכזריותן לגבי דער ציווילער באַפעלקערונג און לגבי סאָוועטישע געפאַנ־גענע, האָבן אונדז געמאַכט אויפציטערן. מיר האָבן נאָך דעמלט ווייניק וועגן דעם געוווּסט. פאַרנומען די גאַנצע צייט מיט זיך אַליין, כסדר אין וועג, אין יאָגעניש נאָך א וואַגאָן, נאָך ברויט, האָבן מיר אפילו קיין געדולד נישט געהאַט צו לייענען די צייטונגען.

ער האָט אונדז אויפגעקלערט די לאַגע און מיר האָבן אָנגעהויבן צו באַנעמען די גאַנצע שרעקלעכקייט פון קריג.

מאָסקווע איז געווען אין אַ סכּנה.

אין אַזעלכע מאָמענטן האָבן מיר ערשט געזען די נישטיקייט פון אונדזער פּערזענלעכן וואַלגערן זיך אויף די וואָקזאַלן און עשעלאָנען. ס'האָט זיך געוואָלט שוין זיין אויף אַן אָרט, וווּ מ'וועט קאָנען אַרבעטן, טון דאָס וואָס מען וועט דאַרפן און אויספירן די שליחותן, וואָס ווען זיך פון אונדז פאָדערן. אַ געפיל פון אַן איבעריקן, אומנוציקן מענטש ווירקט אויף מיר דערפרימירנדיק.

אָבער פאַר אַ סך פון מיינע מיטפּאַסאַזשירן — פּליטים פון די בייעמעריב־געביטן האָב איך זיך געמוזט שעמען. זייערע האַנדלונגען האָבן פאַרשאַפט אַ סך אומאַנגענעמלעכקייטן און אַרויסגערופן לגבי אַלע פּליטים אַ פיינטלעכע באַציאונג.

אָט למשל קומען מיר אָן אויף דער סטאַציע אַראַלסק. דער צוג שטעלט זיך אָפּ און פון אַלע וואַגאָנען לויפן אַרויס מענטשן: ווער נאָך „קיפּיאַטאָק”, ווער נאָך מילך, ווער נאָך ברויט... עס שאַפן זיך באַלד רייען און מען קויפט.

מיט אַ מאָל גיט איינער אַ געשריי, אַז דער צוג רירט פון אָרט. ביז מען האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז אַ פאַלשער אַלאַרם, איז מען זיך אינסטינקטיוו צעלאָפן און בלויז אַ פּאָר מענטשן, וואָס האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז געווען אַ טריק, האָבן אויסגענוצט דעם מאָמענט און אַן אַ ריי גענומען איינהאַנדלען אַלץ, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט. די געקויפטע פּראָדוקטן האָט מען אַוועקגעגעבן באַקאַנטע, וואָס זיינען דערווייל בעלם געוואָרן, ווייל דעמלט האָט טאַקע דער צוג זיך געגעבן אַ ריר.

אַזעלכע סצענעס האָב איך אָבסערווירט אויך אין קאַזאַלינסק און איך בין אוודאי נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט דאָס געזען און אויף וועמען דאָס האָט געמאַכט אַ פיינלעכן איינדרוק. ס'האָט זיך פאַר מיר פּשוט געשטעלט די פראַגע, צי איז כדאי געווען צו ברענגען אַזויפיל קרבנות, כדי צו ראַטעווען גראַד אָט די עלעמענטן, וואָס אפילו אין אַזאַ שרעקלעכער צייט, ווען זיי זיינען אַליין נע־ונד, נאַרן זיי אָפּ אַנדערע, אויך נישט קיין איבעריק גרויסע נגידים.

ווייל, ווער זיינען דאָס די, וואָס פלעגן אַרויסטראָגן צו פאַרקויפן די פּראָדוקטן? מוטערס, פרויען און קינדער פון מאָביליזירטע זעלנער, וואָס זיינען אין יענע טעג אָפּגעגאַנגען אין בלוט ביי בריאַנסק, ביי כאַרקאָוו, ביי לענינגראַד. אין זייער לעבן האָט זיך אויך אריינגעריסן די מלחמה און הגם זיי האָבן דעם שונא אויף די אויגן נישט געזען, האָבן זיי אים אָבער גוט געפילט.

ס'איז געווען פיינלעך און אומעטיק. בפרט האָט עס דעפּרימירט מיך, ווייל די גרויסע מערהייט פון די דאָזיקע פּליטים זיינען געווען יידן און עס האָט געקאָנט אַרויסרופן ביי טייל געליטענע, אַנטיסעמיטישע געפילן.

ס'איז געווען אַ גליק פאַר די יידן די שטאַרקע האַנט פון דער סאָוויעטישער מאַכט, וואָס האָט דורכגעפירט און פירט דורך דעם פּרינציפּ פון פעלקער־פריינדשאַפט און פאַרניכטעט יעדע שפּור פון אַנטיסעמיטיזם. דאָרט, וווּ ס'באַווייזט זיך אַנטיסעמיטיזם איז פאַרויסצוזען אויך דעם שונא פון ראַטן־

פאַרבאַנד. ער באַווייזט זיך בלויז ווי אַ סימפּטאָם, אַט אַזויווי פאַרדויטלטע באַקן זײַנען אָפט אַ סימפּטאָם פון אַ טובערקולאָז־קראַנקן.

אַזעלכע טרויעריקע געדאַנקען באַגלייטן מיך די גאַנצע צייט פון דער רייזע. מיר ציילן די טעג און יעדער טאָג איז פאַרבונדן מיט אַנדערע זכרונות.

מיטוואָך, דעם 22־טן זײַנען מיר אין דער פרי געווען אין קזיל־אָרדא און דאָ זיך קעגנזייטיק דערמאָנט, אַז ס'איז הײַנט פיר חדשים פון מלחמה־אָנהייב. מיר זײַנען שוין מיד געוואָרן צו ריידן וועגן מלחמה און זיך גע־טיילט מיט אײַנדרוקן איבער דער פאַרבײַגעפאָרענער לאַנדשאַפט און מיט פלענער אויף דער צוקונפט.

וואָס פאַר שטאַרקע נאַטור־קאָנטראַסטן שוועבן פאַר אונדז פאַרבײַ. נעכטן בײַנאַכט זײַנען מיר שיר נישט דערפרוירן געוואָרן אין דער געגנט פון אַראַלער ים און איצט איז הייס נישט אויסצוהאַלטן. אין אָוונט וועלן מיר זײַן אין אַריס, ווו מען דאַרף בײַטן דעם צוג. דאָרט איז דער באַנקנופּ, פון וואַנען מען פאָרט אויף טאַשקענט אָדער אַלמאַ־אַטאַ.

אין אַריס האָב איך באַגעגנט אַ באַקאַנטן פון ראָוונע, דעם לערער שטיפּס אַ שוואָגער. ער איז געקומען צום באַן זוכן באַקאַנטע, פרעגן אויף קרובים. איך האָב אים מקנא געווען, וואָס ער געפינט זיך שוין אויף אַן אָרט און דאַרף שוין ווײַטער נישט פאָרן.

מײַן מיסיע איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט. כ'האָב נאָך געמוזט פאָרן מיט בילעטן קיין אַלמאַ־אַטאַ, הגם קיין באַזונדערן אינטערעס האָב איך דאָרט נישט געהאַט און פונקט אַזוי האָב איך געקאָנט פאָרן קיין טאַשקענט.

דער וועג איז איצט געווען אַ שיינער: בערג, בורעקעס־פּלאַנטאַציעס און פרוכטביימער. די בערג זײַנען נישט קיין נאַקעטע, מיט גרינס באַדעקט פאַר־מאָגן זיי אויסגעצייכנטע פּאַשע.

דאָס וועטער איז וואַרעם, אָבער פײַכטלעך. ס'גייט אַ דין רעגנדל.

בײַ אַלע מײַנע דאגות וועגן מאָרגן און האָבנדיק אין פאַרמעגן בסך הכל 200 רובל, האָב איך זיך דאָך געפילט אין אַ געוויסער מאָס גײַסטיק באַפרײַ־דיקט. כ'האָב זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין־וחשבון, אַז כ'געפין זיך איצט אויף אַ שליאַך, וואָס אַמאָל האָב איך אים געזען אין קינאָ און, געוויינטלעך אין אַזעלכע פאַלן, האָב איך געוואָלט דאָ זײַן אין דער אמתן. כ'האָב זיך דערמאָנט אין פילם „טורקסיב" און מיט אַ געמישט געפיל פעסטגעשטעלט, אַז איך פאָר גראָד איצט אויף דער שטרעקע. פאַרשטייט זיך, אַז אין אַנדערע באַדינגונגען, בײַ אַנדערע אומשטענדן, וואָלט מײַן באַפרידיקונג פון מאַכן אַזאַ רייזע געווען אַן אומבאַשרײַבלעכע. אָבער אויך איצט האָב איך געהאַט דאָס געפיל פון אײַנזאַמלען אײַנדרוקן פאַר דער צוקונפט, אויב ס'וועט קומען אַ צייט, ווען כ'וועל זיי קאָנען אויפוועקן און פון זיי הנאה האָבן. אין יענעם מאָמענט איז דאָס אַלץ געווען „טויטער קאַפּיטאַל". כ'האָב נישט געקאָנט און אויך נישט געוואָלט געבײַסן פון לעבן, נײַערט גרייט געווען צו מאַכן יעדע אָנשטרענגונג, וואָס זאָל קאָנען באַ־רעכטיקן מײַן געפינען זיך אין פיזישער זיכערקייט און אויסער יעדער לעבנס־געפאַר.

דער קאַפּיטאַן האָט אונדז אונדז שוין פאַרלאָזט. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך דערוויל געביטן און מיר האָבן גענומען גרייטן דעם באַגאַזש צום אַראָפּגיין אין דער הויפּטשטאָט פון קאַזאַכסטאַן: אַלמאַ־אַטאַ.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. מיר גייען אַראָפּ, בלייבן שטיין און ווייסן נישט וווהין זיך צו ווענדן. דערווייל גיב איך זיך א קוק אַרום און דערזע מיין שכן, דעם לערער שמואל שטיף מיט זיין משפּחה. כ׳דערוויס זיך פון אים, אַז ער האָט שוין אַ שטעלע און פאָרט איצט אין דאָרף אַריין, וווּ ער וועט בלייבן וווינען. איך האָב אים איבערגעגעבן אַ גרויס פון זיין שוואָגערס משפּחה, וועגן וועלכער ער האָט גאָרנישט געוווּסט און אויך זייער אַדרעס. אַזוי אַרום בין איך שוין דאָס וויפלסטע מאָל בעת די עטלעכע חדשים געווען אַ שליח־מצוה. אָבער נישט נאָר איך. כמעט יעדער מענטש איז געווען אַן אַדרעסן־ביוראָ.

מיר זיינען מיט נילען און ארקאַדין צוגעפאָרן צום צווייטן וואָקזאַל. אַוועקגעשטעלט דאָרט די זאַכן און בעת איך בין געבליבן זיי היטן, זיינען זיי געגאַבגען אין מיניסטעריום דערליידיקן די נאָמינאַציע. עס פירט זיך, אַז יעדער בייצוגעקומענער אַרבעטער דאַרף זיך פאַררעגיסטרירן אין קאַדרען־אָפּטייל. אויסערדעם האָבן נילאָ און ארקאַדי געדאַרפט האָבן אַ גענויערע אינפאָרמאַציע וועגן אָרט, וווהין זיי דאַרפן פאָרן.

דעם 25־טן אָקטאָבער זיינען זיי אָפּגעפאָרן קיין טאַלדי־קורגאַן אויף אַ צוקער־זאַוואָד. מיטן באַוווּסטזיין פון אַ דערפילטן חוב לגבי אַלעקסאַנדרא סעמיאָנאָוונא האָב איך זיך געזעגנט מיט נילען און לאַנגע־לאַנגע חדשים באַכדעם האָבן מיר זיך דורכגעשריבן. איצט בין איך געשטאַנען אויפן אַלמאַ־אַטאַ־וואָקזאַל איינער אַליין מיטן ביסל אָרעמקייט, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָן אַ נאָענטן מענטשן און אָן אַ לעבנסדערפאַרונג אין די נייע באַדינגונגען.

## 21. „דער פּאַטער פֿון עפּל“.

די אינטימסטע, ריינסטע און אויף אַ סאַמע זאָרגעוודיקסטן אופן פּאַרוואַל־טעטע שטאָט, וואָס כ׳האָב ביז דעמלט געזען אין אלמא־אטא. שוין אין נאָמען, וואָס הייסט אין איבערזעצונג „דער פּאָטער פון עפל“, איז פאַראַן אַ געוויסע פאַרבינדונג מיט דער נאַטור, מיט איר עשירות און גוטסקייט. (די שטאָט האָט אַמאָל געהייסן — ווערני).

אויפן פאָן פון די הויכע, מיט שניי באַדעקטע בערג, האָט די שטאָט אויס־געזען ווי אַ מיניאטור. סקווערן, אַלייען, בולוואַרן ציען זיך דורך דער גאַנ־צער שטאָט און די בענק, אונטער די ביימער, שאַפן א געמיטלעכקייט. אין אַ גרויסער מאָס האָט מיר אלמא־אטא דערמאָנט אין די קראָקעווער פּלאַנטן.

אין א זונטיקדיקן טאָג אַמאָל זיינען דאָ באַשטימט געזעסן עלטערן מיט זייערע קינדער, אַ סך יוגנט, פענסיאָנערן. היינט האָט זיך געביטן די פיזיאָנאָמיע פון דעם אלייען־פּובליקום: יונגע מענטשן זעט מען כמעט נישט, זייער אָרט האָבן פאַרנומען וואנדערער, פאַר וועלכע די דאַזיקע, דורך קאזאכן פאַרערטע, באַ־זונגענע און אויסגעחלומטע שטאָט, איז נאָר אַן עטאַפּ אויף זייער וועג.

כ׳בין געגאַנגען אין בילדונגס־מיניסטעריום און אין צענטראַל־קאָמיטעט פון פראָפּפאַראיין, אָבער אויסער אַ פאַראיין־שטיצע פון 150 רובל האָב איך זיך צו גאָרנישט נישט דערשלאָגן. עס ווייזט אויס, אז די צאָל לערער איז אין אלמא־אטא שוין געווען אַ שפעדיקע און פאַר די געגנטן זאָרגט מען אויף די ערטער גופא.

איך האָב אַ ביסל באַדויערט, וואָס כ׳בין נישט געפאָרן קיין טאלדי־קורגאַן אויף וועלכער נישט איז ארבעט. מענטשן צו ארבעט האָבן אומעטום געפעלט. כ׳בין נאָך אָבער געווען נישט גענוג באַהאַוונט אין די אומשטענדן פון דער נייער צייט. אגב האָב איך זיך נישט פאָרגעשטעלט, אז כ׳האָב א רעכט אַליין צו גיין וווהין איך וויל. לויט מיין אויפפאַסונג האָט אַ לערער געדאַרפט גיין צו לערעריי, ס׳זאָל אים אפילו זיין מאטעריעל ערגער ווי ביי אַן אַנדערער ארבעט. און אזוי האָב איך טאָקע געהאנדלט, הגם צוזאמען מיט באַקאַנטע ווי ניילאָ, אר־קאדי, סוווארָאווא, וואָס האָבן געאַרבעט אויף איין זאַוואָד און האָבן מיך געקענט פון פריער, וואָלט איך פאַרשפאָרט די חבלי־לידה פון אַריינפּאַסן זיך אין א א נייער סביבה.

די שטאָט איז מיר געפעלן און ביי מיין דעמלטיקן מצב אפילו, האָב איך פאַרמאָגט גענוג אַביעקטיוויזם אָפּצושאַצן די שיינקייט און אָרגאַניזאציע פון דער שטאָט.

ס׳געדענקט זיך איין פּרט, וואָס האָט אויף מיר דעמלט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק.

אין אלמא־אטא זיינען געווען זעקס טראַמוויי־ליניעס. אויף אייניקע קנופּן־סטאַציעס דורך וועלכע ס׳גייען דורך מער ווי איין ליניע זיינען געווען קאָלירטע סיגנאַלן. יעדע ליניע האָט איר פאַרב. ביי דער סטאַציע גופא איז פאַראַן אַ טאַוול, וואָס קלערט אויף וועלכער קאָליר עס באַצייכנט יעדע ליניע. קאָנסטור זיך רואיק זיצן אויף דער באַנק און, בייטאָג צי ביינאַכט, וויסן ווען דיין טראַמוויי קומט אָן. טאַקע נאָר אַ בלינדער קאָן זיך ביי אַזאַ אָרדענונג נישט אָריענטירן. די אינוועסטיציעס פון אַזעלכע סיגנאַליזיר־אַפּאַראַטן זיינען אַוודאי גרויסע, אָבער אויף צו פאַרלייכטערן די איינוווינער דאָס לעבן איז קיין טייערס נישט פאַראַן.

פערזענלעך האָב איך דאָ איבערגעלעבט עטלעכע שווערע טעג.

צומאָרגנס, נאָך ביילעס אָפּפאָר בין איך זיך געגאַנגען מאַכן אַ באָד. דאָ איז צו מיר צוגעקומען איינער און מיך געבעטן מיטגיין מיט אים אין מיליץ. כ׳האָב נישט געוווסט פאַר וואָס און פאַר ווען. כ׳האָב אויף זיך קיין שום עבירה נישט געפילט, אָבער אַז מען רופט — גייט מען.

כ׳קום אַריין. ס׳נעמט מיך אויף דער דיזשורני, פרעגט פערזאָנאַליען און איז מיר גלייך מודיע, אז אין משך פון פיר־און־צוואַנציק שעה מוז איך פאַרלאָזן די הויפּט־שטאָט. ס׳איז מיר בשעת מעשה דער ענין נישט געווען קלאָר, אָבער שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אז ס׳זיינען געווען אָנווייזונגען, וואָס שיטע־רעוו דאָ צו באזעצן די עוואַקואירטע, כדי נישט אַרויסצורופן קיין וווינונגס־ענגשאַפט און אַפּראָוויזאַציע־שוועריקייטן.

דעמזעלבן טאָג אָבער בין איך קראַנק געוואָרן. געהאַט קאָפּ־ווייטיק, פיבער און פשוט נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס. וווּ צו גיין האָב איך נישט געהאַט. וועגן געפינען אַ פּלאַץ אין אַ האָטעל האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. אַז עס עקסיסטירן אין אַלע שטעט אַזוי־גערופענע פויערים־הייזער („דאָם קרעסטיא־נינאַ״) האָב איך נאָך נישט געהאַט געוווסט.

כ׳בין געווען פאַרצווייפלט, אָבער דאָך נישט פאַרלאָרן די שליטה איבער זיך. כ׳בין צוגעגאַנגען צו אַ צופעליק־באַגעגנטער פרוי, דערציילט איר, אז כ׳בין קראַנק געוואָרן און האָב נישט וווּ צו נעכטיקן און געבעטן, זי זאָל מיך אַריינלאָזן צו זיך אין שטוב איבערנעכטיקן.

די פרוי האָט וואַרשיינלעך דערקענט אין מיר, אַז מיינע ווערטער זיינען ריכטיקע און נישט איבערפרעגנדיק קיין וואָרט, האָט זי מיך מיטגענומען אין איר וווינונג, געגעבן ריינע בעטוועש, דערלאַנגט אַ גלאָז טיי און געוווּנטשן אַ גוטן שלאָף.

ווינטשן איז געווען איבעריק. כ׳בין באַלד איינגעשלאָפן און אויפכאַפּנדיק זיך האָב איך געהערט ווי זי רעדט שטילערהייט מיט איר טאָכטער, וואָס איז דערווייל געקומען פון דער אַרבעט און זיך וואַרשיינלעך געוווּנדערט צו טרעפן אַן אומגעבעטענעם גאַסט.

ערשט אין בעט האָב איך דערפילט ווי אויסגעמאַטערט און קראַנק איך בין. אַ בעט איז פאַר מיר געוואָרן אַן אידעאַל און כ'האָב גענומען טראַכטן וועגן אַ ווינקל, וואָס זאָל זיין מיינס.

לענגער ווי אַ נאַכט בלייבן אין דער שטוב וואָלט געהייסן מיסברויכן מיט דער גאַסטפריינדשאַפט, פאַר וועלכער כ'בין געווען אויסערסט דאַנקבאַר דער פרוי, וועמענס נאָמען איך קען נישט און וועלכע האָט אויך מיך נישט געפרעגט ווער איך בין. זי איז געווען אַן איינפאַכע רוסישע פרוי.

כ'פאַרלאָז די קליינע, אָבער וואַרעמע דירה און טראַכט צו גיין אין פאַר־איין בעטן, זיי זאָלן זיך מיט מיר פאַרנעמען, בעת מיין קראַנקייט.

איך גיי און מיט אַ מאָל קומען מיר אַנטקעגן יוזעק צאַלמאַן — אַ חבר נאָך פון דער קראָקעווער, סטודענטישער תקופה, וועלכער איז אין די יאָרן 1939 — 1941 געווען אין ראָוונע באַקאַנט אונטערן נאָמען שטערן — און יאַנקאַ קאַץ, אַ טאָכטער פון מיינע נאָענטע פריינד, צו וועלכע כ'פלעג זייער אָפט אַריינ־קומען. פאַר דער גאַנצער צייט איז דאָס געווען די ערשטע באַגעגעניש מיט מענטשן, וואָס זיינען געווען ביי אונדז אין שטוב און מיט וועלכע מיר האָבן געהאַט בשותפותדיקע פריינד און אַ בשותפותדיקע שפּראַך.

די טרעפונג האָט מיך זייער דערפרייט און, נישט קוקנדיק אויף מיין פיי־בער, געשטאַרקט מיין מאָראַל. זיי האָבן שוין געהאַט וווינרעכט אין אלמא־אטא און דורך זיי האָב איך געמאַכט נאָך באַקאַנטשאַפט.

שלעכט איז בלויז געווען מיטן שלאָפן. ביי קיינעם פון די באַקאַנטע איז נישט געווען ווו צו נעכטיקן. וואָסזשע האָב איך געקאָנט טון? בין איך ביי־טאָג געשלאָפן און אין אָוונט אַרויס אין שטאָט.

דעם 27־טן אָקטאָבער בין איך אין אָוונט אַריינגעגאַנגען אין דער גיכער־הילף און זיך געמאָלדן ווי אַ קראַנקער.

די שוועסטער האָט אָפּגעמאָסטן די טעמפּעראַטור און פעסטגעשטעלט 39,2 גראַד היץ. אָבער די גיכע הילף איז נישט קיין אָרט, ווו מען ליגט. די שוועס־טער און שפּעטער דער דאָקטאָר האָבן פאַרלאַנגט, כ'זאָל גיין אַהיים.

כ'האָב זיי דערקלערט, אַז קיין היים האָב איך נישט און אַז מיט אַזאַ היץ, קאָן איך אין גאַס נישט בלייבן. אויב זיי ווילן, זאָלן זיי מיך איבערפירן אין אַ שפּיטאָל.

דער דאָקטאָר האָט מיר דערקלערט, אַז זיי האָבן נישט די קאָמפּעטענץ דאָס צו טון, ווייל זיי פאַרנעמען זיך בלויז מיט אומגליק־פאַלן און נישט מיט סתם קראַנקייטן. איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין כוח צו פאַרלאָזן דעם לאָקאַל.

דער דאָקטאָר איז אַוועקגעגאַנגען, די שוועסטער איז געבליבן. זי האָט געבראַכט אַ דעקע און געוווּנטשן מיר (און זיך אויך), אַז די נאַכט זאָל דורכגיין אָן פאַרפאַלן, כדי מען זאָל מיך נישט מוזן אַראָפּבעטן פון געלעגער און כדי זי זאָל אויך רואיק דורכשלאָפן.

אין דער פרי האָב איך ווידער „גענעכטיקט" ביי צאַלמאַנס באַקאַנטע און ווי עס איז געקומען צו זיך. אַ גוטע ווירקונג אויף מיין זעלבסטגעפיל האָבן געהאַט די אלמא־אַטער עפל. יעדער עפל אפשר פון אַ פונט, ווייך, זאַפטיק און

מחייה נפשותדיק. אַזעלכע האָב איך אין ערגעץ נישט געזען. די דאָרטיקע ערד מוז האָבן געוויסע ספּעציעלע אייגנשאַפטן און אפשר טאַקע האָבן די „קאַזאַכי־שע סאַדאָווניקעס" מער דערפאַרונג און ליבשאַפט צו זייערע עפּלביימער ווי אַנדערע. אַ פאַקט, אַז מיט איינעם־צוויי עפּל בין איך געווען זאַט און געפילט אַ צופלוס פון כוחות.

מיט צאַלמאַנען און יאַנקאַ האָב איך זיך געלאָזט גיין אין רעסטאָראַן פון סאָוויעטן־הויז. מיר זיינען געזעסן דאָרט אַ פּאָר שעה. כ'האָב זיך פון יאַנקאַ דערוווּסט, אַז איר שוועסטער כאַווניע (מיינע אַ געוועזענע שילערין) מיט איר מאַן יוסף שענקער וווינען נעבן דזשאַמבול. יוסף איז דאָרט אַ לערער. זייער מוטער, מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ איז ערב־מלחמה געפאָרן אויף אַ באַזוך צו אירע קרובים אין לענינגראַד און זייער לאַנג האָבן זיי נישט געוווּסט, וואָס מיט איר איז געשען. ערשט נישט לאַנג אָבער האָבן זיי זיך צונויפגעשריבן און די מוטער האַלט ביים קומען קיין קאַזאַכסטאַן. דער פאָטער, נחום קאַץ איז פאַרבליבן איינער אליין אין ראָוונע, נישט וויסנדיק, וואָס ער האָט צו טון און פאַראייִנזאַמט אומגעקומען פון די פאַשיסטישע הענט.

כ'האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין דזשאַמבול, זיין מיט אייגענע מענטשן. צאַלמאַן איז מיר געגאַנגען באַזאָרגן אַ בילעט און איך בין צוגעפאָרן צו דער סטאַנציע אַלמאַ־אַטאַ 2 אַרויסנעמען דעם באַגאַזש און אים געבראַכט צו דער סטאַנציע אַלמאַ־אַטאַ 1, פון וואַנען כ'האָב געזאָלט אָפּפאָרן קיין דזשאַמבול.

אויפן וואָקזאַל בין איך נישט געווען דער איינציקער. קוים מיט צרות האָב איך זיך איינגעאָרדנט ערגעץ אין אַ ווינקל און איבערגעשלאָפן דאָרט די נאַכט.

גאַנץ פרי האָב איך גאַך באַוויזן אַרויסצוגיין אויפן באַזאַר, וואָס איז געווען נישט ווייט פון וואָקזאַל, איינצוקויפן אַ ביסל עפּל און נאָך אַ פּאָר שעה וואַרטן האָב איך זיך געלאָזט צוריק אין דער ריכטונג, פון וועלכער כ'בין מיט פינף טעג צוריק אָנגעקומען.

## 22. אין דזשאַמבול.

דער צוג נומער 45 האָט מיך געבראַכט אין אַ דאַנערשטיק אינדערפֿרי צו אַ שטאָט, אַ באַרימטער אויף דער וועלט, א דאַנק אַ פּאָסטעכל, וואָס איז אויסגעוואַקסן צו א פֿאָלקס־זינגער און אויף א דאָמבראַ אויסגעשפּילט די ליידן און האָפֿענונגען פֿון קאַזאַכישן פֿאָלק.

נישט ווייט פֿון באַרג דזשאַמבול איז געבוירן געוואָרן ביי א וואַנדערנדיקן פּאַסטעך אַ קינד, וועמען ער האָט לכּבֿוד דעם באַרג אַ נאָמען געגעבן דזשאַמבול. צו די פֿינף־און־פֿופֿציק יאָר האָט דער אַקין (פֿאָלקס־זינגער) שוין פֿאַרביטן זיין דאָמבראַ אויף אַ שטעקן און די ברייטע סטעפּעס אויף אַן ענג בעט. יאָרן האָט ער געשוויגן. ער האָט פֿאַרלאָרן די כּוחות און דער צער פֿון זיין פֿאָלק האָט אים אָפּגענומען דעם מוט. ערשט נאָכן אויסברוך פֿון דער רעוואָלוציע האָט דער איין־און־זיבעציק־יעריקער דזשאַמבול ווידער דערפֿילט אין זיך די קראַפֿט צו זינגען און צו אימפּראָוויזירן זיינע פּאַטריאָטישע לידער, וואָס פֿלעגן בליץ־שנעל איבערגענומען ווערן דורך דעם פֿאָלק און דורך אים איבערגעזונגען ווערן.

דזשאַמבול איז געשטאָרבן עטלעכע חדשים איידער ער איז אַלט געוואָרן הונדערט יאָר. זיין הויב דעם געבורט־אָרט האָט ער צוריקגעגעבן מיט אַן צודף: גענומען האָט ער זיין נאָמען פֿון אַ באַרג און צוריקגעגעבן האָט ער אים אַ שטאָט מיט אַ געגנט אַ גאַנצער, צו וועלכער איך בין געקומען קודם־כּל, כּדי צו זען זיך מיט כאַווריען און זיך אָפּרוען פֿון דער שטענדיקער וואָגלעניש. מיין פֿיזישער מצבֿ אין אַלמאַ־אַטאַ איז שוין געווען אַ קלאָרגעדיקער און ס'איז געקומען די העכסטע צייט צו באַנייען די כּוחות.

אזוי האָט עס פּאַסירט, אַז גלייך פֿון וואָקזאַל האָב איך זיך געלאָזט גיין קיין מיכאַלאָווקאַ, אַ פּאָר קילאָמעטער פֿון דזשאַמבול, איבערלאָזנדיק דאָס באַקוקן די שטאָט אויף אַן אַנדערש מאָל.

דאָס ערשטע אָרט אין אַזעלכע צוזאַמענטרעפֿן איז געווען — ווי געוויינטלעך אין יענער צייט — דער אינפֿאָרמאַציע־אויסטויש. כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז מיין משפּחה איז באַשטימט אין האָשטש און אַז אַנדערע פֿריינד אונדזערע, ווי מאַניע, גרשון, ראָס אאַ"וו זיינען געווען אין סטאַלינגראַד. וואָס ווייטער ס'איז מיט זיי געשען האָט כאַווריע נישט געוווּסט.

אַן אומבאַשרייבלעכע איבעררעשונג איז פֿאַר מיר געווען דער בילדעראַלבאָם, וואָס כ'האָב דאָ געזען. צווישן די בילדער — עטלעכע פֿון מיין משפּחה.

מיר פלעגן כאַווניען געבן אונדזערע פּאַטאַס ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן און זי האָט זיי מיטגענומען. כ׳וואָלט זיך עס אין מיינע פאַנטאַסטישע חלומות נישט פאָרגעשטעלט, אַז אָט די קליינע אַמאַטאָרישע אויפנאַמעס וועלן אַמאָל זיין פאַר מיר די הייליקסטע בילדער און אַז אָפּגעפינען זיי וועל איך גראָד אין דזשאַמבול.

כ׳בין דאָ גוט געשלאָפן. כאַוויניע האָט מיר איבערגעוואַשן דאָס ביסל וועש און זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען צו פאַרלייכטערן מיין מצב.

זיי אַליין: כאַוויניען מיטן מאַן איז דעמלט אויך געווען שווער. לאָטקעס האָט זי איינמאָל געמאַכט אויף פּישאייל. כ׳קאָן נישט זאָגן, אַז ס׳איז געווען זייער געשמאַק, אָבער כ׳האָב קיין איינע נישט איבערגעלאָזט אויפן טעלער.

זיי זיינען געווען אין אָנהייב פון זייער סטאַביליזירן זיך.

כ׳האָב געטראַכט, אַז כ׳וועל אפשר קאָנען פאַרבלייבן אין דזשאַמבול. אַ פּאַסטן אין די נידעריקערע קלאַסן אין מיכיילאָווקע האָט מען מיר דווקא יאָ פאָרגעלייגט, אָבער כ׳האָב געוווּסט, אַז צו דעם טויג איך נישט. אַז ס׳וועט מיר שווער אָנקומען און די רעזולטאַטן וועלן זיין ערגערע ווי אין העכערע קלאַסן, אין די מיטלשולן אָבער פון דזשאַמבול זיינען שוין אַלע פּלעצער געווען פאַרנומען.

וואָס צו זוכן דאָ האָב איך מער נישט געהאַט און עס איז ביי מיר געווען אַ באַשלאָסענע זאַך, אויף צומאָרגנס צו פאָרן ווייטער קיין טאַשקענט.

זיערווייל האָב איך אַרומשפּאַצירט איבער דזשאַמבול. דער אויסזען אירער מאַכט אַן איינדרוק פון אַ גרויס דאָרף. כ׳בין געווען צו קורץ, כדי צו קאָנען אָפּשאַצן, צי איז אין דעם אופן פון בויען פאַראַן אַ ספּעציפישער חן, געשמאַק און אפשר א קלימאַטישע נויטווענדיקייט. אָן דער קענטעניש פון דער שפּראַך און אָן צו באַזוכן אָרטיקע איינוווינער איז מיר אפילו שווער געווען צו אָריענטירן זיך ווו איך געפין זיך: אין צענטער שטאָט, צי אויף דער פּעריפעריע.

ס׳האָט גערעגנט, איך בין געווען דורכגעווייקט, אין די פיס איז געווען נאַס און אויף דער נאָז איז שוין געשטאַנען דער ווינטער. ס׳האָט זיך דערנעענטערט דער טאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. ס׳איז פאַר מיר געווען קלאָר, אַז אויב כ׳וועל אין משך פון צוויי־דריי טעג זיך נישט סטאַביליזירן אויף אַן אָרט, קאָן איך אַמאָל אריינקריכן אין ווינטער אַריין אָן אַ מקום־מנוחה. כ׳האָב געוווּסט, אַז היינט שבת, דעם ערשטן נאָוועמבער, דאַרף איך זיך שוין נעמען איילן. די אַמטן פון בילדונגס־מיניסטעריום אין טאַשקענט וועלן פון דעם פינפטן ביזן אַכטן זיין פאַרנומען מיט די פייערונגען. דער ביינטער איז ווידער זונטיק און אַלץ קאָן זיך אָפּשלעפּן.

און נאָך פאַר וואָס כ׳האָב מורא געהאַט. די לימודים האָבן זיך אָנגעהויבן אין סעפּטעמבער ד. ה. מיט צוויי חדשים צוריק. אויב ס׳האָט אפילו געפעלט אַ לערער, האָט מען זיך שוין ביז איצט געקאָנט פאַרטיילן מיט די שעהן און אויספילן דעם בלויז. מיט איין וואָרט — אַלץ האָט גערעדט דערפאַר, אַז כ׳זאָל וואָס גיכער פאָרן קיין טאַשקענט. וווהין ס׳האָבן זיך געצויגן אומאויפהערלעכע מאַסן פּליטים.

אַ זייגער עלף ביינאַכט בין איך אָפּגעפאָרן פון דזשאַמבול אין דער ריכ־טונג צו אַריס און טאַשקענט. ווידער פאַרבייגעפאָרן טשימקענט. אויף אַ ווײַלע איז מיר געקומען אויפן געדאַנק דער קאַפּיטאַן. ס'איז געווען אַ רגע, ווען כ'האָב געוואָלט דאָ אַראָפּגיין, ווענדן זיך צום קאַפּיטאַן, וועמענס אַדרעס כ'האָב געהאַט, און אים בעטן, ער זאָל מיר געפינען אַרבעט. אָבער מײַן פּרינציפּ פון ווען אַרבעטן אין פאַך האָט גובר געווען און כ'בין געפאָרן ווייטער.

און נאָך אַ סיבה, אַ צופעליקע, אָבער אַ וואָגיקע, האָט מיך באַוויגן ווײַ־טער צו פאָרן. אין קופּע איז מיט מיר צוזאַמען געפאָרן אַ געוויסע פרוי עליאַ־שעוויטש. זי איז געווען אַ שטענדיקע איינוווינערין פון טאַשקענט און איצט האָט זי זיך אומגעקערט פון אַ באַזוך ביי אירע קרובים. זי האָט מיר דער־ציילט, אַז איר מאַן איז אַ בוכהאַלטער אין אַ פאַבריק שוין אַ סך יאָרן. ס'האָט זי פאַראינטערעסירט מײַן גורל. בעת דער רייזע קומט אויס צו ריידן איבער אַ סך, טיילמאָל גאָר אינטימע זאַכן און מענטשן דערקענען זיך אָפּט בעסער, ווי לעבנדיק בשכנות יאָרנלאַנג. די פרוי האָט מיר אַרויסגעוויזן אַ סך אויפ־מערקזאַמקייט און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אין אַ גרעסערער שטאָט וועל איך זיך גיכער קאָנען געפינען אַ פּאַסיקע אַרבעט. אויסערדעם האָט מיך דאָך אינטערעסירט צו זיין צוזאַמען מיט אַלטע באַקאַנטע און ווו, אויב נישט אין טאַשקענט, איז מעגלעך געווען זיי צו טרעפן.

צום סוף פון דער רייזע האָט מיר פרוי עליאַשעוויטש פאַרגעלייגט, כ'זאָל פאַרפאָרן צו איר, איבערלאָזן די זאַכן און, האָבנדיק אַראָפּגוואָרפן דעם עול פון זוכן דעם ערשטן נאַכטלעגער, פאַרנעמען זיך מיט מײַנע ענינים.

ס'איז מיר באמת שווער צו זאָגן, פאַרוואָס איך האָב אויף אַלע וועגן פון מײַן וואַנדערונג אָנגעטראָפן אויף מענטשן מיט האַרץ און אַ גרייטקייט צו העלפן. דאָס איז דאָך נישט געווען דער ערשטער פאַל ביי מיר און אויך נישט דער לעצטער. אומעטום, אין וועלכע באַדינגונגען איך זאָל נישט געווען זיין, האָט זיך שטענדיק געפונען עמעצער, וואָס האָט אָן אַן אויסרעכענונג, פּשוט־מענטשלעך, יעדער אויף זיין שטייגער און לויט זײַנע מעגלעכקייטן, מיר געהאָלפן אין מײַנע באַמיאונגען.

נישט זעלטן פלעגט מיר קומען אויפן געדאַנק, אַז פונקט ווי אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע איז געווען די נעמעזיס, וואָס פלעגט נעמען נקמה פאַר אַלטע עבירות, אזוי צאָלט מיר איצט דער גורל אָפּ פאַר געוויסע מעשים טובים, וואָס כ'האָב געטון פאַר אַנדערע מענטשן. ווייל די מענטשן, וועלכע האָבן מיר איצט גוטס געטון האָבן דאָך נישט געוווסט, צי און ווי אַזוי איך וועל זיי אָפּדאַנקען. זיי האָבן אויך געקאָנט האָבן אַ יסוד צו מיינען, אַז מען וועט זיי אָפּטון שלעכטס. צי האָבן זיך געפעלט בכלל, און אין יענער צייט בפרט, מענטשן וואָס זײַנען גרייט געווען צו טון דאָס עקלדיקסטע, אַבי זיך אַליין צו ברענגען נוצן?

וועלכע סיבה ס'זאָל נישט זיין, אַ פאַקט איז, אַז די פרוי עליאַשעוויטש האָט מיך גלייך פון וואָקזאַל גענומען צו זיך, מכניס־אורחים געווען און אַזויווי מיר זײַנען אָנגעקומען שוין פאַר־נאַכט פאַרגעלייגט צו בלייבן נעכטיקן.

איר דירה איז געווען אין אַ פּאָרשטאָט: איין צימער מיט אַ קיך. איך האָב נישט געוואָלט בלייבן שלאָפן אין צימער, כדי נישט צו צעשטערן דעם נאָרמאַלן לעבנס־שטייגער פון דער דאָזיקער משפּחה. אַזויווי די וועטערן אין טאַשקענט זיינען נאָך געשטאַנען וואַרעמע, האָב איך זיך געלייגט שלאָפן אין אַ „סאַרייטשיק", וואָס איז געשטאַנען אין הויף פון זייער הויז און אַזוי דורכגעשלאָפן די ערשטע נאַכט אין טאַשקענט.

# 23. טאַשקענט טומלט זיך.

ווען מען שרייבט וועגן אַ שטאָדט און מען וויל איבערגעבן איינדרוקן מוז מען שטענדיק האָבן אין זין און וואָס פאַר אַ מצב ס׳איז דער שרייבער בעתן באַזוך און אויך אין וואָס פאַר אַ ספּעציפישע אומשטענדן עס געפינט זיך די באַשריבענע שטאָדט. מיט אַנדערע אויגן קוקט אַ טוריסט, מיט אַנדערע — אַ צופעליקער גאַסט און מיט גאָר אַנדערע — אַ פּליט, אַ ביעזשעניעץ.

אין טאַשקענט, האָב איך געוווסט, איז פאַראַן אַ גרויסע אינדוסטריע. ס׳איז מיר אָבער אין קאָפּ נישט געקומען דער געדאַנק וועגן באַזוכן אַ זאַוואָד.

אין טאַשקענט איז דאָ אַן אוניווערסיטעט מיט קאַטעדרעס, לאַבאָראַטאָריעס, ארכיוון, מוזייען און אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס, פאַר וועלכע איך האָב אַן אינטערעס און וואָס אין נאָרמאַלע צייטן וואָלט איך זיך מיט זיי געוויס פאַר־אינטערעסירט. אין יענע טעג איז מיך אָבער מער אָנגעגאַנגען די פראַגע פון קריגן אַרבעט און האָבן אַן אָרט, ווו אויסצושטרעקן די ביינער.

אין טאַשקענט האָב איך געזען אַ הערלעכן פּיאָניערן־פּאַלאַץ און אַ פרעכטיקן טעאַטער־בנין. מיינע פיס זיינען אָבער נישט איבערגעטראָטן די שוועלן פון די דאָזיקע הייזער. מיין איינציקער לוקסוס, וואָס כ׳האָב זיך אין טאַשקענט דערלויבט אויף אים, איז געווען דאָס נישטערן אין די ווענעלעך אָדער קיאָסקן פון בוכהענדלער און דאָס קויפן אַ פאָר ביכער. כ׳האָב מיך ערשט דאָ אַרומגעזען, אַז כ׳האָב שוין לאַנג קיין בוך נישט געהאַלטן אין האַנט, אַ זאַך וואָס האָט זיך מיר אויפן שכל נישט געקאָנט לייגן. ס׳האָט נאָך, דוכט מיר, אין מיין באַוווסטזיניק לעבן נישט פּאַסירט איך זאָל אין משך פון טאָג נישט נעמען קיין בוך אין האַנט. אין אַ צימער אָן ביכער קאָן איך נישט וווינען, אַזוי ווי אַ פרומער ייִד אין אַ דירה אָן אַ מזוזה. און דאָ איז שוין פאַרביי אַזויפיל צייט...

דער עצם פאַקט פון זען אַ ביכער־פאַרקויף האָט מיך באַרואיקט. אַ סימן, אַז מענטשן לייענען, אַז זיי האָבן ווען צו לייענען. פאַר מיר איז דער ווילן צו קויפן אַ בוך, נאָך איידער כ׳האָב געהאַט מיין ווינקל, געווען סימפּטאָמאַטיש: ס׳האָט באַדייט, אַז כ׳מוז צוריקגעווינען מיין גלייכגעוויכט.

מיין ענערגיע איז פאַרדאָפּלט געוואָרן, מיין דעצידיר־כוח — פאַרשטאַרקט.

דעם ערשטן פּאָסטן, וואָס דער קאַדרען־פאַרוואַלטער פון געגנטלעכן בילדונגס־אָפּטייל האָט מיר פאָרגעשלאָגן, האָב איך אָנגענומען. ס׳איז אָבער נישט געווען לייכט פאָרמעל צו דערליידיקן דעם ענין.

אַן עוואַקואירטער, אַ פּליט, האָט זיך געמוזט פאַררעגיסטרירן אין עוואַקואַ־פּונקט און פון דאָרט ברענגען אַ בעשטעטיקונג אויף צו באַקומען אַרבעט. ווי

איך פאַרשטיי איז באַלד אין אָנהייב פון דער מלחמה געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע פאַר עוואַקואַציע־ענינים. די אויפגאַבע אירע איז באַשטאַנען אין העלפן די עוואַקואירטע זיך איינצואָרדענען און דער עיקר צו האָבן אַן עווי־דענץ־ביוראָ פון אַלע די, וואָס געפינען זיך נישט אין זייערע שטענדיקע וווינ־ערטער. אַזאַ עווידענץ־ביוראָ איז געווען פון אומגעהייערער וויכטיקייט. איך דערמאָן זיך, אַז דער אַנאַנס, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין אַלע צייטונגען, אַז אין באַגאַרוסלאַן קאָן מען באַקומען אינפאָרמאַציעס וועגן פערזאָנען, וואָס האָבן פאַרלאָזט זייערע היימען, האָט אַריינגעבראַכט האָפענונג אין הערצער פון מיליאָנען מענטשן. יעדער האָט געטראַכט וועגן אַ שאַנס צו דערוויסן זיך, אַז דער אָדער יענער פון זיין משפחה געפינט זיך אויף ד ע ר זייט פראָנט־ליניע. טויזנטער רויטאַרמייער האָבן זיך פאַרבונדן מיט זייערע אייגענע, ווע־מען עס האָט זיך איינגעגעבן צו עוואַקואירן פון די אָקופירטע געביטן, אַדאַנק דער ביוראָ אין באַגאַרוסלאַן.

כדי אָבער די אינפאָרמאַציעס פון באַגאַרוסלאַן זאָלן זיין ריכטיקע האָט געמוזט איינגעשטעלט ווערן אַ געוויסע אָרדענונג אין דער עווידענץ. די עוואַ־קאַפונקטן אויף די ערטער זיינען געווען אין אַ געוויסער מאָס ביוראָס פאַר אַרבעט־פאַרמיטלונג. מענטשן זיינען געזעסן און געוואַרט. מען האָט איבער־געקליבן. איינער האָט געוואָלט גיין אין אַ קאָלכאָז, אַ צווייטער דווקא אין אַ פאַבריק. אַלע האָבן אָבער געוואָלט צוריקפאָרן און ס'איז נישט געווען דער ווילן צו באַזעצן זיך אויף איין אָרט, זאָל זיין אפילו צייטווייליק.

געווען איז אויך אַ פסיכאָז פון בלייבן אין טאַשקענט. זאָל זיין אפילו אַ נאַכט־לעגער אויף אַ באַנק אין „סאַדיק" — אַ סקווער פאַרן וואָקזאַל, ווו מ'האָט געקאָנט שטענדיק טרעפן טויזנטער עוואַקואירטע. אָבי דאָ. מ'האָט זיך איינ־גערעדט, אַז דאָ, אין דער הויפטשטאָט פון דער אוזבעקישער רעפובליק ווייסט מען גיכער וועגן אַלץ און מ'קאָן נאָך חלילה פאַרשפּעטיקן די „פעמי המשיח", אויב מ'זאָל נישט זיין שטענדיק גרייט.

וואָס מען האָט געקאָנט אָנווערן האָט קיינער נישט געוווסט. אין קויבי־שעוו איז געווען אַמבאַסאַדאָר פון דער פוילישער לאָנדאָנער רעגירונג מיין אַמאָליקער פּראָפעסאָר סטאַניסלאַוו קאָט. אויף די קויבישעווער גאַסן האָב איך געהאַט געזען מיליטער־לייט אין פוילישע אוניפאָרמען. אין טאַשקענט האָט מען גערעדט צווישן זיך, אַז די באַוווסטע אין פוילן אַרטיסטין האַנקאַ אָרדאָ־נוונאַ געפינט זיך דאָ אין אַן אָפיציעלער שליחות און אָדער זי גיט הילף, אָדער זי פאַרשרייבט אויף עמיגראַציע צי עפעס פון דעם מין. כ'דערמאָן זיך שוין נישט גענוי.

אָט די עמיגראַנטישע עלעמענטן האָבן זיך נאָך אין יענע טעג נישט גע־קאָנט געפינען קיין אָרט און מעגלעך, אַז פאַרשיידענע פאַקטאָרן האָבן גע־האַט אַן אינטערעס אין דעם, אַז מען זאָל זיצן אויף וואַליזעס און דערווייל גאָרנישט טון.

מיט עמיגראַנטישע אויגן האָט מען געקוקט אויף דער שטאָדט, וואָס האָט אויך מיט פאַרוווּנדערונג געקוקט אויף די מאַסן, וואָס שטראָמען אַהער פון אַלע מערב־געביטן, דורכן קאַספּישן ים און דורך די וויסטע סטעפּעס, וואָס ריידן

שבעים לשונות און באַנעמען זיך מאָדנע, נישט אַזוי ווי אַלע ביזאַיצטיקע אי־בערגעזידלטע.

דאָס יקרות איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג. וואָס ס'איז נעכטן געווען בשפע איז היינט שווער געווען צו באַקומען. אויף די באַזאַרן רייסט מען די פראַדיקטן פון די הענט. מען שלאָגט אונטער די פרייזן. מען איז אַ בעלן אויף אַלץ, וואָס לאָזט זיך קייען.

די אָרטיקע איינוווינער האָבן שטאַרק געליטן פון דעם צופלוס פון מענטשען. די אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַ שטענדיקן לוין אָדער די פרויען, וואָס האָבן באַקומען די שטיצע פאַר זייערע מאָביליזירטע מענער, זיינען נישט געווען אין שטאַנד צו צאָלן די אַלע פרייזן, ווי אַ טייל עוואקואירטע.

באַלד, ווי כ'האָב באַקומען פון „אָבלאָנאָ" (בילדונג־אָפּטייל) די נאָמינאַציע, בין איך שנעל געפאָרן קיין וורעווסקאיא, ווו ס'האָט זיך געפונען דער טאַשקענטער עוואַקאָ־פונקט.

די באַשטעטיקונג האָב איך שנעל באַקומען און באַלד, נישט וואַרטנדיק אויף אַ פּאַסאַזשיר־צוג, האָב איך זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ לאַסט־צוג און אַ ביסל אויף די טרעפּלעך, אַ ביסל אויף דער פּלאַטפאָרמע און דאָס רעשט צופוס האָב איך נאָך באַוויזן צוריקצוקומען אין „אָבלאָנאָ" מיטן פּאַפּירל און באַקומען די ענדגילטיקע באַשטעטיקונג אויפן פּאָסטן פון דייטש־לערער אין דער סוקאָקער מיטלשול, ווי אויך די קאָמאַנדיראָווקע קיין פּאַרקענט מיט רייזע־הוצאות.

איך האָב לייכטער אָפּגעאָטעמט. אויב מיט אַרבעט בין איך שוין באַזאָרגט און סיי ווי פאַר די אָקטאָבער־פייערונגען וועל איך נישט אָנהויבן צו אַרבעטן, האָב איך איצט צוויי טעג פרייע אויף צו טרעפן זיך מיט מענטשן, זען באַקאַנטע, אָנכעמען זיך מיט איינדרוקן.

דער ערשטער אַדרעס מיינער איז געווען צו רפאל גערבערן. מיט אים, און דער עיקר מיט זיין פרוי, זיינען מיר געווען באַפריינדעט נאָך לאַנגע יאָרן פאַר דער מלחמה. ווען די ערשטע כוואַליע פליטים פון פוילן האָט זיך געגעבן אַ לאָז אויף ראָוונע זיינען אויך זיי געקומען. מיר האָבן זיך די גאַנצע צייט פאַר־האַלטן זייער פריינדלעך און פלעגן זיך קעגנזייטיק באַזוכן.

אויף קזיל־בורטשאַק, אין אַ הויף פון אַן אוזבעקישן הויז, האָבן זיך גע־פונען די „אַפּאַרטאַמענטן" פון די גערבערס. פאַרבראַכט אַן אָוונט פון פּראָגעס ענטפערס, זכרונות און... פּלענער. ראַפאַל האָט שוין געאַרבעט אין אַן אַרכיוו און געטראַכט וועגן אָנשרייבן עפּעס אויף אַן אָרטיקער טעמע.

מערי האָט געהאַט אַ שווערע אַרבעט. דאָס קינד איז אַלט געווען זיבן־אַכט חדשים און האָט שוין דורכגעמאַכט אַזאַ לאַנגן וועג אין עוואַקואַציע־באַדינגונ־גען. דאָס בייטיקסטע צו באַקומען איז שוין געווען שווער און דערצו נאָך איז נישט געווען וועמען צו לאָזן מיטן קינד.

מיר האָבן זיך דערווייל אויך געטיילט מיט ידיעות וועגן אַנדערע באַקאַנטע. כ'האָב זיך אין די צוויי טעג, וואָס כ'בין געווען אין טאַשקענט געטראָפן מיט דער משפחה כמיעלניצקי און געהערט פון זיי אַ נייעם אויסדרוק: טרוד־באַטאַליאָן ד. ה. אַרבעט־באַטאַליאָן. ס'זיינען שוין געווען פאַרשיידענע באַ־

קאַנטע מאָביליזירט צו אַרבעט ביי די וויכטיקסטע פּלעצער, דער עיקר וואָס האָבן אַ שייכות צו מלחמה.

אייגנטלעך איז קיין זאַך נישט געטון געוואָרן, וואָס זאָל נישט האָבן קיין דירעקטע אָדער אומדירעקטע שייכות צו דער מלחמה.

דער באַגריף באַטאַליאָן, ווי שפּעטער „טרוד־אַרמיאַ" (אַרבעט־אַרמיי) האָט סימבאָליש באַדייט די פאַרבינדונג צווישן פראָנט און הינטערלאַנד. יעדער אַרבעטער און אַנגעשטעלטער אין ווייטן אוזבעקיסטאַן צי קירגיזיע האָט גע־דאַרפט האָבן דאָס באַוווסטזיין, אַז ער איז אין דער אַרמיי, מאָביליזירט און אָוועקגעשטעלט פאַר אַזאַ אויפגאַבע, וואָס ער איז זי פּעאיק אַמשנעלסטן צו לייזן. פאַקטיש אָבער איז יעדער מאָביליזירטער געווען אַן אַרבעטער, געניאָסן פון אַלע אַרבעטער־רעכט, באַקומען לוין, פרייע טעג, אורלויב אאַ"וו. עס איז קיין אונטערשייד נישט געווען צווישן אַן אַרבעטער, וואָס איז שוין אויף אַ באַ־שטימטן זאַוואָד לאַנגע יאָרן און אײנעם וואָס איז געקומען ווי אַ מאָביליזירטער, אויסער די אונטערשיידן, וואָס זיינען פאַראויסגעזען אין לוין־טאַריף, ווי סטאַזש, בילדונג אאַ"וו.

איך האָב נאָך נישט געוווסט, אַז אין אַ האַלב יאָר אַרום וועל איך ווידער פאַרבייטן טאַשקענט, אָבער שוין ווי אַ מאָביליזירטער.

פאַר מיר איז אָבער איצט געשטאַנען אַ ווייטער וועג. דער ראַיאָן־צענ־טער, וווהין כ׳האָב געזאָלט פריער פאָרן, פאַרקענט, איז געווען אין אַ מרחק פון איבער פופציק קילאָמעטער און קיין באַן אַהין האָט נישט קורסירט. האָב איך געמוזט פריער געפינען אַן אויטאָ, וואָס זאָל מיך מיטנעמען אַהין.

דעם זעקסטן נאָוועמבער בין איך אָנגעקומען קיין פאַרקענט, ווו כ׳האָב זיך דערוווסט, אַז די מיטל־שול א. נ. פון קאַגאַנאָוויטש געפינט זיך אַ 15 ק"מ פון דאַנען אין סוקאָק.

היינט האָט שוין קיין זין נישט געהאַט צו גיין ווייטער.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אין אַ „טשיי־כאַנא" (אַ טיי־האַלע), וואָס האָט אויך אַ שלאָף־צימער און געטראַכט צו פייערן דאָ דעם 24־טן טאָג פון דער רעוואָלוציע.

דער טאָג איז געווען אַ שיינער. די באַפעלקערונג איז אַרויס אין גאַס יום־טובדיק געקליידט. אויף אַלע פּנימער איז אָבער געווען אַ טרויער. ס׳זיינען נישט געווען די אַלע, וואָס פלעגן צוגעבן לעבעדיקייט אַזעלכע פייערונגען: ס׳האָט געפעלט די יוגנט. זי איז געווען אויף די פראָנטן. דאָ האָבן נאָר אַרומגעטומלט שול־קינדער.

איינער אַליין האָב איך זיך דאָ אַרומגעדרייט, צווישן אומבאַקאַנטע מענ־טשן. אָבער אין גאַנצן פרעמד זיינען זיי מיר נישט געווען. איך האָב געהאַט דאָס באַוווסטזיין, אַז איך בין געקומען לערנען זייערע קינדער און דעריבער האָבן מיר אַ בשותפותדיקע שפּראַך.

## 24. דאָס דאָרף פֿון גרינעם וואַסער

דער קישלאַק (דאָרף), ווו איך בין אָנגעקומען צופֿוס, דעם 9־טן נאָוועמבער, געפֿינט זיך אין די בערג. אַ פּאָר שעה גאַנג פֿון דאָרף קומסטו אָן צו שפּיצן, וואָס זײַנען באַדעקט מיט שניי. וואַסער־קוואַלן זײַנען אַרומגערינגלט מיט גרינס און אין דער אָפּשפּיגלונג פֿון וואַסער זעסטו בלויז איין פֿאַרב, די גרינע. שלענגלען זיך וואַסער־אָדערלעך צווישן די פֿעלדזן און געוויקסן, דערלאַנגען זיך די אָרעמס און גיסן זיך צונויף אין איין טײַכל, וואָס וויקלט זיך אַרום קישלאַק און שענקט אים זײַן נאָמען : סר־קאַק — דאָס גרינע וואַסער.

דאָס דאָרף פֿאַרמאָגט אַ ראַט, וועמענס פֿאָרזיצער איז אַ פֿרוי פֿון אַ יאָר פֿינף־זעקס און צוואַנציק, אַן ענערגישע מיט אַ השפּעה אויף דער באַפֿעלקערונג. נישט זעלטן קאָנסטו זי זען רײַטנדיק אויף אַ פֿערד איבער די פֿעלדער, וואָס געהערן צו די צוויי סוקאָקער קאָלכאָזן : וואָראָשילאָוו און קאַלינין. אין יעדן ווינקעלע פֿון קישלאַק האָט זי אַרײַנגעשמעקט, נישט מעשה קאָנטראָל, נאָר גלאַט אַזוי, מיט אַ באַזוך, פֿאַרבײַגײענדיק אָדער געשעפֿטלעך און אויפֿן אָרט האָט זי באַלד געמאַכט באַמערקונגען, אויב ס׳איז עפּעס געווען נישט ווי ס׳דאַרף צו זײַן און געלויבט, אויב ס׳איז געווען וואָס צו לויבן.

וואָס פֿאַר אַ קאָנטראַסט צווישן דער „ראַאיס" (פֿאָרזיצער) און טייל פֿרויען פֿון טאַשקענטער געסלעך, וואָס טראָגן נאָך אַן אײַזערנע „פֿאַראַנדזשאַ" (שלייער) אויפֿן פּנים.

די צוויי קאָלכאָזן האָבן פּראָדוצירט תּבֿואות און ווײַנטרויבן. ס׳איז אָבער געווען אַן אונטערשייד צווישן זיי, וואָס כ׳האָב זיך נישט געקאָנט אויפֿקלערן : דער וואָראָשילאָוו־קאָלכאָז איז געווען פֿאַרמעגלעך, זײַנע מיטגלידער האָבן געלעבט ברייט, זיך פֿאַרגונען אַלץ און אויסגעזען באַלעבאַטיש. דער קאַלינין־קאָלכאָז דאַקעגן איז געווען אָרעם, פֿאַרשולדיקט און די פֿאַרדינסטן פֿאַר די טעג־אַרבעט זײַנען געווען קליינע. דערבײַ איז דער באָדן, ווי אויך די צאָל מיטגלידער געווען גלײַכע אין צאָל און קוואַליטעט.

ווען כ׳האָב זיך אינטערעסירט מיט דער פֿראַגע האָט מען מיר געגעבן אַן אויפֿקלערונג : די אַרבעט־אָרגאַניזאַציע איז אין „וואָראָשילאָוו" געווען אַ בעסערע. דאָרט האָבן די אָנפֿירער געהאַט אַן אויטאָריטעט און פֿאַרזאַמלונגען פֿלעגן זעלטן אָפּרײַסן מענטשן פֿון דער אַרבעט אָדער רו. אין „קאַלינין" אָבער איז קיין שלום־בית נישט געווען און מ׳האָט געהאַלטן אין איין אַרומרײַסן זיך צוליב „כּבֿוד".

עס האָט זיך געדוכט, אַז ס'וואָלט געווען נאַטירלעך ווען ביידע קאָלכאָזן פאַראייניקן זיך און מען נוצט אויס די דערפאַרונג פון „וואָראָשילאָוו". ווייזט אויס אָבער, אַז די צייט איז נאָך נישט געקומען. דער ווילן זיך צו פאַר־אייניקן האָט נישט געקאָנט ווערן אויפגעצוווּנגען. דאָס וואָלט אָפּגעשוואַכט דעם בעסערן קאָלכאָז אויך און אים דעמאָראַליזירט. ס'איז נויטיק געווען אַן אויפקלער־אַרבעט, וואָס זאָל איבערצייגן ביידע צדדים. און די אַרבעט האָט זיך געפירט. די שול איז געווען איינער פון די גורמים צו אַזאַ דערנעענטערונג, ווייל זי איז געווען אַ בשותפותדיקע.

אין שול זיינען געווען ביין קלאַסן מיט מערערע פּאַראַלעלע אָפּטיילונגען. דער צענטער קלאַס האָט געפעלט, ווייל די יוגנט איז אַוועק קעמפן.

איידער כ'האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט האָב איך געמוזט זאָרגן פאַר אַ צימער און פאַר קעסט.

אַ צימער איז לייכט געווען צו באַקומען אין אָפּרוהויז, וואָס איז אַ גאַנצן ווינטער געשטאַנען ליידיק. ס'האָט דאָרטן אָבער געפעלט איינריכטונג פאַרן ווינטער. האָב איך זיך שוין באַגנוגנט מיט אַ צימער אין שילער־אינטערנאַט. לכתחילה צוזאַמען מיטן בוכהאַלטער, שפּעטער מיטן נייעם לערער פאַר רוסיש, סטיעפּאַן סאַוויטשענקאָ. און צום סוף בין איך געבליבן אין אים איינער אַליין.

מיט עסן איז געווען ערגער. איינער אַליין האָב איך זיך נישט געקאָנט פאַרנעמען מיטווירטשאַפט. קיין רעסטאָראַן איז אין דאָרף אויך נישט געווען. עס זיינען דאָרט קיין פרעמדע נישט געווען און טאָמער האָט זיך געמאַכט אַ מאָל, אַז אַ לערער איז געקומען אַן משפחה, האָט ער זיך געפונען אַ צימער ביי אַ משפחה. מיר איז עס, אַן דער קענטעניש פון שפּראַך געווען שווערער. איך האָב אַליין אויך נישט געוואָלט גיין אויס מורא, אַז כ'וועל זיך נישט קאָנען צופּאַסן צום לעבנס־שטייגער און צו די מאכלים.

אַ געוויסע צייט האָב איך געגעסן צוזאַמען מיט די שילער פון אינטער־נאַט, אָבער שפּעטער האָב איך זיך באַפריינדעט מיט אַ משפחה עוואַקואירטע פון ריגע און דאָרט ביי זיי געוואָרן אַ בן־בית.

דאָס איז געווען אַ געוועזענער סוחר, וואָלף מאַכטוס־גירסאָן, אַ מענטש אַן עלטערער און ביז פּעדאַנטישקייט העפלעך און אָנשטענדיק. זיין פרוי, אַ שיינע, אינטעליגענטע און גוטע האָט שטאַרק געליטן פון דער ענדערונג. זי איז נישט געווען צוגעוווינט צו אַזאַ שווער לעבן. מיט זיי האָבן נאָך געוווינט דער עלטערער זון היינץ, אַ טעקסטיל־מייסטער, מיט זיין פרוי און דער ייִנגע־רער כיאַמאַ אַ דאָקטאָר, וואָס האָט נישט לאַנג פאַר דער מלחמה פאַרענדיקט מעדיצין אין איטאַליע און נאָך נישט באַוויזן — דוכט מיר — צו נאָסטריפי־צירן דעם דיפּלאָם אין אולמאַניס' לעטלאַנד.

ווען ריגע איז געוואָרן סאָוויעטיש האָט סיאַמאַ פאַרשפּאָרט צו נאָסטריפי־צירן: אין פּסטר זיינען אַלע דיפּלאָמען גילטיק, אויב מען קאָן נאָר אַרבעטן. אויב עמעץ ברענגט שאָדן לאָזט מען אים נישט צו צו דער אַרבעט, זאָל ער אַפילו האָבן דריי דיפּלאָמען.

כל זמן סיאַמאַ איז געווען אין דער היים האָט ער פאַרדינט און די מש־פּחה האָט געהאַט פון וואָס צו לעבן. ס'איז מיר נישט באַשערט געווען צו פאַר־

ברענגען לאַנג מיט סיאָמען, מיט וועמען כ׳האָב זיך שטאַרק באַפריינדט און וואָס איז געוואָרן פאַר מיר אַ טרייסט אין מיין איינזאַמקייט. נאָך דריי־פיר וואָכן אומגעפער האָט מען אים מאָביליזירט און צוגעטיילט צו דער לעטישער דיוויזיע, וואָס האָט זיך אין יענער צייט פאַרמירט. לאַנג־לאַנג נאָך האָבן מיר זיך דורכגעשריבן, כמעט ביז מיין אָפּפאָר פון ראַטן־פאַרבאַנד, אָבער. געזען האָב איך אים נישט מער. די צייט, וואָס כ׳בין געווען אין קישלאַק, האָט ער מיר שטאַרק געפעלט. און נישט נאָר מיר — אויך דער מוטער. איך האָב איר איצט, אין אַ געוויסער מאָס, פאַרטראָטן איר זון, צו וועמען זי איז געווען שטאַרק צוגעבונדן.

סיאָמאַ האָט באַלד אַריינגעשיקט דעם פאָטער אַן אַטעסטאַט. ווי אַ פאָטער פון אַ מאָביליזירטן האָט מאַכטוס באַקומען אויך אַ שטעלע פון פאָסטמייסטער. אַ פאָר מאָל אין דער וואָך פלעגט ער פאָרן אָדער גיין קיין פאַרקענט זיך אָפּרעכענען און נעמען די קאָרעספּאָנדענץ.

די גאַנצע משפחה איז געווען סימפּאַטיש שוין בלויז צוליב דעם, וואָס זיי האָבן זיך דעצידירט צו באַזעצן אין דאָרף און נישט געזוכט קיין „גליקן" אויף די באַזאַרן. נאָך אַ געוויסער צייט איז דער עלטערער זון אַוועק קיין טאַשקענט, ווו ער האָט באַקומען אַרבעט אין זיין פאַך און מיר זיינען געבליבן זאַלבעדריט. איצט פלעג איך שוין פון צייט צו צייט דאָ בלייבן נעכטיקן, געהאַלטן דאָ מיינע זאַכן אאַ״וו.

יעדער קאָלכאָז האָט געהאַט אַ חוב צוצושטעלן פּראָדוקטן פאַר די לערער. מיינע 25 קילאָ האָב איך באַלד אַריבערגעטראָגן צו די מאַכטוסעס און דאָס האָט אַ ביסל פאַרלייכטערט די אַפּראָוויזאַציע־לאַגע.

ברויט האָב איך באַקומען 400 גראַם אַ טאָג און עס איינגעטיילט אַזוי, כ׳זאָל האָבן וואָס מער אויפן אָוונט. פלייש האָבן מיר געקאָנט באַקומען אָן קאַרטן, אָבער נאָר דעמלט ווען מ׳האָט געשאָכטן אַ קו אַ קעמל אָדער אַ פערד. פון די לעצטע צוויי מינים האָט פרוי מאַכטוס נישט געהאַלטן און נאָר על פּי טעות האָבן מיר אַ מאָל באַקומען אַ שטיקל פערד־פלייש אָדער אַ האָרב פון אַ קעמל.

אַ ביבליאָטעק איז דאָ געווען אַ גוטע. פאַרשטייט זיך, אַז די מערהייט ביכער איז באַשטאַנען פון אוזבעקישע, אָבער אויך רוסישע זיינען דאָ געווען. אויך די שול האָט פאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק און סטיאָפּאַ סאַוווטשענקאָ האָט מיטגעבראַכט אַ גאַנצן טשעמאָדאַן מיט גוטע ביכער.

סטיאָפּאַ איז בכלל געווען אַן אינטערעסאַנטער טיפּ. צוליב זיין קראַנק האַרץ האָט מען אים נישט גענומען אין דער אַרמיי. אַליין אַ סיבירער האָט ער צוליב קלימאַטישע סיבות אויסגעקליבן דעם ס.א.ג.או. (מיטל־אַזיאַטישער מלוכה־אוניווערסיטעט), וואָס איז דעמלט געווען דער איינציקער אוניווערסיטעט אין מיטל־אַזיע. דאָ, אין טאַשקענט, האָט ער שטודירט ליטעראַטור. ער האָט אויך געשריבן לידער. ער איז געווען דער איינציקער לערער מיט וועמען כ׳האָב זיך געקאָנט צונויפריידן אויף ליטעראַרישע טעמעס. די איבעריקע זיינען געווען אוזבעקן און דער דירעקטאָר אַ טאַטער. הגם צווישן זיי זיינען געווען מענטשן מיט העכער בילדונג, ווי למשל די קאָסימאָוואַ, איכמאַטילאַיעוו

און אַנדערע האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז אַ טייל זיינען געווען מאַטעמאַטיקער און יאַטורוויסנשאַפטלער, וואָס האָבן שוואַכער גערעדט רוסיש.

איך האָב דעריבער אין דער פרייער צייט אָדער שפּאַצירט — אויב דאָס וועטער האָט נישט געשטערט — אָדער געלייענט. דאָ, אין אוזבעקישן דאָרף האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט די רוסישע קלאַסיקער אין אָריגינאַל, געלייענט ניקאָליי אָסטראָווסקי „ווי אַזוי האָט זיך געהאַרטעוועט דאָס שטאָל” און „פון שטורעם געבוירענע” ווי אויך די קלאַסישע ווערק פון מאַרקסן און ענגעלסן.

בעת מיינע ווייטע שפּאַצירן האָב איך פאַרגעסן אין די טאָג־טעגלעכע דאגות. עס זיינען געקומען בילדער פאַרגאַנגענע און וויזיעס פון צוקונפט און ווי פון זיך האָב איך גענומען שאַפן לידער, קאָמפּאָנירן דערציילונגען און בכלל זיך אַריינטון אין דער וועלט פון קונסט. אין טאָגבוך באַווייזן זיך אָפּטערע און לענגערע נאָטיצן. אויסער דער אייביקער טעמע: אָפּגעריסנקייט פון דער היים, באַווייזן זיך אויך אַ סך קאָנקרעטע וועגן לוין און ענלעכע.

פון דער צווייטער זייט גריבל איך זיך אין לינגוויסטיק, זוך ענלעכקייט צווישן אוזבעקיש און אַנדערע שפּראַכן און האָב געפונען, אַז אַ סך סעמיטישע עלעמענטן זיינען אַדאַנק דעם איסלאַם אַריינגעדרונגען אין דער אוזבעקישער שפּראַך. ראאיס — ראש (פּאָרזיצער), כיסאָב—חשבון, אַלי—עליון (העכערער), דאַכי—דוכס (פירער), זאמאַן—זמן, טארזשימא—תרגום (איבערזעצונג), כארבי — מלחמה (חרב — אַ שווערט), מאמלאקאט — ממלכה (מלוכה), מארקאזי — מרכז (צענטראַלע), קטאב — כתב (אַ בוך — ספר), מאקטאב — אַ שול (בית־ספר),דאפטאר—אַ העפט (דף—אַ בלאַט). אַזעלכע ווערטער האָב איך אויסגעזוכט אין די צענדליקער. איך האָב אויך געמוזט אַ ביסל לערנען אוזבעקיש, דער עיקר פאַרשטיין די יסודות פון איר בוי, ווייל ביים לערנען גראמאטיק, דייטשע צי רוסישע, האָב איך געמוזט אַנווייזן אויף אַנאַלאָגיעס. און אַזוי האָב איך „געגנאַרט די טעג”, ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט אָווידיוס, דער רוימישער דיכטער, וואָס האָט געפּראַוועט גלות אין רומעניע.

## 25. צווישן קינדער

שיין זיינען אַלע קינדער אויף דער וועלט, קלוג אוודאי אויך. מיר דער־וואַקסענע זיינען גאַנץ אָפט אָבער נישט קיין מבינים אויף זייער שכל. ס'איז גוט אַז אַ לערער קען די סביבה פון זיינע תלמידים, אַז ער האָט אַ קאָנטאַקט מיט די עלטערן און האָט אַ השפעה אויפן באַנעמען פון די קינדער אויסער די לימודים.

מיין אַרבעט אין דער אוזבעקישער שול האָט מיך טיילמאָל אַריינגעבראַכט אין אַ פאַרצווייפלונג. כ'האָב פאַרלאַנגט פון די קינדער מער, ווי זיי זיינען געווען אין שטאַנד צו געבן. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ בילד פון די יידישע קינדער אין פוילישע מיטלשולן אָדער די עלטערע קלאַסן פון מיטלשולן אין ראַוונע. דאָרט האָב איך נאָר באַדאַרפט געבן אַ קוק אויף אַ קינד אָדער הערן פון אים אַ פּאָר ווערטער און כ'האָב באַלד פאַרשטאַנען וואָס עס טוט זיך מיט אים. דער אופן פון ריידן האָט אַמאָל כאַראַקטעריזירט אַ שילער און נישט נאָר דער אינהאַלט פון זיינע רייד.

איצט האָב איך געאַרבעט אין אַ שול, וווּ די קינדער האָבן מיך נישט פאַר־שטאַנען און נישט איך זיי. און געלערנט האָב איך זיי אַ שפּראַך אַ ווילד־פרעמדע פאַר זיי: דייטש און אַ צווייטע, פון וועלכער זיי האָבן אפשר גע־נאַשט אַ פּאָר ווערטער, אָבער צו שרייבן און צו גראַמאַטיק איז עס באַשטימט נישט געקומען.

מיט מיין אוזבעקיש בין איך אויך ווייט נישט פאַרגאַנגען: אָנרופן נע־מען פון זאַכן און באַנוצן זיך מיט אַ באַגרענעצטער צאָל גראַמאַטישע פאָרמען הייסט נישט באַהערשן אַ שפּראַך. אויב קינדער אין גרויסע שטעט קומען אין אַ פּראַקטישער באַרירונג מיט רוסיש, איז דער דאָרפישער עלעמענט פון איר זייער ווייט. די עלטערן קענען קיין אַנדערע שפּראַך נישט ווי אוזבעקיש, און קיין אַנדער מיליע פון הערן רוסיש איז נישט געווען. די געציילטע רוסן, וואָס האָבן זיך דאָ באַזעצט האָבן זיך זייער שנעל אויסגעלערנט אוזבעקיש. דערצו האָט זיי געצוווּנגען זייער באַשעפטיקונג. דער עקאָנאָם למשל פון אַפּרוהויז, וואָס פלעגט איינקויפן פּראָדוקטן, קויפן מאַטעריאַלן צו רעמאָנט, האָבן צו טון מיט בעלי־מלאכות — ער האָט געמוזט קענען די שפּראַך פון פאָלק. דאָס גלייכן דער וועטערינאַר, דער בוכהאַלטער פון קאָלכאָז אא"וו.

איך האָב נישט פאַרשטאַנען און אויך נישט איינגעאיבט דאָס אויער צו דער טאָנאַציע פון דער שפּראַך, כדי צו באַנעמען כאָטש אין אַלגעמיינע באַ־גריפן צי בייזערט מען זיך, צי לאַכט מען אויס, צי איז מען מסכים. נאָך אַ גע־

וויסער צייט, ווען כ'האָב שוין אָנגעהויבן צו פאַרשטיין איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס וואָס כ'האָב פריער באַטראַכט ווי אַ צאַנקערייַ איז גאָר געווען אַן אופן פון גוטמוטיקן דורכשמועסן זיך.

אין אַזאַ מצב האָט מען זיך געקאָנט געפינען נאָר אין אַן אומנאָרמאַלער צייט, אין טעג פון מלחמה, ווען די געוויינטלעכע גלייכגעוויכט אויף אַלע געביטן פון לעבן איז געוואָרן אָנגערירט.

די קינדער האָבן אויך פאַרשטאַנען, אַז די לאַגע איז נישט קיין נאָרמאַלע. ביי אַ טייל פון זיי האָט געפעלט עמעץ אין דער משפּחה, אויף אַנדערע זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן נייע פליכטן, פון פאַרנעמען זיך מיט קינדער, פון די משפּחות, ווו דער פאָטער איז נישט געווען אין דער היים און די מוטערס זיינען אַוועק צו דער אַרבעט.

דאָס לערנען איז געווען נישט נאָרמאַל. כסדר האָבן געפעלט לערערס. ווען סאַוויטשענקאָ איז געקומען און איך בין געבליבן נישט ביי קיין קאָמפּלעט שעהן (18) איז מיר דאָך אויסגעקומען צו אַרבעטן אַ סך מער ווי אַ פאַרטרעטער. דאָ האָט מען מאָביליזירט איינעם, דאָ האָט מען אַן אַנדערן גערופן אויף אַ קאָמיסיע, דאָ האָט מען איבערגעפירט אין אַן אַנדער אָרט דעם דירעקטאָר. עס זיינען געווען איבערגענוג גורמים, אַז די לימודים זאָלן זיך נישט פירן נאָרמאַל און ממילא האָט עס זיך אויך אָפּגעשלאָגן אויף דער פאַראינטערעסירונג מיט די לימודים. מיר האָבן אַפילו נישט געקאָנט מאַכן אַ פּרווו פון צונויפנעמען די שילערס נאָכמיטאָג און זיי העלפן גרייטן די אויפגאַבעס, ווייל די צימערן זיינען געווען פאַרנומען דורך דעם צווייטן שיכט תלמידים.

ס'איז מיר אויך אויסגעקומען בייצוזיין ביי אַ חתונה פון מיינער אַ שילערין פון זעקסטן קלאַס, אַ פאַרשפּעטיקטע אין די לימודים.

ס־איז געווען זונטיק, דעם 14־טן דעצעמבער 1941. אויפן אָוונט איז גערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון שול־קאָלעקטיוו. צוליב וועלכע נישט איז סיבות זיינען מיר געקומען נאָר אין אַ קליינער צאָל און די פאַרזאַמלונג איז נישט צושטאַנדגעקומען.

מיר זיינען דאַן אַלע געגאַנגען אויף דער חתונה, וואָס איז דעם אָוונט גראָד פאַרגעקומען.

איידער מיר זיינען אַריין אין צימער פון די געסט האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אויסשטייער־אַלקער. דאָס איז געווען אַ באַזונדערער צימער, ווו ס'איז געווען אויסגעשטעלט דאָס גאַנצע אויסשטייער און אַלע מתנות, וואָס דאָס יונגע פּאָרל האָט באַקומען, בעטגעצייג און וועש — אַ באַרג, פאַרביקע קליידער, מאָלערישע טיכלעך, טייערע טעפּיכער — ביי יעדער זאַך האָט מען דערציילט פון וועמען די מתנה שטאַמט.

אין דרויסן האָט געשפּילט מוזיק : אַ פייקל און אַ סטרונע־אינסטרומענט ענלעך צו אַ באַלאַלייקע. יוגנט האָט געטאַנצט, צוגעזונגען...

מיר זיינען אַריין אין צימער. דאָ זיינען געזעסן בלויז מענער. אין מיטן צימער איז געווען אַ טאָנדאַל, דאָס איז אַ מין טיפער קאַמין אין דיל, ווו מען לייגט אַריין האָלצקוילן. איבער דער דערעפענונג שטייט אַ טאַבורעט, צוגעדעקט מיט אַ קאָוויאָר. די חשובסטע געסט זיצן אַרום דעם קאַמין, די פיס אַראָפּ־

געלאָזט אין סאַנדאַל. פאַר וועמען עס פעלט אויס פּלאַץ ביים סאַנדאַל זיצט אויף ווייכע קאַלדרעס־מאַטראַצן לענג אויס די ווענט, האַלטנדיק די פיס אויף די איבערן גאַנצן צימער אויסגעשפּרייטע פערסישע דיוואַנען. אויף פונאַנדערגעלייג־טע טישטעכער האָט מען דערלאַנגט „לעפּיאָשקעס", דזשידא (אַ פּרוכט), קיש־מיש (ראָזשינקעס) און שפּעטער אַ שיסל רייז מיט מילך. במשך פון דער גאַנ־צער צייט האָט מען געטרונקען טיי, אָבער נישט אַלע פאַר אַ מאָל. געווען צוויי שאָלן און פון זיי האָט מען געטרונקען לויט דער ריי נאָך. אַזאַ מנהג איז עס.

אינטערעסאַנט איז אויך, אַז אַנגיסן אַ פולע גלאָז אָדער שאָל ווערט ביי די אוזבעקן באַטראַכט ווי אַ באַליידיקונג. זיי טייטשן עס אויס ווי איינער רעדט: נאַ דיר, טרינק אויס און זיי געזונט. פאַרקערט ווידער, אַז זיי גיבן נישט פול איז דער גאַסט גרייט נאָך צו טרינקען און זיי האָבן פון דעם אַ הנאה.

פאַרשטייט זיך, אַז אַרייַנקומענדיק אין שטוב טוט מען פריער אויס די קאַלאָשן, וואָס ווערן גאַנץ אָפט געטראָגן אָן שיך. די דאָזיקע מצוה האָב איך לײַדער נישט געקאָנט מקיים זיין, ווייל כ'האָב... קיין קאַלאָשן נישט געהאַט.

צומאָרגנס איז די שילערין געקומען אין שול, ווי ס'וואָלט גאָרנישט פאַסירט.

געווען זיינען אויך שילערס, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן צו מיר אַ באַקענט־קייט און אַ גרויסע צוגעבונדנקייט.

איין שילער פון אַכטן קלאַס, כאַליל כאַשימאָוו, האָט זיך מיר ספּעציעל איינגעקריצט אין זכרון.

אַ קינד מיט געניאַלע פעאיקייטן. אין מאַטעמאַטיק, פיזיק און נאַטור־וויסנשאַפטן איז ער געווען דער ערשטער שילער און ווייט־ווייט אַרויס איבער די ראַמען פון אַן „ערשטן שילער". אָבער אויך אין רוסישער שפּראַך און לי־טעראַטור איז ער געווען אַ פענאָמען. נישט האָבנדיק אין זיין סביבה מיט וועמען צו ריידן וועגן די ענינים, וואָס אינטערעסירן אים, פלעגט ער אָפט קומען צו מיר און מיך אַרייַנציען אין זיין געדאַנקען־גאַנג.

כאַליל האָט געלערנט אויף אויסנווייניק די רוסישע קלאַסישע ליטעראַטור און אויף אַזאַ אופן פאַרפולקאָמט זיך אין דער שפּראַך. ס'האָט אים אינטערעסירט דאָס לעבן אין איראַפּעאישן טייל פון ראַטן־פאַרבאַנד און אין אויסלאַנד.

זיין איבערגעגעבנקייט צו מיר איז געווען אָן אַ גרענעץ. ער האָט זיך באַ־מיט מיר צו פאַרלייכטערן מיין לאַגע און דערליידיקן קליינע אויפטראַגן, וואָס פאַר מיר וואָלטן זיי געווען שווער אויסצופירן, מחמת שפּראַך־שוועריקייטן. ער האָט נאָך דערליידיקט זאַכן איידער כ'האָב אים געבעטן, ווייל צו בעטן האָב איך אויסגעמיטן.

לאַנג נאָך האָב איך באַדויערט, וואָס ס'איז מיר נישט אויסגעקומען צו פאַרבלייבן אויפן אָרט ביז ער וועט ענדיקן די שול.

## 26. טשערעפּאַשקעס

די באַציאונגען צווישן כאַלילן און מיר זיינען געווען, ווי צווישן דער־וואַקסענע מענטשן, פון וועלכע איינער האָט מער דערפאַרונג ווי דער צווייטער, דער צווייטער אָבער מער ענערגיע און ווילן.

געווען זיינען מאָמענטן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן, אַז אויך אַנדערע קינדער אינטערעסירן זיך מיט מיר און פילן צו מיר סימפּאַטיע, הגם זיי ווייסן נישט וויאַזוי עס אויסצודריקן.

איך האָב גאַנץ אָפט באַמערקט אין אופן פון זיצן, נאָכפאָלגן מיט די אויגן יעדע מיינע באַוועגונג, און צוהערן זיך צו יעדן וואָרט, אַז געוויסע שילער און שילערינס האָבן צו מיר אַ קרובהשע באַציאונג. די דאָזיקע קינדער פלעגן באַזאָרגן קרייד, ריין מאַכן דעם צימער, אָפּווישן דעם טאָוול און בכלל זען איך זאָל ווייניקער האָבן צו באַמערקן בנוגע אויפפירן און ריינקייט.

ווען עס איז אַ מאָל געוואָרן אַ טומל אין קלאַס און איך בין אַנטשוויגן געוואָרן האָבן באַלד די פּאָר שילער באַרואיקט די איבעריקע און איך האָב געקאָנט ממשיך זיין.

איך ווייס נישט פון וואַנען די קינדער האָבן זיך דערוווּסט, אַז איך האָב פאַטאָס פון מיין משפחה און זיי האָבן מיך גענומען בעטן כ'זאָל זיי ווייזן.

איין מאָל קום איך אין דער פרי אין שול אַריין. אַ היפּשע פּאָר מינוט פאַרן קלונג דערנעענטערן זיך צו מיר אַ פּאָר קינדער, נעמען אַרויס זייער פרי־שטיק און לייגן מיר פאָר, בעטנדיק, כ'זאָל זיי ווייזן דאָס בילד פון מיין טאָכטער. כ'האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי זיינען אויסן געווען : צי באַצאָלן מיט ברויט פאַרן ווייזן דאָס בילד, צי אויסדריקן זייער מיטגעפיל צוליב מיין איינזאַמקייט דאָ.

כ'נעם פשוט אָן די צווייטע היפּאָטעזע, ווייל נאָך וואָס האָבן זיי דען באַדאַרפט זען דאָס בילד ? וואָס האָט עס זיי געגעבן ? דער אופן פון ווענדן זיך צו מיר און דער פאַקט, וואָס זיי זיינען געווען גרייט צו רעזיגנירן פון אַ פרי־שטיק האָט מיר געזאָגט וועגן אַ גייסטיקן קאָנטאַקט, וואָס האָט זיך שוין גענומען וועבן צווישן אונדז.

אַ מער חברישע דערנעענטערונג איז פאָרגעקומען בעת מיר פלעגן צוזאַמען אַרויסגיין העלפן די קאָלכאָזן אין זייער פעלדאַרבעט.

אַ מאַנגל אין הענט איז דאָרט שטענדיק געווען. מען פלעגט געוויסע אַרבעטן טון אויך אין די זונטיקס. אַזוי ווי דער שעהן־פּלאַן פון דער שול, וועלכן

איך האָב אגב אַליין געמאַכט צו דער גרויסער צופרידנקייט פון אַלע לערער, האָט פאַראויסגעזען פאַר מיר נאָך אַ פרייען טאָג, מאָנטיק, פלעג איך אין ביי־דע טעג גיין אַרבעטן. קלאָר, אַז פאַר דער אַרבעט האָב איך באַקומען באַ־צאָלט, דערווייל עד לחשבון, מיט פּראָדוקטן. דער ענדגילטיקער לוין פאַר אַן אַרבעטסטאָג איז באַרעכנט געוואָרן איין מאָל אין יאָר, אין דעצעמבער דוכט זיך, און דעמלט האָט מען אויסגעגליכן דעם חשבון.

בעת די אַרבעטן אין קאָלכאָז האָב איך געטראָפן מיינע שילער. דאָס, וואָס כ'האָב געהאָלפן ביי דער אַרבעט האָט מיך דערנעענטערט צו זיי. מיר האָבן פשוט געפונען נאָך אַ פלאַטפאָרם, וואָס פאַראייניקט אונדז.

אָבער אַ געוואַלדיק געשעניש אין דאָרף, וואָס האָט זיך אויך אויסגעווירקט אויף דער שול, איז געווען די פלאָג פון טשערעפּאַשקעס.

דאָס זיינען קליינע ווערעמלעך אין דער געשטאַלט פון אַ טשערעפּאַכע, וואָס זיינען געקומען פון די בערג און געפרעסן די תבואה. גאַנצע העקטאַרס פעלד זיינען שוין געווען פאַרניכטעט און ס'האָט געדראָט, אַז זיי זאָלן זיך אריינלאָזן טיפער אין לאַנד און אַלץ אויפפרעסן.

ס'איז געקומען אַ פאַראָרדענונג צו מאָביליזירן די שולן צו הילף דער לאַנדווירטשאַפט און אָרגאַניזירטערהייט האָבן מיר געזאָלט פאַרטיליקן די שעדיקער.

עס איז געגאַנגען די גאַנצע שול, אויסער די סאַמע יינגסטע קלאַסן. אויפן וועג האָט מען אונדז מיטגעגעבן, פון קאָלכאָז, לעפּיאָשקעס. דאָס האָט געזאָלט זיין אין אַ געוויסער מאָס אַ באַלוינונג און נאָך מער אַ סטימולירונג צו דער גרויסער אונטערנעמונג. יעדער האָט מיטגענומען אַ פלאַש, אין וועלכער ער האָט געדאַרפט אַריינוואַרפן די טשערעפּאַשקעס, וואָס ער וועט זאַמלען.

מיר האָבן זיך געלאָזט אין די בערג, פון וואַנען דער ווינט אָדער די רעגן־וואַסערן האָבן געבראַכט די טשערעפּאַשקעס, כדי זיי דאָרט צו פאַרניכטן. טאָ־מער קומען זיי שוין אַראָפּ אויף די פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן לענגאויס די באַרגפּיס, וואָלט שוין געווען צו שפּעט. אַ זאַנג, אויף וועלכער עס זיצט אַ טשערעפּאַשקע איז שוין אומהייליבאַר.

די קינדער האָבן זיך געוועט ווער ס'וועט אָנזאַמלען מער טשערעפּאַש־קעס. מען האָט אויך צוגעזאָגט אַ ספּעציעלע באַלוינונג די, וואָס וועלן זיך אויס־צייכענען אין דער אַרבעט.

איך האָב באַוווּנדערט די שאַרפע ראיה פון געוויסע קינדער. אויף די בלע־טער פון אַ קוסט וואָס איך האָב „באַאַרבעט" און געפונען אַ שעדיקער, אָדער אַ מאָל גאָרנישט, פלעגן די קינדער אויסשפּירן נאָך צענדליקער טשערעפּאַשקעס.

בעת איינעם אַזאַ שפּאַציר אין די בערג, ווען מיר זיינען געזעסן און גע־געסן די לעפּיאָשקעס, קומט צו מיר צו אַ שילערין און פרעגט מיך, צי איך האָב עלטערן. ווען כ'האָב געענטפערט, אַז נישט, האָט זי מיר דערלאַנגט אַ בלום, וואָס רופט זיך „יעטים־גול" (אַ יתומים־בלום).

לויט דעם אוזבעקישן פאָלקס־גלויבן מעגן אַזעלכע בלומען טראָגן בלויז קיילעכדיקע יתומים. אויב איינער, וואָס האָט עלטערן, רייסט אויס אַזאַ בלום וועט ער די עלטערן פאַרלירן. ביי מיר איז שוין די דאָזיקע מורא נישט גע־

ווען. איך האָב פאַר דער בלום, ווי אויך פאַר דער טאַקטישער האַנדלונג געדאַנקט דער שילערין.

גאַנץ אָפט פלעגן באַשטימטע לערער זיין מיינע איבערזעצער. זיי האָבן הנאה געהאַט פון פאַרמיטלען צווישן מיר און די שילער אין נישט שאַבלאָנע שמועסן.

דערווייל דערנענטערט זיך דער אָונט און מען גייט אַהיים. יעדער באַרימט זיך מיט זיין פלאַש. ביי דעם טשערעפּאַשקעס־פאַנג האָבן זיי געהאַט אַ פּראַקטישע לעקציע פון ציילן. זיי זיינען געווען אין שטאַנד איבערצוציילן נאָך אַ מאָל די הונדערטער טשערעפּאַשקעס, אויב ס'האָט זיך זיי געדאַכט, אַז דער, וואָס האָט זיי קאָנטראָלירט האָט געהאַט אַ טעות.

יעדן אָונט, נאָכן אונטערפירן אַ סך הכל פון די אַלע טשערעפּאַשקעס, פלעגט מען מאַכן אַ פייער און זיי פאַרברענען. דאָס איז געווען דער אינטערעסאַנטסטער מאָמענט פון גאַנצן טאָג. דאָ האָט מען זיך געטיילט מיט דער דערפאַרונג, דערציילט וועגן אופנים פון גיכער באַמערקן די קליינע ברוינע באַשעפעניש, ווי אַזוי אַנצוכאַפּן אַ בלאַט, אַז די טשערעפּאַשקע זאָל נישט אַראָפּפאַלן, וויאַזוי צו פירן דעם חשבון אאַ"וו.

אויף אַ טאָוול האָט מען באַלד אויפגעשריבן די נעמען פון די, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט.

אונדזערע יאָגענישן נאָך טשערעפּאַשקעס האָבן בייגעווירקט אויסצומיידן אַ הונגער. צי זיינען געווען נאָך אַנדערע גורמים איז שווער צו זאָגן. די רעזולטאַטן זיינען געווען צווייאיקע: פון איין זייט איז די יוגנט אַריינגעצויגן געוואָרן אין געזעלשאַפטלעך־ווירטשאַפטלעכן לעבן, זי איז פאַרבונדן געוואָרן מיט די קאָלכאָזן און באַקומען דעם באַוווסטזיין פון האָבן אַ חלק אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע. דעם דאָזיקן רעזולטאַט איז נישט אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט.

פון דער צווייטער זייט אָבער האָט דער אַנטייל פון שול אין דער קאַמפּאַניע אַריינגעבראַכט אַ געוויסע דעזאָרגאַניזאַציע אין סדר פון די לימודים.

סוף מערץ, אָדער אָנהייב אַפּריל, הייבן זיך אָן אין די באַרגיקע טיילן פון אוזבעקיסטאַן די פעלד־אַרבעטן און ממילא איז דער שול־באַזוך אַ שוואַכערער ווי נאָרמאַל. אַ גרויסער טייל קינדער גייט אַרבעטן, כדי אַרויסצוהעלפן דעם קאָלכאָז, אַן אַנדערער טייל ווידער, כדי צו פאַרדינען די „טרודאָ דני" (טעגאַרבעט).

אין מערץ איז געקומען אַ פאַראָרדענונג מען זאָל זיך גרייטן צו רעאַלירן דעם לערנפּלאַן אויף אַ קאָנדענסירטן אופן. דאָס האָט געזאָלט באַדייטן, אַז יעדן טאָג קאָנען פאָרקומען ענדערונגען און מיר וועלן נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן די לימודים אויף אַ נאָרמאַלן אופן.

דעם 3־טן מערץ האָב איך אויך באַקומען אַ „פּאָוויעסטקע" אין וואָיענקאָמאַט אויף אַ מיליטערישער קאָמיסיע.

די קאָמיסיע האָט מיט מיר לאַנג נישט גערעדט. מ'האָט מיך אָנגעקוקט, איך האָב זיך נישט באַקלאָגט און אין רעזולטאַט האָב איך באַקומען אַ צעטל מיט דער אויפשריפט: „סטראָיעוואָי דאָ אָסאָבאָגאָ ראַספּאָריאַזשעניא", ד. ה.

כ'טויג און רופן ווע‏ט מען מיך ווען מ'וועט דאַרפן. מיט אַזאַ צעטל האָט מען זיך געקאָנט ריכטן יעדן טאָג, אַז מ'וועט מיך מאָביליזירן און כ'בין שטענדיק געווען גרייט.

אין זעלבן מצב זיינען געווען אויך אַנדערע חברים און דאָס איז טאַקע געווען די סיבה פון אַ שפּאַנונג אין דער אַרבעט.

מיין גרייטן זיך אין וועג אַריין האָט זיך אויסגעדריקט אויף אַ ספּעציפישן אופן: כ'האָב געשריבן בריוו צו באַקאַנטע, וועמענס אַדרעסן כ'האָב אין משך פון דער צייט באַקומען אויף פאַרשיידענע וועגן און זיי מיטגעטיילט וועגן מיין איצטיקן לעבן און מיין וואַרטן אויף אַ נייער פּאָוויעסטקע. מיין אינטענץ איז געווען, אַז אויב איך וועל זיך נישט אומקערן פון דער מלחמה זאָלן כאָטש זיין מענטשן, וואָס וועלן קאָנען איבערגעבן מיין משפּחה אַ לעצטן גרוס. אַזוי האָב איך געשריבן צו דער פאַמיליע מאַרמאַר, שמעון כ"ץ און כאַוווניעץ. ראַפאַלן מיט מערין האָב איך געהאָפט צו טרעפן אין טאַשקענט, דורך וואַנען ס'האָט געפירט יעדער וועג פון אַ מאָביליזירטן.

# 27. פּאָליטיק און סברות

דאָס לעבן אין קישלאַק איז געווען גענוג איינטאָניק. אין משך פון טאָג האָט מען געזען א ל ע באַקאַנטע צום וויניקסטנס איין מאָל, מיט יעדן פון זיי געכאַפּט אַ קורצן אָדער אַ לענגערן שמועס, געהערט אַ נייס אָדער געטיילט זיך מיט אַן אינפאָרמאַציע, גענומען אָדער געגעבן אַ צייטונג, אַ בוך, דערוווסט זיך אָדער איבערגעגעבן, ווו מען קאָן עפּעס קויפן אד״גל.

באַזונדער אינטערעסאַנט איז געווען די באַגעגעניש אויף דער פּאָסט, אין מאָמענט ווען ס'איז אָנגעקומען דער קוריער. אין איין סעקונדע האָט מען צעכאַפּט די „פּראַוודאַ וואָסטאָקאַ״ — די צענטראַלע אוזבעקישע צייטונג אין דער רוסישער שפּראַך און איר אויסגאַבע אויף אוזבעקיש. דורכגעקוקט די קעפּלעך האָט מען גענומען זוכן די קאָמוניקאַטן פון סאָוויעטישן אינפאָרמביוראָ וועגן גאַנג פון דער מלחמה. די נעמען פון ווייטע אָרטשאַפטן האָבן פאַר אַ סך אוזבעקן גאָרנישט באַטייט, עמאָציאָנעל זיינען זיי מיט קיינער פון זיי נישט געווען פאַרבונדן. פאַר די פּליטים אָבער איז יעדער פאַרלאָרענער פּונקט געווען אַ שטאָך אין האַרץ, יעדע אָפּגענומענע פּאָזיציע — אַ שיין פון נייע געדאַנקען און האָפענונגען. אַ סך אוזבעקן, בפרט די עלטערע האָבן אַפילו נישט געקענט איבערחזרן די נעמען פון רוסישע, אוקראַאינישע אָדער ווייסרוסישע שטעט. ס'האָט זיך אָבער באַלד געביטן זייער שטימונג ווען מ'איז אריבערגעגאַנגען פון דער פּאָסט אין דער שכנותדיקער שול, אַרויסגענומען די קאַרטע און גענומען ווייזן אויף די דערמאָנטע אָרטשאַפטן.

אויף צוויי שטעט האָבן מיר שטענדיק געטייטלט מיט די פינגער: מאָסקווע און... בערלין. דער דורכפאַל פון בליצקריג און דאָס געפינען זיך פון סטאַלינען אין מאָסקווע זיינען געווען צוויי וואַגיקע אַרגומענטן אין אָפּטימיסטישן אינטערפּרעטירן פון די געשעענישן.

די ווייטערדיקע אויסצוגן פון מיין טאָגבוך וועלן אין אַ געוויסער מאָס אָפּשפּיגלען די געדאַנקען און מיינונגען מיינע בנוגע דער אַלגעמיינער לאַגע:

11. 12. 41.

איך רעכן די טעג און מינוטן. יאַפּאַן האָט דערקלערט קריג אַמעריקע. אין צייטונג האָב איך עס נאָך נישט געזען, נאָר מ'זאָגט, אַז ס'איז געווען אין ראַדיאָ. ס'איז גוט, צי שלעכט? ס'וועט צואיילן דעם סוף פון דער מלחמה, צי אים אָפּשלעפּן?

14. 12.

די לעצטע טעג קומען אָן דערמוטיקנדיקע ידיעות פון פראָנט. פריער האָט מען אָפּגענומען ראָסטאָוו, שפּעטער טיכווין (200 ק"מ פון לענינגראַד), נעכטן — אַ גאַנצע ריי שטעט ביי מאָסקווע. ווען דאָ זאָל זיך איינגעבן צו טרייבן דעם דייטש, וואָלט געקאָנט קומען אַ פּלוצעמדיקע ווענדונג מיט אַן אויפשטאַנד אין די אָקופּירטע געביטן איינשליסלעך. אונדזער פּרעסטיזש וואָלט זיך גע־הויבן און די געהיימע געדאַנקען פון ענגלאַנד און פון די פאַראייניקטע שטאַטן צו קאָמפּראָמיטירן דעם ראַטן־פאַרבאַנד דורך לאָזן פאַלן מאָסקווע וואָלטן זיך נישט פאַרווירקלעכט.

18. 12.

איך ווער אַ סטראַטעג. כ'באַטראַכט יעדן טאָג די קאַרטע. ס'האָט זיך ווייזט אויס אָנגעהויבן די קאָנטראָפּענסיווע. די רויטע אַרמיי געפינט זיך אַ 120 ק"מ מזרחדיק פון קורסק, אָריאָל. כ'וואַרט אויף דער מינוט מ'זאָל אריין אין אוקראַינע.

20. 12.

נעכטן איז געווען אין צייטונג, אַז אונדזערע האָבן באַזעצט קאַלינין, אָבער „מ'זאָגט" אַז מ'האָט געהערט אין ראַדיאָ, אַז שוין טאַגאַנראָג, מאַריופּאָל און אפילו סמאָלענסק. מ'מוז האָבן געדולד צו וואַרטן.

דערווייל האָבן מיר שיינע וועטערן. מ'קאָן אַרויסגיין אין העמד אויפן גאַס און ס'איז נישט קאַלט.

ס'וועלן נאָך זיין רעגנס און שנייען אויכעט, אָבער דערווייל מוז מען טון ווי דער האַרץ האָט אונדז געהייסן: „קאַרפּע דיעם" און מאַכן די ברכה: „ברוך ד' יום יום".

24. 12.

מ'זאָגט, אַז ס'ווערן שוין פאַרקויפט בילעטן קיין ראָסטאָוו און מאָסקווע. הערנדיק די נייס בין איך אויפגעציטערט געוואָרן. הייסט עס, אַז ס'זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס וועלן שוין אין גיכן זיין אין דער היים... כ'ווער נאָך מער צו־געהאָפטן צו דער קאַרטע און זוך...

4. 1. 1942.

מ'האָט פאַרנומען קערטש און פעאָדאָסיע. פון טאַשקענט איז געקומען מוכטאַראָוו, דער צייכן־לערער, און דערציילט, אַז אַ סך פאָרן צוריק און אַז פּראָדוקטן זיינען געוואָרן ביליקער. היינט זיינען געפאַלן די פּרייזן אויך אין פאַרקענט.

30. 1.

אין דער צייטונג פון 28־טן יאַנואַר איז פאַראַן אַ ידיעה, אַז די דייטשן האָבן אָפּגעטראָטן פון מיאַסאָיעדאָווקע, אַ 12 ק"מ פון ביעלגאָראָד. אין דעם דאָרף האָב איך גענעכטיקט דעם 3־טן אָקטאָבער, באַלד נאָך מיין אַרויספאָרן פון ביעלגאָראָד אַזוי נאָענט. ס'קאָן זיין, אַז קיין ביעלגאָראָד וועל איך אין גיכן קאָנען פאָרן...

.2 .2

נעכטן איז ווידער געווען אין צייטונג וועגן אַ גרויסן זיג אין אוקראַינע. פאַרנומען דעם באַן־קנופּ לאָזאָוואַיאַ, נעענטער צו כאַרקאָוו—ביעלגאָראָד.

נעכטן איז געווען געדרוקט טשערטשילס רעדע פון 27־טן יאַנואַר, אין וועל־כער ער זאָגט, אַז מען גרייט צו אַן איבערפאַל אויף דייטשלאַנד פון מערב.

אַז עס וועט קומען צו אַ צווייטן פראָנט וועט היטלער מוזן פאַלן, אויב נישט פריער. מיטן געבן דעמיסיע בראַכיטשן און פאַרנעמען אַליין דעם פּאָסטן פון הויפּט־קאָמאַנדיר האָט ער גאָרנישט אויפגעטון.

אונדזערע גייען ווייטער פאָראויס.

פרייטיק, 13. 2.

אונדזערע זאָלן האָבן פאַרנומען קופּיאַנסק און שטייען שוין ביי כאַרקאָוו. דאָס דערנעענטערט מיך צו ביעלגאָראָד, אויב מ'וועט מיך פון דאַנען אַפּלאָזן.

כ'מוז נאָך באַטראַכטן, צי ס'לוינט איצט צו פאָרן: כ'האָב אָבער חשק צו זיין אין ראָוונע איינער פון די ערשטע און צוליב דעם איז גלייכער זיך צו געפינען נעענטער. פון דער צווייטער זייט איז אפשר גלייכער צו וואַרטן ביז אונדזערע וועלן שוין זיין אין קיעוו און ערשט דעמלט זיך אָנהויבן צו באַמיען.

.2 .22

די לאַגע איז אַן ערנסטע. יאַפּאַן האָט פאַרנומען סינגאַפּור. היטלער וויל זיך דאָ באַפעסטיקן, נאָר אַלע אָנערקענען, אַז ער איז דער שונא נומער 1 און דעריבער פאַרליר איך נישט די האָפענונג, אַז מיט אַלע כוחות וועט מען זיך באַמי'ען אים צו פאַרניכטן.

ווי אַזוי לעבט מען אָבער דערווייל אונטער זיין הערשאַפט? צי וועט מען דאָרט אויסהאַלטן?

מאָנטיק, 20 .4

ענגלאַנד שלעפּט אָפּ מיטן צווייטן פראָנט און וויל דערשטיקן דעם היט־לעריזם מיטן קאָמוניזם פאַר איין גאַנג. זי קאָן זיך אָבער אַמאָל איבעררעכענען.



אַזוי פלעכטן זיך דורך אין מיין האַרץ און אין מוח געדאַנקען, מיינונגען, האָפענונגען, ווילנס, באַשלוסן. יעדע ידיעה רופט אַרויס זכרונות און בילדער פון אַמאָל און מיראַזשן אין דער צוקונפט. דאָס פערזענלעכע איז ענג פאַרבונדן מיטן פּאָליטישן, מיט דער סטראַטעגיע — דאָס פּריוואַטע.

מען האָט געהאָפט, אַז דער צווייטער פראָנט וועט זיך עפענען אָט, אָט... די לאָגיק פון דער סיטואַציע האָט עס געפאָדערט, געמאָנט. מען איז געווען צו נאַאיוו צו וועלן זען אין דעמלטיקן מאָמענט אַן אַנדערן ציל ווי די פאַר־ניכטונג פון פאַשיזם.

פון וואַנען שטאַמען אָבער די פאַרשיידענע נישט געשטויגענע נישט גע־פלויגענע קלאַנגען, וואָס לייגן זיך נישט אויפן שכל און פליען מיט אַ שנעל־קייט פון אַ בליץ פון מויל צו מויל?

אַ שטיקל אויפקלערונג האָב איך באַקומען דעם 20־טן אַפּריל, נאָך אַ באַ־ זוך פון אַ טיפּ וועגן וועלכן כ'האָב פאַרנאָטירט : „...אַ שפּעקולאַנטישער טיפּ, אַ היפּער־חכם... זיי מאַכן דאָס אַן די טייערונג און רופן אַרויס אַנטיסעמיטיזם. ער אַרבעט נישט און לעבט, איז נישט צוגעשריבן אין טאַשקענט און פאַרנעמט דאָרט אַ קאָנפאָרטאַבל צימער אין צענטער שטאָט, האָט נישט קיין פּראָפעסיע און פאָרט אַרום".

אַזעלכע טיפּן פלעגן אַרומפאָרן און דערציילן „נייעס". אונדז האָט ער גע־ זאָגט, אַז מיט זיינע אייגענע אויגן האָט ער געזען אַ טעלעגראַמע מיטן פּאָסט־ שטעמפּל פון כאַרקאָוו, וואָס איז אָנגעקומען מיט עטלעכע טעג צוריק .

ער האָט אונדז דערציילט נסים וועגן דער פּוילישער אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס און צוגערעדט אַריינצוטרעטן, כדי מיט דער אַרמיי אַריבערצוגיין קיין איראַן און פון דאָרט זיך אַריבערצופּעקלען קיין ארץ־ישראל און דעזערטירן.

אין יענע טעג איז מיר נאָך נישט געווען באַקאַנט די צווייפּנימדיקע שפּיל פון גענעראַל אַנדערס, אָבער פאַקטן פון זיין אַנטיסעמיטיזם זיינען מיר שוין געווען באַוווּסט.

צי האָט דער דאָזיקער מאָראַליש־צעפּוילטער טיפּ, באַוווּסטזיניק אויסגע־ פירט זיין מיסיע פון אַ פינפטער קאָלאָנע מיטן ציל אָפּצושוואַכן די מאָראַל פון דער באַפעלקערונג דורך אַרויסרופן אַ יקרות, צי האָט ער דאָס געטון אומ־ באַוווּסטזיניק, אַזוי צו זאָגן אויס געוווינהייט צו שפּעקולירן און לעבן אויפן חשבון פון פרעמדער האָרעוואַניע ? אַ פאַקט בלייבט אָבער אַז ער און זיינס גלייכן האָבן געשעדיקט די אינטערעסן פון לאַנד, וואָס האָט געקעמפט קעגן היטלערן.

די דאָזיקע טיפּן זיינען דאָס די, וואָס האָבן דעמאָראַליזירט די באַפעלקע־ רונג. זיי פלעגן צאָלן אויפגעשרויפטע פּרייזן. זיי פלעגן אויך שטופּן כאַבאַר און לעבן דורך חנופה. די זעלבע העצן עס היינט איבער דער גאַנצער וועלט קעגן דעם ראַטן־פאַרבאַנד, וואָס האָט זיי געראַטעוועט דאָס לעבן און וואַרפן אויף אים שמוץ.

אַ גרויסער טייל פון די פּליטים האָט געזוכט צו „מאַכן אַ לעבן" אויף אַזעל־ כע אופנים. דער „אידעאַל" פון „מאַכן אַ לעבן" האָט זיי אַזוי פאַרכאַפּט, אַז אויסער דעם האָבן זיי גאָרנישט געזען. נישט דעם געוואַלדיקן העראָאיזם פון רויטאַרמייער, נישט די אויסערגעוויינטלעכע אָנשטרענגונג פון אַרבעטער, נישט די ליידן פון די מיליאָנען קינדער און פרויען, וועמענס נאָענטסטע האָבן גע־ לייגט די קעפּ אין קאַמף מיטן פאַשיזם. זיי האָבן געקוקט אויף אַלץ פון אַ מויז־ לאָך און געהאַט פאַר זיך מויזישע פּערספּעקטיוון. און ווען די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט זייערע היימען און די סאָוויעטישע מאַכט האָט זיי דערלויבט צו פאָרן וווהין זייער האַרץ האָט געגלוסט, האָבן די זעלבע מענטשן געגומען מאַכן דעם אָנשטעל פון „אָביעקטיווע" עקספּערטן און דערציילן דער וועלט רכילות וועגן די סאָוויעטישע מענטשן.

## 28. קולטור און איינזאַמקייט

דער שנעלער איבערבייט פון לעבן־שטייגער, ווי דער איבערגאַנג פון שטאָט אין דאָרף, פון זיין אַ משפחה־מענטש צו ווערן אַ פּאַרוואָגלטער פּליט, פון געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט צו פּאַסיווקייט, איז בכוח אַרויסצושטויסן פון גלייכגעוויכט אפילו אַ שטאַרקן מענטשן, אַרויסרופן אין אים פאַרביטערונג און דערוועקן אין אים רעאַקציעס נישט פאַראויסגעזעענע. אַזאַ ענדערונג איז ביכולת צו שטויסן אַ מענטשן צו מעשים, וואָס ער וואָלט קיינמאָל נישט באַגאַנגען, ווען ער זאָל נאָר וועגן זיי האָבן געגעבן אַ טראַכט. פאַרלירנדיק אָבער די גלייכגעוויכט איז אַ מענטש אומפעאיק צו טראַכטן לאָגיש און ער פאַרלירט זיין פּרצוף. דער אינסטינקט ווערט זיין וועגווייזער.

נישט אָראָפּקייקלען זיך צו דעם אַ מצב איז געווען מיין שטרעבונג פון ערשטן עמיגראַציע־טאָג אָן.

איך האָב גענומען אים קעגנווירקן און אים באַקעמפן מיט דער הילף פון צוויי פאַקטאָרן : אַ מאָראַלישן און אַן אינטעלעקטועלן.

איך האָב זיך געפּירט אין מיינע באַציאונגען צו מענטשן, צום לאַנד, צו דער אַרבעט אַזוי, אַז כ׳זאָל זיך נישט דאַרפן שעמען צו דערציילן אַלץ מיין משפּחה, בפרט מיין טאָכטער. דאָס איז געווען מיין וועגווייזער, מיין שטויס צו געוויסע מעשים און מיין אָפּהאַלט פון אַנדערע. כ׳האָב נישט געוואָלט פאַרמיאוסן דאָס שיינע אין מיין לעבן.

כ׳האָב געטראַכט וועגן אַ זאַך, וואָס מיינס אַ געוועזענע שילעריך און אַ פריינד פון אונדזער משפּחה, צוניע גאַנדלער־סלוצקאַ, האָט אַמאָל געהאַט אויסגעדריקט, זייענדיק ביי אונדז און צוקוקנדיק זיך צו אונדזער האַרמאָניש צוזאַמענלעבן : „איך האָב אַמאָל חשק צו בעטן ראָמען ראָלאַנען ער זאָל אָנשרייבן אַ ראָמאַן, אין וועלכן ס׳זאָל זיין געשילדערט אייער לעבן".

קינדערשע נאַאיווקייט !

דער צווייטער פאַקטאָר איז געווען דער אינטעלעקטועלער. איך האָב נישט געוואָלט אַרויסוואַרפן אויפן מיסטקאַסטן דעם גאַנצן באַגאַזש פון וויסן, וואָס כ׳האָב אין זיך איינגעזאַפּט לייענענדיק די ווערק פון דער קלאַסישער ליטעראַטור און פילאָסאָפיע. ציצעראָס ווערק „וועגן פליכטן" און „וועגן אַלטקייט" האָבן מיר נישט שוין איין מאָל צוריקגעגעבן אַ רואיקייט אין לעבן בעת כ׳בין געווען אין אַ שווערער לאַגע. די סטאָאיקער האָבן מיך אויסגעלערנט קוקן אויף אַלץ מיט שלווהדיקע אויגן. די טיף־מענטשלעכע שאַפונגען פון אַ סאָפאָקלעס האָבן מיר געוויזן, אַז מען קאָן זען די אייגענע האַנדלונגען „סוב ספּעציע

עטערניטאַטיס" (אין אַספּעקט פון דער אייביקייט). דער מאַרקסיסטישער וועלט־באַנעם וועגן דער דיאַלעקטישער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט און אירע געזעצן האָט מיר דערלויבט צו קוקן אָפּטימיסטיש אויף דער צוקונפט.

צי האָב איך געזאָלט דאָס אַלץ אָפּווישן ?

אַזאַ כוח זיך אָנטון האָב איך נישט געקאָנט און נישט געוואָלט. פאַר מיר זיינען ביכער געווען נישט בלויז אַ צייטפאַרטרייב נאָר אַן אָפּפרישנדיקער, שטאַרקנדיקער קוואַל.

איך האָב גענומען נאָך מער לייענען און אויספילן בלויז, וואָס כ'האָב געהאַט אין מיין גייסטיקן באַגאַזש, אָבער גלייכצייטיק אויך האָב איך זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין־וחשבון פון דעם, אַז דורך דעם לינדער איך מיין ווייטיק פון איינזאַמקייט און קירץ די צייט.

ס'האָט מיך פאַרכאַפּט דער ראָמאַן פון ניקאָליי אָסטראָווסקי : „ווי אַזוי האָט זיך געהאַרטעוועט דאָס שטאָל". כ'האָב פאַר זיך געזען נישט בלויז אַ העלד פון אַ בוך נאָר דעם שרייבער אַליין, וואָס איז שוין צו פערצן יאָר גע־ווען אַ סאָלדאַט, צו זעכצן — שווער פאַרוואונדעט און צו איין און צוואַנציק — פאַראַליזירט און בלינד, וואָס האָט אָבער נאָך דריי יאָר שווערן קאַמף פאַרן לעבן געפונען אין זיך מוט צו שרייבן : „ווען אין עצם פון מיין ווען וואָלט נישט געווען טיף פאַרוואָרצלט דאָס געזעץ פון קאַמף ביז צו דער לעצטער מעג־לעכקייט וואָלט איך זיך שוין לאַנג דערשאָסן... אָבער מיר, אַזעלכע ווי איך, וואָס האָבן ליב ביז משוגעת דאָס לעבן, אָט דעם קאַמף, אָט די אַרבעט פון בויען אַ נייע, אַנדערע, בעסערע וועלט, נאָר מיר, וואָס האָבן אויפגעעפנט די אויגן און דערזען דאָס גאַנצע לעבן אַזוי ווי עס איז, קאָנען נישט אַוועקגיין בל־זמן ס'בלייבט כאָטש איין שאַנס".

צוגעקאָוועט צום בעט, בלינד האָט ער געאַרבעט און געשאַפן געזונטע טיפּן, וואָס זיינען געוואָרן באַליבט ביים פאָלק.

צי איז מיר ערגער ווי אָסטראָווסקין ? — האָב איך זיך געפרעגט אין יענער צייט און אויך דאָ געפונען אַ באַקרעפטיקונג פאַר מיין איינשטעלונג לגבי דעם לעבן.

ס'איז לויט מיין אויסרעכענונג געווען חנוכה אויף דער וועלט. כ'האָב גע־טראַכט וועגן היסטאָרישע פאַראַלעלן. ס'איז מיר אויסגעקומען, אַז היטלער איז אַנטיוכוס עפּיפאַנעס, ווי ער ווערט פאַרגעשטעלט דורך דער יידישער טראַדיציע; די יידישע קעמפער אין אַלע אַרמייען האָב איך פאַרגליכן צו די חשמונאים, און דאָס יידישע פאָלק — צו חנהן מיט אירע זיבן זין.

דערווייל פלעגן צו מיר דערגיין אָפּקלאַנגען פון יידישן לעבן אין טאַש־קענט. פון צייט צו צייט פלעג איך לייענען אין דער „פּראַוודאַ וואָסטאָקאַ" אַרטיקלען פון מיכאָעלסן אויף אַלגעמיינע טעמעס. איינמאָל האָט ער דער־מאָנט אין זיינעם אַן אַרויסטריט פאַר דער טאַשקענטער אינטעליגענץ שלום־עליכמס מעשה : „דער זייגער". ער איז מיר געוואָרן אַזוי נאָענט צוליב דעם און כ'האָב אים אָנגעשריבן אַ בריוו.

ס'האָט מיך געוווּנדערט פאַרוואָס ער שפּילט נישט. אויף דער יידישער בי־נע איז אויפגעטראָטן אַננאַ גוזיק אין אַ פּיעסע, צי אַן אָפּערעטע : „פאַר מיר

ביסטו שיין". איך האָב זי נישט געזען, אָבער די מעלאָדיע פון ליד מיטן זעלבן נאָמען איז דערגאַנגען ביז סוקאַק.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך געלייענט, אַז מיכאָעלס פּירט אויף שלום־עליכמס פּיעסע „טוביה דער מילכיקער".

כ׳האָב באַדויערט, וואָס כ׳בין נישט אין טאַשקענט. כ׳וואָלט זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט ווערטפולע מענטשן און עפּעס פון זיי געגנאַשט. דאָס איז פון שטענדיק אָן געווען מיין שוואַכקייט און.. פאַרגעניגן. ס׳האָבן זיך מיר דערמאָנט צוזאַמענטרעפן מיט מאַרעווסקין אין ביאַליסטאָק, בעת ער האָט מיר פאַרגעלייענט זיין דעמלט נאָך נישט פאַרעפנטלעכטע אַרבעט איבער שעקספּירס אויפפאַסונג פון שיילאָקן. זיין אַנאַליז איז געווען אַ טיפער און אַ טעאַטראַלאָגישער. כ׳בין געזעסן, געשוויגן און גלייכצייטיק באַגריפן ווי ווייניק איך ווייס נאָך. ס׳איז מיר אויך קלאָר געוואָרן, אַז דאָס רוב טעאַטער־קריטיקער פאַרנעמט זיך מיט ליטעראַרישער קריטיק און האָט נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר דער סצענישער זייט פון די ווערק.

אין סוקאַק האָב איך געלייענט אַ פּאָר אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונגען וועגן טעאַטער און זכרונות פון אַרטיסטן (יוריעניעוואַ וויערא) און וועגן אַרטיסטן. וועגן יינגסטן סעראַפּיאָניסט (ליטעראַטור־גרופּע) לעוו לונץ שרייבט פעדין, אַז לויט זיין מיינונג איז די מעלאָדיע דער פאַקטאָר, וואָס וועט ראַטעווען דאָס טעאַטער, אויב די ליטעראַטור וועט אים פאַרראַטן, ווייל די מעלאָדיע איז פון סצענישן שטאַנדפּונקט אומשטערבלעך.

אויף אַזאַ אופן האָב איך קאָמפּענסירט מיין ליבשאַפט צו טעאַטער דורך ליטעראַטור. הגם פאַקטיש האָב איך צו טעאַטער כמעט ווי קיין שייכות נישט געהאַט האָב איך אָבער געהאַט אַ ווילן צו זיין אַ באַוווסטזיניקער צושויער.

מיינע פאַראינטערעסירונגען זיינען געגאַנגען אויך אין אַנדערע ריכטונגען. כ׳האָב געלייענט אַן אַרטיקל פון באַרימטן שרייבער פאַר קינדער קאָרניי טשוקאָווסקי וועגן שאַפן אַרבעט־קאָלאָניעס פאַר קינדער, לויטן מוסטער פון אַ. מאַקאַרענקאָ. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן קינדער, וואָס האָבן נישט קיין עלטערן אָדער וועמענס עלטערן קאָנען זיך מיט זיי נישט פאַרנעמען, מחמת מיליטער־דינסט, אַרבעט אאַ"וו. דער געדאַנק איז מיר געפעלן און כ׳האָב אָנגעשריבן אַ בריוו צום פאַסיקן קאָמיטעט, אַז אין סוקאַק שטייט ליידיק דאָס אָפּרו־הויז מיט אַ גרויסן שטח אַרום און מ׳וואָלט דאָ געקאָנט אויפשטעלן אַזאַ קאָלאָניע. איך בין געווען גרייט צו אַרבעטן אין אַזאַ אַנשטאַלט. ווייזט אויס, אַז ס׳זיינען געווען מער פאַסיקע ערטער און מיין פּלאַן איז נישט אָנגענומען געוואָרן.

כ׳האָב זיך אויך געוואַנדן צום טאַשקענטער אוניווערסיטעט מיט אַ פאָרשלאָג איבערצונעמען דאָרט אַ באַשטימטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. דער פאָרשלאָג איז נישט אָקצעפּטירט געוואָרן. איך געדענק שוין נישט אַפילו פאַר וואָס.

ס׳איז פאַר מיין עקספּאַנסיווע נאַטור שווער געווען איינצוזיצן אין דאָרף. מיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז געווען באַשרענקט צוליב דער שפּראַך־

שווערקייט. און דאַך האָב איך דאָ געלייענט אַ פּאָר רעפּעראַטן פאַר דער לע־רערשאַפט און דעם דאַרפס־אַקטיוו, וואָס האָט פאַרשטאַנען רוסיש.

דעם 21־טן יאַנואַר האָב איך געלייענט וועגן לענינען. דער רעפערע־אַט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע דיסקוסיע, מחמת כ׳האָב באַרירט אַקטועלע פּראָ־בלעמען אין שייכות מיט דער מלחמה. ס׳איז מיר אויך אויסגעקומען אויפצו־טרעטן אויף פּעדאַגאָגישע טעמעס.

אַנדערע ביכער, בפרט פּושקין און לערמאָנטאָוו, האָבן מיר אויסגעפילט די גאַנצע פרייע צייט. איך האָב נאָך ביי זיך איצט פאַרשריבענע לידער אָדער פראַגמענטן, וואָס האָבן דעמלט באַזונדערס אָנטשפּראָכן מיינע שטימונגען און איבערלעבונגען פון פערזענלעכן כאַראַקטער.

די רוסישע קלאַסיקער האָבן אָבער אויך אויסגעפילט נאָך אַ ראָלע אין יענער תקופה: איך האָב זיי פשוט געלייענט, כד זיי צו קענען. מיין רוסישע בילדונג איז געווען אַ קנאַפּע. זי האָט זיך אָנגעהויבן פון דער פּראַקטיק. קיין רוסישע שול האָב איך קיין מאָל נישט באַזוכט. ווי וואָלט איך אויסגעזען אין פוילן, ווען כ׳זאָל נישט האָבן געלייענט מיצקיעוויטשס „פּאַן טאַדעאוש״? ס׳זיינען פאַראַן געוויסע שאַפונגען, וואָס מען מוז און דאַרף קענען, בפרט נאָך אַ לערער.

איצט איז געקומען די צייט און כ׳האָב איבערגעלייענט אַלץ, וואָס ס׳איז נאָר געווען אין סוקאַק פון דער רוסישער קלאַסיק. כ׳האָב זיך געטראַכט, אַז אויב כ׳וועל אַרויס לעבעדיק פון דער מלחמה וועל איך זיין רייכער נישט בלויז אין דערפאַרונג נאָר אויך אין בילדונג, אַ זאַך, וואָס איז קיינמאָל נישט פאַראַן צו פיל.

ס׳האָט נישט געפעלט נאָך אַ פאַרטרייב פון צייט: בריוו, לייענען און שרייבן. כ׳האָב קאָרעספּאָנדירט מיט אַלע מיינע פריינד, וואָס זייערע אַדרעסן האָט זיך מיר איינגעגעבן צו קריגן, אָדער דורכן באַגאַרוסלאַנער ביוראָ אָדער אויף אַנדערע אופנים.

כ׳האָב זיך שוין פאַמעלעך צוגעוווינט צו סוקאַק און געהאָפט, אַז כ׳וועל זיך דאָ קאָנען בעסער איינאָרדענען. כ׳האָב געטראַכט וועגן אַראָפּבריינגען אַהער מאַניען מיט גרשונען. גרשון איז געווען אַ צייט מאָביליזירט אין אַלמאַ־אטא און נאָכדעם, ווי ער האָט זיך באַפרייט איז שוין געווען באַשלאָסן, אַז זיי קומען אַהער.

ס׳האָט געדויערט אַ שטיקל צייט ביז כ׳האָב באַקומען פון סעלסאָוויעט אַ „טרעבאָוואַניע״ ד. ה. אַן אויספאָדערונג צו קומען אַהער. אַנדערש וואָלטן זיי נישט געקאָנט פאַרלאָזן די אַרבעט־פלעצער דאָרט, ווו זיי זיינען געווען, אין בוכאַראַ.

ענדלעך, דעם עלפטן מאַי, האָב איך באַקומען דאָס פּאַפּירל און געווען איבערפולט מיט פרייד, וואָס מיין איינזאַמקייט וועט זיך ענדיקן.

## 29. די זון אין נאָוואָסיבירסק גייט אויף ביינאַכט

געשען איז אָבער אַנדערש. ווידער איז מיר אויסגעקומען צו „ליקווידירן" אַן איינגעזעסן אָרט און זיך לאָזן אין נייע מקומות.

דעם 12־טן מאַי האָט מען מיר געבראַכט אַ „פּאָוויעסטקע" צו שטעלן זיך צום אָרגנס אין פּאַרקענט.

קיין גרויסע צוגרייטונגען צו דער רייזע האָב איך נישט געדאַרפט מאַכן. ס'איז געווען ווי אין באַקאַנטן לאַטיינישן שפּריכוואָרט : „אָמניא מעאַ מעקום פּאָרטאָ" (מיין גאַנץ פאַרמעגן טראָג איך מיט זיך). די פּאָר ביכער, וואָס כ'האָב נישט געקאָנט נעמען, מחמת וואָג, האָב איך איבערגעלאָזן ביי דער משפּחה מאַכטוס, אַ פּאָר ביכער, העפטן און וועש האָב איך אַריינגעלייגט אין אַ זעקל, קיין אַנצוג האָב איך נישט געהאַט, און אַזוי האָב איך זיך דעם דרייצנטן מאַי אָפּגערעכנט מיט דער שול און זיך געלאָזט קיין פּאַרקענט.

קיין באַגלייטערס האָב איך נישט געהאַט. אַ פּאָר פריינדלעכע האַנט־דרוקן און זיי געזונט סוקאַק ! איך בין אַוועקגעפאָרן מיט דער איבערצייגונג, אַז מער וועל איך אַהער זיך נישט אומקערן כאָטש ס'וועט מיר נישט איין מאָל קומען אויפן געדאַנק דער ליבער מירדזשאַמאַלאָוו, וואָס פלעגט מיך אָפט פאַר־בעטן צום „פּלאָוו" און איז טאַקע אַליין געווען אַ מייסטער אין צוגרייטן אים. אַמאָל ווילט זיך וויסן, וואָס איז געשען מיט כאַשימאָוון. ער איז באַשטימט גע־גאַנגען אויפן פראָנט, נאָר צי איז ער צוריקגעקומען ?

צו באַטראַכטונגען איז קיין צייט נישט געווען. נאָר פאַרמיטאָג בין איך געווען אויף אַ פרישער קאָמיסיע און ווי שטענדיק האָב איך זיך נישט באַ־קלאָגט אויף גאָרנישט. ביזן אָוונט האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט אין פּאַרקענט און ערשט דעמלט האָבן מיר באַקומען עטלעכע וועגענער מיט קאָלכאָזנע פערד און זיך געלאָזט קיין טאַשקענט.

די ערשטע זאַך, וואָס מ'האָט געטון, נאָכן אָנקומען קיין טאַשקענט, איז געווען די אַזוי גערופענע „סאַן־אָבראַבאָטקא". מיר זיינען געגאַנגען אין באָד, די זאַכן אונדזערע האָט מען גענומען צו דעזינפעקציע. מען האָט באַטראַכט די קערפּער־ריינקייט און ערשט נאָכדעם האָט מען אונדז געפירט צום וואָק־זאַל. אָן אַ „סאַן־אָבראַבאָטקא"־בעשטעטיקונג האָט מען אין וואָקזאַל נישט אַריינגעלאָזט און קיין בילעטן נישט פאַרקויפט. די דאָזיקע מאָסמיטלען פלעגן שטאַרק אָפּגעהיטן ווערן במשך פון אַלע מלחמה־יאָרן. מעגלעך, אַז דאָס איז איינער פון די פאַקטאָרן, פאַרוואָס עס זיינען אין דער צייט פון מלחמה קיין עפּידעמיעס נישט אויסגעבראָכן.

באַרנאַכט האָט מען אונדז דערלאַנגט אַן עשעלאָן. דאָס איז געווען אַ פּאַסאַזשיר־צוג מיט שלאָף־פּלעצער פאַר יעדן איינעם. ס'איז אונדז אויסגעקומען, אַז דאָס איז אַ צו גרויסער לוקסוס.

די פּאַספּאָרטן האָט מען אונדז צוגענומען אין פאַרקערט און דער עשעלאָן־קאָמענדאַנט האָט זיי געפירט מיט זיך, כדי איבערצוגעבן זיי אויף די ערטער, וווּ יעדער איינער וועט זיך געפינען. אָבער וווּהין פאָרן מיר?

ס'איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז כ'פאָר נישט אין דער אַרמיי. די מאָבילִיזאַציע איז דאָך דורכגעפירט געוואָרן דורכן „וואָיענקאָמאַט".

איינער האָט געזאָגט, אַז מיר דאַרפן פאָרן קיין אָמסק, אַן אַנדערער אַז קיין איירצפּע, נענטער צום פראָנט. אין וואָס פאַר אַ כאַראַקטער, וואָס וועלן מיר דאַרפן טון — אויף דעם האָט קיינער אונדז קיין באַשייד נישט געגעבן.

איך האָב דערווייל געמאַכט אַ צוריקרייזע. דעם זיבעצנטן זיינען מיר פאַרבייגעפאָרן אַלמאַ־אַטאַ, געלאָזט זיך אויף סעמיפּאַלאַטינסק און ס'איז צום ערשטן מאָל געפאַלן דאָס וואָרט: איוואַנאָוואָ. אַהין כלומרשט זאָלן מיר פאָרן.

מיר זיינען אָנגעקומען קיין רובצאָווקאַ אין אַלטייער לאַנד. כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז דער כאַרקאָווער טראַקטאָרן־זאַוואָד געפינט זיך דאָ און אויב אַזוי דאַרף זיך דאָ געפינען זאַיאַס שוואָגער און אפשר טאַקע זאַיע מיט באָריסן אויך. דערווייטערן זיך פון עשעלאָן האָב איך נישט געקאָנט, וויפל צייט ער וועט דאָ שטיין האָבן מיר נישט געוווּסט און דעריבער האָב איך נישט געקאָנט דערגיין אויף וויפל מיין השערה איז אַ ריכטיקע.

נאָך אַ וואָך רייזע זיינען מיר אָנגעקומען קיין באַרנאַאול, דעם צענטער פון אַלטייער לאַנד. ס'איז געווען שוין די צווייטע העלפט מאַי. דער טויער פון סיביר האָט אונדז געוויזן אַ גרוי־פאַרוואָלקנטן הימל, מיט שניי באַדעקטע פעלדער און אַ קאַלטע לופט. די הייזער, וואָס מיר האָבן געזען פון וואַגאָן־פענצטער, זיינען דאָ געדעקט מיט האָלץ און שטרוי.

די געאָגראַפישע באַגריפן האָבן איצט באַקומען פלייש און ביין. אַפילו וויסנדיק די פאַרשיידענע מרחקים אין קילאָמעטערס האָט מען נישט קיין באַגריף, ביז מ'איז נישט אויפן אָרט און מ'קאָן זיך געבן אַ זאָג: מען דאַרף פאָרן אַזויפיל און אַזויפיל מעת־לעת.

צווישן באַרנאַאול און נאָוואָסיבירסק, וווּ ס'ענדיקט זיך די ליניע טורק־סיב, געפינט זיך אַ קליינער יישוב טשערעפּאַנאָוואָ. פאַר קיינעם פון מיינע רייזע־חברים האָט דער דאָזיקער נאָמען נישט געזאָגט גאָרנישט. ביי מיר איז ער געווען פאַרבונדן מיט מיין פאַרמלחמהדיקער אַרבעט. מיט די „טשערעפּאַנאָווער צעכ" האָט עס זיך געטומלט אין דער לערער־צייטונג, ווייל די עלטערן האָבן געגעבן אַן אַקטיווען חלק אין לעבן פון שול, געהאָלפן מיט אַלץ מעגלעכן. זיי האָבן געדינט ווי אַ מוסטער. און אַ טראַכט געבן: דער גאַנצער „אַמאָל" איז פאַרגעקומען מיט עלף חדשים צוריק! ...

דער צוג לויפט און ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ בייטן זיך שטעט, געגנטן, קלימאַטן. אַ מאָדערנע שטאָט איז נאָוואָסיבירסק. אויף די אָמסקער גאַסן, דורך וועלכע מען האָט אונדז געפירט ווידער באָדן, זיינען די טראָטואַרן געווען

פון ברעטער. סוויערדלאָווסק האָט אונדז באַגעגנט מיט אַ פּראַקטיקער נאַכט, מיר האָבן איבערגעשריטן די אוראַלער בערג, דעם טייך קאַמע און מיר געפינען זיך אין אייראָפּע.

אייראָפּע פרייט אונדז אָבער נישט.

כל זמן מיר זיינען געווען אין אַזיע האָבן מיר געלעבט אין אַ וועלט פון שלום, פון בויאונג, פון אַרבעט. אָפּקלאַנגען זיינען דערגאַנגען, בריוו זיינען אָנגעקומען פון פראָנט, אָבער דרויסנדיק האָט אַלץ אויסגעזען נאָרמאַל.

פאַר מיר אַליין זיינען געוויסע זאַכן געווען אינטערעסאַנט און ניי. אַט למשל אַ מעשה מיט אַ זייגער.

אויף אַלע באַנען פאַרפליכטעט די מאָסקווער צייט. אין נאָוואָסיבירסק צ. ב. האָט שוין געשיינט די זון, ווען מיר זיינען אָנגעקומען צו דער סטאַציע. אַ שטאָטישער זייגער האָט געוויזן זעקס דעם זייגער. אָבער דער אַנטקעגנדיקער וואָקזאַל־זייגער האָט געוויזן אויף צוויי ביינאַכט. דאָס הייסט, אַז אין מאָסקווע וועט די זון אויפגיין אין פיר שעה אַרום.

דעמלט איז מיר געקומען אויפן געדאַנק אַן אידיי, אַז ביי אַן אַנטוויקלטער טעכניק פון פליען, קאָן איך זיך אַריינזעצן אין נאָוואָסיבירסק אין אַן אַוויאָן אַרום זעקס אינדערפרי, פליען דריי שעה און אָנקומען קיין מאָסקווע אַ זייגער פינף אינדערפרי ד. ה. מיט אַ שעה פריער איידער כ'בין אַרויסגעפלויגן.

אויף די מערסטע סטאַציעס פלעגט דער צוג בלייבן שטיין און חברה זיינען אַראָפּגעגאַנגען קויפן פּראָדוקטן. אמת, מיר זיינען געווען פאַרזאָרגט מיט שפּייז, אָבער דער פסיכאָז פון קויפן איז אַריין אַזוי טיף אין די געוווינהייטן פון יענער צייט און דער שרעק פאַר אויספעלן איז געווען אַזוי גרויס, אַז צי מ'האָט געדאַרפט, צי נישט, האָט מען געקויפט.

מען דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, ווער עס זיינען געווען די מאָביליזירטע. דאָס איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן ערשט שפּעטער. אין יענער צייט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיר פאָרן אין דער אַרמיי. פאַקטיש האָט מען אונדז אָבער מאָביליזירט אויף אַרבעט פאַרן פאַלקס־קאָמיסאַריאַט פון עלעקטראָסטאַציעס, וועמענס קאַדרען־אָפּטייל האָט אונדז שוין פונאַנדערגעשיקט אין די אונטערנעמונגען, וואָס זיינען געווען אונטער דער אָנפירונג פון דאָזיקן קאָמיסאַריאַט.

פון וואַנען האָבן זיך גענומען צווישן אונדז יונגע, געזונטע מענטשן, וואָס זיינען נאָך אין דער אַרמיי נישט געווען?

אַ טייל זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אויף זיך געריכט־אורטיילן. זיי האָט מען אין דער אַרמיי נישט גענומען. זיי זיינען געווען אַן אומגעוווינטשטענער עלעמענט דאָרט, ווו ערלעכקייט, איבערגעגעבנקייט און פרייוודשאַפט זיינען געווען די אומבאַדינגט נויטיקע אייגנשאַפטן.

האָט מען זיי מאָביליזירט צו אַרבעט און אַזוי אַרום געשאַפן פאַר זיי געזעלשאַפטלעכע ראַמען פון העלפן דעם לאַנד.

אויסער די עלעמענטן, וואָס האָבן זיך דערוואָרבן אַ מיאוסן שם, זיינען אויך געווען מאָביליזירט סאָוויעטישע בירגער, וואָס האָבן זיך געפונען אויף די עוואַקואירטע געביטן, אָבער וועמענס היימען זיינען געווען אין געגעבענעם

מאָמענט אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. מען האָט זיי נישט גענומען אין דער אַרמיי מחמת מען האָט זיי נישט געקענט און נישט געוווּסט, פאַרוואָס זיי האָבן זיך נישט פריער מאָביליזירט.

צו דער דריטער קאַטעגאָריע מאָביליזירטע האָבן געהערט די „זאַפּאַד־ניקעס", וואָס זיי האָט מען אפילו באַפרייט פון דער אַרמיי.

ווען מיר זיינען אַריינגעקומען קיין אייראָפּע, אין קיראָוו (וויאַטקאָ), האָבן מיר אין די גאַסן געזען מלחמה־אינוואַלידן. די פענצטער אויפן וואָקזאַל זיינען געווען פאַרקלעפּט מיט פּאַפּירן. מען האָט אַהין נישט אַריינגעלאָזט, כדי אויסצומיידן אַן אָנזאַמלונג פון מענטשן אויף איין אָרט, און גראָד אויף אַזאַ אָרט, וואָס איז אַ ציל פאַר די פיינטלעכע אַוויאָנען.

מיר האָבן וואָס ווייטער, אַלץ אָפטער זיך געמוזט אָפּשטעלן און דורכ־לאָזן סאַניטאַרע צוגן אָדער עשעלאָנען מיט אַמוניציע.

בעת אונדזער רייזע האָבן מיר געזען צענדליקער עשעלאָנען מיט באַ־וואָפענונג פון סאָוויעטישע פאַבריקן, עסקאָרטירט דורך סאָוויעטישע סאָלדאַטן. וואָס בעענטער צום פראָנט איז אונדז שווערער געוואָרן צו פאָרן. מיר האָבן געקאָנט אָפּשטיין אויף אַ סטאַציע צו 12-10 שעה און אַפילו אַ גאַנצן מעת־לעת.

# 30. אין עשעלאָן פון מאָביליזירטע.

אין זין פון פּראָוויאַנטן איז אין אייראָפּע געווען ערגער ווי אין מיטל־אַזיע אָדער אין סיביר. דער באָדן אין די געגנטן פון קיראָוו, מאָלאָטאָוו (פּערם) געהערט נישט צו די בעסטע. דאָס וואָס אויפן אָרט איז יאָ דאָ, פּיש, האָט פּאַר אונדז קיין ווערט נישט געהאט, מיר האָבן זיי נישט געהאַט ווו צו קאָכן. מען האָט געזען זייער ווייניק מענער, ווייל די גרויסע מערהייט איז געווען מאָביליזירט אין דער אַרמיי. אויסערדעם איז אונדז נישט אויסגעקומען צו שטיין אויף סטאַציעס, וואָס זיינען נאָענט צו קאָלכאָזן. מיטן וויכטיקסטן אָבער זיינען מיר געווען פאַרזאָרגט.

האָב איך זיך טאַקע, כמעט, ווי נישט גערירט פון מיין געלעגער אויפן צווייטן שטאָק און אַריינגעכאַפּט איין בוך נאָכן אַנדערן. כ׳האָב דעמלט איי־בערגעלייענט, און א טייל פּראַגמענטן פאַרגעלייענט, פון ענגעלס: דיאַלעקטיק פון דער נאַטור.

מיין מצב איז געווען אַ גוטער: כ׳האָב זיך געהאַט צייט אויסצורוען, אויסצושלאָפן, צו שרייבן. די חברים פלעגן מיך דערמונטערן צו שרייבן און צו נאַראייביקן אונדזער אָדיסייע. איך ווייס נישט צו ווען פון זיי די דאָזיקע שורות וועלן דערגיין, איך בין זיי אָבער דאַנקבאַר פאַרן צוטרוי צו מיר און צו מיין שרייבן. אין יענע טעג, ווען מען איז געווען צווישן פרעמדע, איז אַ גוט וואָרט פון אַ חבר געווען אַ שיינע מתנה.

דערצו איז ביי מיר נאָך צוגעקומען אַ געוויסע מאָראַלישע באַפרידיקונג. ווען איך בין צום ערשטן מאָל געפאָרן קיין מיטל־אַזיע בין איך געווען אַ פּליט, כ׳בין געווען אַן אַנטלאָפענער. נישט וויכטיק זיינען די אַלע אומשטענדן, וואָס האָבן דערצו גורם געווען. ביי אַ זייטיקן מענטשן בין איך געווען כמעט אַ דעזערטיר, אין מיינע אייגענע אויגן אין אַ געוויסער מאָס אויך. איך בין געלאָפן פון מערב ראַטעווען מיין לעבן, בעת אַנדערע זיינען געגאַנגען אויף מערב זייער לעבן איינצושטעלן.

איצט האָט מיך מאָביליזירט די מיליטערישע מאַכט און אויף איר חשבון טראַנספּאָרטירט, וואַרשיינלעך אַהין, ווו כ׳בין נויטיק. כ׳האָב געקאָנט איצט קוקן גלייך אין די אויגן יעדער באַגעגנטער פּרזי, ווענעמס מאָן איז נישט אין דער היים. אָט די מאָראַלישע באַפרידיקונג האָט מיר צוגעגעבן האָפענונג, אַז איך וועל זען מיינע נאָענטע: כ׳טו דאָך עפּעס צוליב דעם.

ווי גוט ס׳איז אונדז דעמלט געווען, האָבן מיר דאָך פאַרשטאַנען, אַז

אונדז שטייט פאַר אַ שווער לעבן און מיר האָבן געוואָלט וויסן וווהין מיר פאָרן און נאָך וואָס.

מיר האָבן זיך אויך דערוווסט.

מיט אונדז איז געפאָרן אַ פאָרשטייער פון פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר עלעקטראָסטאַציעס. לכתחילה האָט ער זיך געהאַלטן זייער אָפיציעל און די גאַנצע רייזע אַרומגעהילט אין אַ שלייער פון סודותדיקייט. וואָרשיינלעך האָט ער דערצו געהאט זיינע מאָטיוון. במשך דער רייזע האָט ער זיך דער־נעענטערט צו עטלעכע מענטשן און בהדרגהדיק איז דאָס געוואָרן אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד.

דער סוד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אַ גרויסער טייל, אויב נישט אַלע באַרקאַמאַטן (מיניסטעריומס) האָבן געאַרבעט פאַר די מלחמה־באַדערפענישן. די באַדערפענישן זיינען געווען זייער גרויס. די צאָל אַרבעטער איז אָבער געוואָרן קלענער, ווייל מיליאָנען מענטשן זיינען מאָביליזירט געוואָרן און האָבן זיך געפונען אין דער אַרמיי. ס'האָט זיך געשטעלט אַ פראַגע פון אַרבעטס־כּוחות, אָן וועלכע דער פראָנט וואָלט נישט געקאָנט באַקומען דאָס נויטיקסטע. דעמאָלט איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס וועגן שאַפן אַרבעט־באַטאַליאָנען, אָדער ווי ס'האָט זיך שפּעטער גערופן אַן אַרבעט־אַרמיי.

מיר זיינען צוגעטיילט געוואָרן צום דערמאָנטן נאַרקאָמאַט און פון טאַשקענט אָן זיך געפונען אויף זיינע קעסט און צו זיין דיספּאָזיציע. דער קאַדרען־אָפּטייל האָט אונדז פאַרטיילט פאַר פאַרשיידענע אונטערנעמונגען. אונדזער טראַנספּאָרט איז געווען באַשטימט פאַר דער איוואַנאָווער געגנט. אין איוואַנאָוואָ ערשט האָט מען אונדז געזאָלט פאַרטיילן אין קלענערע גרופּעס און שיקן אין די פאַבריקן אָדער אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געהערט צום דאָזיקן נאַרקאָמאַט.

נאָך דריטהאַלבן וואָכן פאָרן אין באַן זיינען מיר אָנגעקומען קיין איוואַ־נאָוואָ. דאָס איז דער גרעסטער צענטער פון טעקסטיל־אינדוסטריע אין ראַטן־פאַרבאַנד, מיט אַ טראַדיציע פון אַ סך צענדליק יאָרן. אויסער מאַנופאַקטור געפינען זיך דאָרט נאָך א ריי מעטאַלורגישע זאוואָדן, א כעמישע אינדוסטריע א״אַ״וו. דאָ איז אין 1905 יאָר פאָרגעקומען אַן אויפשטאַנד פון דער אַרבעטער־שאַפט, וואָס איז פאַרבונדן מיטן נאָמען פון באַרימטן סאָוויעטישן קאָמאַנדיר מ. וו. פרונזע. אַ שטאָט פון איבער דריי הונדערט טויזנט איינוווינער מיט אַ האַלבן טוץ הויכשולן, אַ מעדיצינישן, ענערגעטישן, כעמישן און אַנדערע אינ־סטיטוטן, מיט אַ הערלעכן טעאַטער, קינאָס און פאַרקן — האָט געהאַט פאַר אַלעמען אַ צוציאונגס־קראַפט. ס'איז אָבער נישט געווען באַוווסט, ווער עס וועט דאָ פאַרבלייבן און וועמען ס'וועט אויסקומען צו פאָרן ווייטער.

דערוויל זיינען מיר פאַרפאָרן אויף אַ זייטיקער באַן־ליניע און זיך דערוווסט, אַז מ'וועט דאָ שטיין אַ היפּשע פאַר שעה.

דער עולם האָט זיך גענומען ראַזירן, פוצן, בייטן די מלבושים און גרייטן צו גיין אין שטאָט אריין. אַ קלייניקייט!

אויך איך האָב זיך געגרייט צו באַזוכן די שטאָט, אָבער וואָס איבער־צייטן האָב איך נישט געהאַט. כ'האָב זיך נישט גוט געפילט. מיין גרויע

וויאַטרוווקע און הויזן אַרייגעלייגטע אין וואַלענע שטילפֿן, ווי פֿאַר די סוקאַקער בלאַטעס, האָבן מיך זשענירט, נישט ווייל כ׳האָב געוואָלט אויסזען ווי אַן „אַרביטער עלעגאַנטיאַרום״, נאָר ווייל כ׳האָב פֿיינט, מען זאָל קוקן אויף מיר מיט באַדויערן אָדער רחמנות. בכלל האָב איך זיך נישט ליב אויסצוטיילן פֿון אַרומיקע מענטשן.

און אין איוואַנאָוואָ זיינען מענטשן געגאַנגען שיין אָנגעטון. האָסט געקאָנט טרעפֿן פֿרויען מיט היט, שיינע שיך און עלעגאַנטע קליידער און מענער אין קאָסטיומען מיט קעלנער און קראַוואַטן.

דעם גרעסטן איינדרוק האָט אָבער אויף מיר געמאַכט אַ קיאָסק, וווּ מען האָט פֿאַרקויפֿט... בלומען. אָך, ווי אַזוי האָב איך אין דער רגע געוואָלט קויפֿן אַ פּאָר רויזן און האָבן זיי וועמען צו ברענגען!

אויב מענטשן קויפֿן בלומען איז א סימן, אַז דאָ איז פֿאַראַן אַ נאָרמאַל לעבן, אז מען האָט היימען, פֿריינט, באַקאַנטע. ס׳איז שווער איבערצוגעבן, ווי דער קליינער פּרט פֿון אַ גרויסער אינדוסטריעלער שטאָט האָט אויף מיר געווירקט.

מיט אַ פּאָר חברים בין איך אריין אין קינאָ. אויך דאָס האָט אַרויסגערופֿן אין מיר א גאַנצע ריי מיט געדאַנקען און רעמיניסצענצן.

שוין א יאָר צייט, כמעט, ווי כ׳בין אין קינאָ נישט געווען. זייטן אויסברוך פֿון דער מלחמה. איין מאָל נאָר, אין ביעלגאָראָד. דאָס איז געווען בעת מ׳האָט געוויזן „דעם גרויסן וואַלס״, וואָס איז ביי מיר געווען פֿאַרבונדן מיט פּערזענלעכע זכרונות: דעם דאָזיקן פֿילם האָב איך געזען צוזאַמען מיט מיין פֿרוי און אָפֿט אים דערמאָנט. כ׳בין געגאַנגען נישט זען דעם פֿילם, נאָר אַרויסרופֿן באשטימטע איבערלעבונגען.

וואָס פֿאַר אַ פֿילם כ׳האָב דעמלט געזען אין איוואַנאָוואָ געדענק איך נישט. דאָס איז אויך נישט וויכטיק. דעצידירנדיק איז געווען דער פֿאַקט פֿון זיין אין א קולטור־לאָקאַל, ווי אין א נאָרמאַלער צייט, פֿילן דעם אָטעם פֿון א גייסטיק לעבן און שאַפֿונג און האָבן דעם באַוווסטזיין, אַז דאָס לעבן גייט ווייטער.

אָפּגעפֿרישטע זיינען מיר צוריקגעקומען פֿון שטאָט מיטן טראַמוויי און זיך דערוווסט פֿון אונדזער וואַגאָן־סטאַראָסטע, אַז אונדזער גרופּע פֿאָרט ווייטער, קיין גוש־כרוסטאַלני.

מיר האָבן אָפּגעגעסן אַ וואַרעם געקעכטס און אַריין אין די וואַגאָנען. חברה האָט זיך געטיילט מיט איינדרוקן פֿון דער שטאָט. ס׳זיינען געווען אַ פּאָר פּיפּיקע בחורים, וואָס האָבן שוין באַוויזן צו זיין אפֿילו אויף צוויי באַזאַרן.

איך האָב באַוווּנדערט זייער שנעלע אָריענטאַציע און זייער פֿעאיקייט פֿון צופּאַסן זיך צו נייע באַדינגונגען. פֿאַר זיי בין איך געווען אויסגעזאָרגט: זיי וועלן זיך שוין אַן עצה געבן און נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן.

אָבער זיי מקנא צו זיין האָב איך קיין יסוד נישט געהאט. איך בין געווען איבערצייגט, אַז מיך שיצט דער סיסטעם גופֿא און ער וועט מיך נישט לאָזן פֿאַלן. דאָס האָב איך טאַקע אויפֿגעקלערט מיינע וואַגאָן־חברים, וואָס זיינען

געוועזן באַהערשט פון אַ פּאַניק־שטימונג, ווי נאָר זיי האָבן זיך געפונען אין אייראָפּע און דערשמעקט אַ פאַרערגערונג פון דער אַלגעמיינער לאַגע.

די רייזע האָט אונדז שטאַרק דערגעגנטערט. אין די בין־השמשותן, ווען דער צוג האָט אונדז געטראָגן איבער די ברייטע שטחים פון סיביר און מזרח־רוסלאַנד פלעגן מיר זיך צונויפדריקן אויף די צווייי אונטערשטע בענק און זינגען. עס איז כמעט קיין ליד נישטאָ, וואָס מיר זאָלן נישט געווען האָבן געזונגען. יעדער האָט אויסגעזונגען זיין בענקשאַפט צו די יונגע יאָרן, צו זיינע אייגענע. יעדע מעלאָדיע האָט אַרויסגערופן ביי אונדז זכרונות און נאָכן אויסזינגען אַ ליד איז מען נישט איין מאָל אַריבער צו דערציילן זכרונות און אויף אַזאַ אופן האָבן זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט די פאַרגאַנגענע לעבנס פון מיינע מיטרייזנדיקע, זייערע אינטימע שטרעבונגען און זייערע גייסטיקע אינטערעסן.

איינער איז געווען אַ שאוולער, אַ צווייטער אַ פריזירער פון ראדון, א דריטער א בוכהאַלטער פון טאַרנאָפּאָל, אַ פערטער א ישיבה־בחור פון ביאַ־ליסטאָק, אַ פינפטער, אַ קאַרעצער, האָט קוים געהאַט געענדיקט די שול און איז נאָך געווען אַ יינגל, דאָס זעלבע אויך אַ זון פון א ראַוונער בלעכער, ווע־מען די מלחמה האָט געשטערט זיך צו נעמען צו אַ פאַך. דער זיבעטער איז געווען אַ בחור פון אוקראַינע.

איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז מיר וועלן זיך האַלטן צוזאַמען אויך אויפן אָרט פון דער אַרבעט. אין אַ קאָלעקטיוו, ווו ס'איז פאַראַן אַ קעגנזיי־טיקער צוטרוי און חברשאַפט העלפט איינער דעם צווייטן אַרויס. אפילו אַ קליי־ניקייט קאָן שפּילן אַ ראָלע.

פון איוואַנאָוואָ ביז גוש האָט אונדזער רייזע געדויערט דריי מעת־לעת. אין נאָווקי אָפּגעשטאַנען א טאָג מיט א נאַכט, אין וולאַדימיר האָבן מיר שוין פאַרלאָרן דעם חשבון פון צייט.

צוויי פון אונדזער גרופּע האָבן נישט געוואַרט ביז מיר וועלן דערפאָרן אויפן אָרט, נאָר פון נאָווקי האָבן זיי גענומען אַ פּאַסאַזשיר־צוג און גלייך גע־פאָרן קיין גוש. געוואָלט זיך פריער אַרומקוקן און עוועטועל פאַרכאַפּן אַ מער פּאַסיקן פּאָסטן.

דעם צווייטן יולי, גאַנץ פרי, נאָך דריי וואָכן שלעפּן זיך — ביי אַן אַכט טויזנט קילאָמעטער — זיינען מיר אָנגעקומען קיין גוש־כרוסטאַלני.

באַלד האָבן מיר באַקומען אַ צוג צו דעם צענטראַלן „אוטשאַסטאָק" (אָפּ־שניט) פון דער טאָרף־אונטערנעמונג. דאָ האָבן מיר זיך קודם־כל אויסגעבאָדן, דורכגעמאַכט אַ דעזינפעקציע און באַקומען אַ גוטן פרישטיק אין אַ מיט גע־שמאַק איינגעאָרדענטן עסצימער. דעם זעלבן טאָג זיינען מיר נאָך אַ מאָל דורכ־געגאַנגען אַ מעדיצינישע קאָמיסיע און דער דאָקטאָר האָט מיך באַשטימט פאַר אַ טרוקענער און נישט שווערער אַרבעט.

מען האָט אונדז פאַרטיילט אין גרופּעס. מיין גרופּע פון 37 מאַן איז אַי־בערגעשיקט געוואָרן אויפן אַכטן אוטשאַסטאָק. צומאָרגנס איז ביי אונדז געווען אַ פרייער טאָג. מיר האָבן זיך באַקענט מיט די באַדינגונגען.

אַ סטאַלאָווע איז געווען אַ שיינע. צוויי מאָל אין טאָג האָבן מיר דאָרט באַקומען וואַרעם עסן, מינימום צו צוויי שפּייזן און 800 גראַם ברויט אַ טאָג. הילצערנע באַראַקן מיט בעטן און נאַכטקעסטלעך פאַר יעדן באַזונדער האָבן אונדז געדינט פאַר דירות.

באַלד האָט מען מיך געוואָלט באַשטימען פאַר אַ בריגאַדיר, נאָר כ׳האָב זיך אָפּגעזאָגט נישט ווילנדיק, צי כ׳וועל מיט מיין אַרבעט קאָנען זיין אַ מוסטער פאַר אַנדערע. ווייזט אויס, אַז מיינע חברים האָבן געהאַט אַן אַנדער מיינונג וועגן אַ בריגאַדיר. לויט זיי דאַרף ער דווקא גאָרנישט טון און דער קאָרעצער בחור האָט מיט פרייד איבערגענומען די פונקציע.

צום סוף האָב איך געמאַכט אַ סך־הכל וויאַזוי מיינע זיבן חברים האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די נייע אַרבעטס־באַדינגונגען און אַט זיינען די באַשעפטיקונגען זייערע באַלד, ווי זיי זיינען געקומען אויף די ערטער: אַ פריזירער, אַ מאַשיניסט־געהילף, אַ בוכהאַלטער, אַ בריגאַדיר, אַ קאָנדוקטאָר פון דער שמאַלער באַן, אַ שלאָסער און אַ... קראַנקער. דער שאוולער יונגערמאַן האָט כלומרשט געקרענקט און פאַרנדיק צו דאָקטוירים אין גוש דערווייל געמאַכט געשעפטן אויפן באַזאַר.

איצט האָב איך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דער פריזירער און דער בוכהאַלטער האָבן געכאַפּט דעם פּאַסאַזשיר־צוג.

## 31. אויף טאָרף-פעלדער

נאָך עטלעכע טעג האָט זיך דעצידירט אויף מיין גורל. די אָנפירונג פון דער טאָרף־אונטערנעמונג, וואָס האָט זיך געצויגן אויף הונדערטער קוואַדראַט־קילאָמעטער און אַרומגענומען איבער אַ צענדליק אַרבעטער־ישובים מיט טויזנטער מענטשן, האָט זיך זייער שטאַרק געבויטיקט אין ביוראָ־אַרבעטער. דער קאָנטינגענט אַרבעטער פון דער אונטערנעמונג איז באַשטאַנען פון ספּעציאַליסטן און פון מאָביליזירטע, צווישן וועלכע די מערהייט זיינען געווען אוזבעקן, וואָס האָבן קיין רוסיש נישט געקענט. אַפּרייסן מענטשן פון דער נאָרמאַלער אַרבעט און איבערפירן אין ביוראָ איז געווען אַ שאָד. אָבער אַז ס'איז אָנגעקומען אַ נייער טראַנספּאָרט און מ'האָט דאָרט געפונען אַ פּאָר ספּעציאַליסטן, אָדער פּאַסיקע מענטשן פאַרן ביוראָ, האָט מען זיך דערפרייט.

איך בין פון דאָזיקן עסק נישט געווען שטאַרק צופרידן. ווי אַ ביוראָ־אַרבעטער האָב איך געהאַט רעכט נאָר אויף 400 גראַם ברויט און איין מאָלצייט אין דער סטאָלאָווע. כ'האָב זיך אָבער געזאָגט, אַז צום האַרצן וועל איך עס זיך נישט נעמען. איך בין נישט דער איינציקער, וואָס לעבט פון אַזאַ „פּאַיאָק" (צוטיילונג). מיין כלל איז געווען, אַז „נאַטשאַלסטוואָ לוטשע זנאַיעט" (די אָנפירערשאַפט ווייסט בעסער) ד. ה., אַז די וואָס טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַן אונטערנעמונג האָבן דאָס רעכט צו דיספּאָנירן מיט מענטשן. זיי האָבן פאַר די אויגן די גאַנצקייט, בעת איך טראַכט נאָר וועגן מיין באַקוועמלעכקייט.

דעם זעלבן טאָג אָבער איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג צו מאָביליזירן אויף אַרבעט אַלע ביוראָ־אָנגעשטעלטע. מ'האָט געמוזט צונויפנעמען דעם טאָרף און אים אויסלייגן אין שטאַבעלס איידער ס'קומען רעגנס.

טאָג־איין טאָג־אויס בין איך געגאַנגען אין דער פרי אויפן פעלד. דעם טאָרף האָבן מיר געטראָגן אין קיישלעך. די אַרבעט איז נישט געווען קיין שווערע, אָבער דאָס כסדרדיקע בייגן זיך ביים אָננעמען דעם קויש, און דאָס צוטראָגן צום שטאַבל, האָט מיך שטאַרק אויסגעמאַטערט. מען דאַרף זיין געווינט צו דער דאָזיקער אַרבעט. אַ גאַנצע וואָך האָב איך אַרויסגעקוקט אויף דעם זונטיק, כדי זיך אויסצושלאָפן אַ ביסל און פאַרן קיין גוש אויפן באַזאַר.

ס'איז געקומען דער דערוואַרטעטער טאָג. כ'בין געקומען קיין גוש און געהאַנדלט אַ מציאה אַ פּאָר הויזן. אויס גרויס שמחה האָב איך דעם מלבוש „באַגאַסן" מיט אַ האַלבן ליטער מילך, אַ גלאָז שוואָמען, אַ פּאָר אוגערקעס און צוויי געלעבטע.

אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען און אויסגעקוקט אויפן באַזאַר וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט, בין איך געגאַנגען זען די שטאָט. זי איז נישט גרויס, האָט אַ פּאָר גלאָז־פאַבריקן און עטלעכע שיינע גאַסן, וואָס באָדן זיך אין גרינס. נאָר וווהין זאָל איך אַריינגיין ? וועלכע טיר איז פאַר מיר אָפן ?

און געוואָלט האָט זיך אַזוי אַריינקומען אין אַ שטוב, ווו ס'איז פאַראַן אַ משפחה און פילן דעם טעם פון איינגעזעסנקייט !

שנעל בין איך אַוועק פון גוש און צוגעפאָרן ביזן זעקסטן „אוטשאסטאָק" צו מ. ער באַגעגנט מיך מיט אַ טרויעריקער מינע : מען האָט בײַ אים צוגע־גנבעט זיין טייסטער מיט די פּראָדוקטן־קאַרטן. איך האָב אים געטרייסט און זיך באַמיט ער זאָל נישט בלייבן הונגעריק, וואָס ס'האָט זיך מיר איינגעגעבן.

נאָך אַ צוויי וואָכן „שטאַבעלירן" האָט מען מיך געשיקט מיט אַ בריגאַדע אויסמעסטן די קופּעס טאָרף, וואָס ליגן אויף די פעלדער. אַ בריגאַדע פלעגט באַשטיין פון פיר מענטשן, באַאַרבעטן אַ פעלד פון עטלעכע קוואַדראַט־קילאָ־מעטער און באַקומען צו 7 קאָפּיקעס פאַר איין אויסמעסטונג. מיר האָבן אָבער אַזוי אָרגאַניזירט אונדזער אַרבעט, אַז מיר האָבן געאַרבעט זאַלבעדריט און באַ־קומען צו 9 קאָפּיקעס.

מיט אַ מאָל ווידער אַ „פּאָווייעסטקע" אין וואָיענקאָמאַט. אַ ניי אָרט, אַ נייע קאָמיסיע און דו געפינסט זיך אין דער עווידענץ פון אָרטיקע מיליטע־רישע אָרגאַנען.

בײַ מיר האָט זיך דער „גאָדיען" נישט געביטן און ס'האָט זיך אין דער פּראַגע פון מיליטער־דינסט גאָרנישט געענדערט.

ס'האָבן גענומען גיין רעגנס. אַרויסצוגיין אין פעלד אַריין איז געווען שווער און מען האָט פאַר מיר געפונען אַן אַנדערע פאַרווענדונג : ווידער אין ביוראָ באַרעכענען די קובאַטור פון טאָרף.

די אַרבעט איז מיר געווען צום האַרצן. כ'בין געזעסן אַ סך איבערשעהן, ביז שפּעט אין אָוונט. דאָ אין ביוראָ, בײַ אַ טישלאָמפּ, וואָס האָט מיר דערמאָנט מיין היים, איז מיר געווען אָנגענעמער צו זיצן ווי אין באַראַק צוזאַמען מיט נאָך אַ סך מענטשן. ס'איז דאָרט שווער געווען זיך אָפּצורוען און איך האָב גאַנץ אָפט ליב די איינזאַמקייט. נישט איין מאָל פלעג איך זיך אין אַ זונטיק נאָכמיטאָג לאָזן צום וואַלד און טאַקע נישט איין מאָל צוריקקומען אַן... אויס־געוווייקטער פון רעגן.

בהדרגה האָב איך זיך באַזאָרגט מיט וועש און אַ רעקל און אויפגעהערט לייזן פון שלעפער־קאָמפּלעקס.

פאַמעלעך האָט מען מיך אַריינגעצויגן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

באַלד ביים אָנקומען האָבן מיינע רייזע־חברים מיר געמאַכט „רעקלאַמע" און דערטראָגן צו פאַרשיידענע אַדמיניסטראַציע־גורמים, אַז מיט זיי פאָרט אַ „פּראָפעסאָר". דער ראָוונער בחור האָט מיך טאַקע געקענט ווי אַ לערער און פון אים האָט זיך גענומען דער „שם".

אפשר אויפן צווייטן טאָג נאָך אונדזער אָנקומען האָט זיך צו מיר גע־וואָנדן דער „קולטאָרג" איך זאָל צוגרייטן אַ רעפעראַט. אין שמועס וועגן דער טעמע האָט ער פאָרגעלייגט, אַז כ'זאָל ריידן וועגן אוזבעקיסטאַן, ווייל די אַנ־

וועזנהייט דאָ פון אוזבעקישע אַרבעטער האָט אַרויסגערופן אַן אינטערעס פאַר זייער לאַנד. כ׳האָב צוגעגרייט טעזיסן צום רעפעראַט. כ׳דערמאָן זיך, אַז כ׳האָב דורכגעפירט אַ פּאַראַלעל צווישן נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון קאַפּיטאַליסטישע לענדער און פון ראַטן־פאַרבאַנד, באַצייכנט די קלימאַטישע און נאַטירלעכע באַדינגונגען פון לאַנד, היסטאָרישע אַנטוויקלונג ביז דער רעוואָלוציע און נאָך איר, די ענדערונגען אויפן געביט פון קולטור, ווירטשאַפט, שטייגער.

כ׳האָב דערמאָנט דעם צושטייער פון די אוזבעקן אין דער איצטיקער מלחמה. עס האָט למשל אַרויסגערופן אַ קאָלאָסאַלע באַגייסטערונג דער פאַקט, וואָס שוין דעמלט איז דער קאָלכאָזניק קוטשקאַר טוריעוו געוואָרן אַ „העלד פון ראַטן־פאַרבאַנד" פאַר זיינע קריגס־פאַרדינסטן.

כ׳האָב געענדיקט מיט דער שילדערונג פון אוזבעקישער גאַסטפריינדשאַפט לגבי פליטים און מיט זייערע גרויסע אויפטוען ביים בויען קאַנאַלן, וואָס פאַרוואַנדלען אוזבעקיסטאַן פון אַ מדבר אין אַ רייך לאַנד, וואָס ביי הייניקן טאָג טוט עס „כאממאס נארסא פראַנט אוטשון" (אַלץ פאַרן פראַנט), ווי ס׳ווייזן די פלאַקאַטן אין אַלע אינסטיטוציעס און עפנטלעכע ערטער.

דער עצם פאַקט פון ווענדן זיך צו מיר וועגן טון אַ גייסטיקע אַרבעט האָט מיר צוגעגעבן די זעלבסטוווערדע. כ׳האָב געפילט, אַז כ׳קאָן ברענגען נוצן און אַז מיין גייסטיקער באַגאַזש האָט אַ באַדייט.

בכלל האָט דאָס קומען אויף אַ טעריטאָריע, ווו די אַלגעמיינע שפּראַך איז רוסיש, מיר געעפנט די צונג נישט נאָר צו פאַרזאָרגן זיך מיט עסנוואַרג, נאָר צו פאַרשטענדיקן זיך מיט מענטשן. עס איז פאָרגעקומען אין מיר אַ ווידערגעבורט פון אַטראָפירטער ענערגיע און אַרבעט־ווילן. ס׳איז אויפגעקומען פאַר מיר אַן אָביעקטיווע מעגלעכקייט פון שליסן באַקאַנטשאַפט מיט קרייזן פאַר וועלכע כ׳האָב געהאַט אַן אינטערעס. כ׳האָב זיך געטראַכט, אַז אויב ס׳איז מיר אוממעגלעך צו אַרבעטן אין מיין פאַך זאָל איך ווייניקסטנס אין דער פרייער צייט זיין נישט אָפּגעריסן פון דער גייסטיקער וועלט מיינער.

סאַ׳יז פאָרגעקומען נאָך אַ געשעעניש, וואָס האָט מיך גייסטיק געשטאַרקט און מיר געבראַכט אַן אמתע באַפרידיקונג.

אין שייכות מיטן אָפּמאַך מאַלאָטאָוו־אידען, וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין דער סאָוועטישער פרעסע און געזעלשאַפט, איז גערופן געוואָרן אַ מיטינג. איך בין אויפגעטראָטן און געגעבן אַן איבערזיכט פון דער לאַגע און זיך אָפּגעשטעלט אויף אונדזערע אויפגאַבעס אין געגעבענעם מאָמענט. אין דער צייטונג „טאַרפיאַניק" איז געווען אַ באַריכט וועגן מיטינג.

נאָך דעם מיטינג קומט צו מיר צו אַן אינסטרוקטאָר פון שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט און בעט מיך אָנצושרייבן אַן אַרטיקל צום ערשטן יאָרטאָג פון דער מלחמה. כ׳האָב זיך אָנגעזעצט און גענומען באַשרייבן היטלערס באַמיאונגען צו אָרגאַניזירן אַ קרייצצוג קעגן ראַטן־פאַרבאַנד, דערמאָנט העס שליחות קיין לאָנדאָן אא״וו. דער אַרטיקל מיינער איז דערשינען. ווי פאַרוווּנדערט און צופרידן בין איך געווען, ווען צומאָרגנס האָט די צייטונג געבראַכט דעם באַריכט פון אינפאָרמביוראָ בנוגע דער דאַטע פון 22 יוני 1941. כ׳האָב דאָרט

געפונען אַן ענלעכע פאַרמולירונג און געאַדקנענגאַנג. דער אָנהויב האָט אַפילו געקלונגען אידענטיש : „פראָשאַל גאָד"... (ס'איז אַדורך אַ יאָר).

פאַרשטייט זיך, אַז אַ יאָר איז אַ וויכטיקע דאַטע. ס'איז געווען אַ יאָר פון טויט, אַ יאָר פון ליידן. נישט געווען, קאָן מען זאָגן, ווי איין מענטש אין ראַטן־פאַרבאַנד, וואָס האָט נישט געליטן. אויך מיר איז געווען שווער. אָבער אין דער גרויסער אַלגעמיינער טראַגעדיע און אין מיינע פערזענלעכע צרות האָב איך געפונען מאָמענטן, וואָס פאַרלייכטערן דאָס געמיט. כ'בין געווען צופרידן, וואָס איך הונגער נישט, הגם דער ביסן האָט מיך געשטיקט, ווען כ'האָב געטראַכט, צי מיין משפחה האָט איצט וואָס צו עסן. כ'בין געווען צופרידן מיט יעדן דורכגעלעבטן טאָג. כ'בין געווען צופרידן, וואָס כ'קרענק נישט, וואָס קליינע פאַרקילונגען רופן נישט אַרויס קיין קאָמפּליקאַציעס, וואָס די צעריסענע שיך האָבן נישט גורם געווען צו רעוומאַטיזם...

כ'האָב זיך שוין צוגעווינט צו מיין „אוטשאַסטאָק", געווען צופרידן פון דער אַרבעט און אויך אין גוש שוין געהאַט באַקאַנטע. געווען אַ שטוב פון אַ מאַטעמאַטיק־לערער אין אַ מיטלשול דיאַטשקאָוו, וווּ כ'האָב זיך געפילט היימיש. באַך אַ מיטאָג אין אַ זונטיק פלעגן מיר כאַפּן אַ דרעמל און שפּעטער זיצן ביז שפּעט אין אָוונט און שמועסן איבערשפּרינגענדיק פון טעמע צו טעמע. דער עיקר איז פאַר מיר די שטוב געוואָרן אַ קוואַל פון ביכער. דאָ האָב איך גענומען צום ערשטן מאָל פויכטוואַנגערס בוך : „די זין", וואָס איז אַ המשך פון דער „יידישער מלחמה". אין שכנות האָט געווינט אַ לערער־משפּחה קאָטשעטקאָוו, מיט וועלכע דיאַטשקאָוו האָט מיך באַקענט. אַזוי האָב איך אין דעם גרויסן ים פון דער פרעמד געפונען אַ קליין אינדזעלע, וווּ כ'האָב אַרבעטנדיק דאָך גערוט.

## 32. אַ נייע באַשעפטיקונג — קאָמענדאַנט.

דעם 26־טן יוני, צום יאָר פון מיין נע־ונד, האָט מיך דער קאָמענדאַנט פון „אוטשאַסטאָק” אַריינגערופן צו זיך אין צימער און מיר פאָרגעלייגט איבערצו־נעמען זיין פאָסטן, ווייל ער דאַרף זיך מאָרגן שטעלן אין וואָיענקאָמאַט, צו מיליטער־דינסט.

איך האָב זיך אָפּגעזאָגט, ווייסנדיק, אַז די אַרבעט איז אַ שווערע, הגם ס'דוכט זיך, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו טון און דעריבער זיינען אַ סך מקנא דעם קאָמענדאַנט און ס'געפינען זיך שטענדיק בעלנים אויף זיין אָרט. איך האָב מורא געהאַט, אַז כ'וועל זיך קיין עצה נישט געבן און געוואָלט ליבערשט האָבן אַ באַשיידענעם פלאַץ, ווו איך ברענג אַ סך נוצן איידער אַ הויכן פאָסטן, וואָס איז אפשר נישט פאַר מיינע כוחות, אָבער וואָס וועט מיך באַשטימט דער־פירן צו קאָנפליקטן מיט מענטשן.

איך האָב געזאָגט מיינס און ער האָט געטון זיינס: דעמזעלבן טאָג איז אָנ־געקומען אַ טעלעפאָנאָגראַמע פון צענטראַלן אוטשאַסטאָק, אַז מ'זאָל מיך באַ־שטימען פאַר קאָמענדאַנט.

פאַרפאַלן. אַלע מיינע ספקות זיינען פאַרשוווּנדן און כ'בין צוגעטראָטן אויסצופירן די פונקציעס מיטן אינערלעכן באַשלוס נישט צו קאַרגן קיין מי און צייט, אַבי נישט ליידן קיין דורכפאַל. ס'איז געווען נישט זייער לייכט, ווייל דער קאָמענדאַנט איז פאַראַנטוואָרטלעך נישט בלויז פאַר זיין אַרבעט, נאָר אויך פאַר אַרבעט פון אַנדערע.

איך האָב זיך גענומען באַקענען מיט מיינע נייע אויפגאַבעס.

איך האָב געטראָגן די אחריות פאַר דער אַרבעט פון איבער צוואַנציק מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן ריין די באַראַקן (אובאָרשטשיצעס), וואָס האָבן געזאָרגט, אַז ס'זאָל שטענדיק זיין הייס, געקאָכט וואַסער (קובאָושטשיצעס) און וואָס האָבן געהיט די מעכאַניזמען פון וואַסער־רעזערוואָר. צו מיינע אויפגאַבן האָט אויך געהערט די זאָרג פאַרן סאַניטאַרן צושטאַנד פון ישוב, די פירונג פון איין־ און אויס־מעלדונגען, די עווידענץ פון דער באַפעלקערונג און דער עיקר פון די מיליטער־פליכטיקע. אויך די באַקוועמלעכקייט פון די באַראַקן־איינווױ־נער האָט געהערט צו מיר: פאַרריכטן אַ בעט, באַזאָרגן אַ נאַכט־קעסטל, מאַכן אַ פלאַץ פאַר טרוקענען די „באַכילעס” (שטיוול פון ברעזענט, וואָס נעצט נישט דורך פאַר דער אַרבעט אין בלאָטעס)... וועגן די אַלע ענינים פלעגט מען צו מיר קומען און מיין פליכט איז געווען צו דערליידיקן אַלץ ווי אַמשנעלסטן.

באַלד ווי דער קלאַנג וועגן מיין באַשטימונג פאַר קאָמענדאַנט פון אַכטן אוטשאַסטאָק איז דערגאַנגען צו די חברים, האָבן אַ טייל פון זיי תיכף געביטן זייער באַציאונג צו מיר. דער שאַוולער בחור האָט באַלד געפונען אַ פּאַסיקע געלעגנהייט מיך מכבד צו זיין מיט אַן אוגערקע און דער קאָרעצער בריגאַדיר האָט מיר צוגעזאָגט אַ פּאָר באַכילעס פון זיין בריגאַדע. איך האָב נישט געטראַכט וועגן די סיבות, וואָס האָבן זיי, און אויך אַנדערע, באַוויגן אַרויסצוווייזן מיר גוטסקייט. מיין ערשטע רעאַגירונג דריקט זיך שטענדיק אויס אין פרייד, וואָס מענטשן זיינען גוט. איך האָב קיין מורא נישט פאַרן ווערן שפּעטער דיסקאָנטירן די גוטסקייט פאַר אומדערלאָזבאַרע מעשׂים. אויף דעם האָב איך זאָך אַ באַוווסטזיין פון מיין חוב און אַ ווילן, זיך נישט צו לאָזן אַריינציען אין טונקעלע געשעפטן.

און „אַז גאָט גיט מיט אַ לעפל, גיבן מענטשן מיט אַ שעפל”. איך האָב געירשנט נישט בלויז דעם פּאָסטן, נאָר אויך דאָס צימער פון קאָמענדאַנט. אַ באַזונדער צימער פאַר זיך.

די מעבלירונג איז באַשטאַנען פון אַ טיש, צוויי טאַבורעטקעס, צוויי נאַכטקעסטלעך, פון וועלכע איינס מיט אַ שליסל פאַר דאָקומענטן, אַ בעט מיט ריינער געטוועש און צודעק.

כ'האָב מיך זייער גוט געפילט אין מיין צימער. כ'האָב אויפגעהאָנגען אַ פּאָר בילדער, אַ פּאָר פּאָרטרעטן, אַ פּלאַן פון אַרבעט און פאַרטיילונג פון דיזשורסטוועס, אַרויסגעלייגט עטלעכע ביכער, באַזאָרגט אַ טינטער מיט אַנדערע שרייב־מכשירים און דער צימער האָט באַקומען אַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער. אַ סך זיצן אין אים האָב איך אָבער נישט געקאָנט.

עטלעכע מאָל בין איך אויפגעשטאַנען אַ זייגער דריי ביינאַכט, כדי צו זען ווי אַזוי ס'זעט אויס דאָס איבערגעבן און איבערנעמען פון דיזשורסטוועס. אין באַד האָב איך געהייסן אַריינשטעלן אַ שויב.

מיר האָבן זיך געגרייט אויפצונעמען אַ גרעסערע צאָל שילער, וואָס האָבן געענדיקט די לימודים און געזאָלט קומען אַהער צוהעלפן אין דער אַרבעט. מיין אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין צוזאָגן דעם איבערבוי פון געוויסע באַראַקן, אין צוגרייטן דעם אינווענטאַר אא״וו. אויסערדעם האָב איך נאָך געהאַט צו דערליידיקן פאַרשיידענע פאָרמאַליטעטן, ווי איינמעלדן 150 מענטשן, כדי צו באַקומען פאַר זיי שפּייז־צעטלען. כ'האָב דעריבער געבעטן צוויי מענטשן צו הילף און זיי האָבן אין משך פון אַ טאָג אָנגעשריבן 100 קאַרטן.

די מיגראַציע דאָ איז אַ פּערמאַנענטע. צוואַנציק מענטשן פון אונדזער טראַנספּאָרט זיינען צוריקגעשיקט געוואָרן, ווי אומפּעאיקע צו אַרבעט. אָנגעקומען זיינען 28 מענטשן מיט אַ צוויי טעג שפּעטער און ווידער איז ביי מיר געווען אַ „געראַטשקע”, ווייל דער ערשטער אַדרעס ביים אָנקומען פון נייע מענטשן איז דער קאָמענדאַנט.

און ווי אויף צו להכעיס האָט מען רעדוצירט די צאָל פון מיינע געהילפן, איבערשיקנדיק עטלעכע מענטשן צו אַרבעט אויפן פעלד.

ווי אַזוי זאָל איך זיך אַן עצה געבן? וואַסער מוז זיין, קאַלטס און הייס;

די באַראַקן מוזן זײַן ריין; די אוביקאַציעס טאָרן נישט פאַרנאַכלעסיקט ווערן. אַרויפליגן ווידער נאָך אַרבעט אויפן פאַרקלענערטן שטאַט מענטשן?

כ'האָב עס שוין אין אַ געוויסער מאָס געטון, אָבער זיי האָרעווען אַזוי אויך איבער די כוחות.

כ'האָב צונויפגערופן דעם גאַנצן פּערסאָנאַל אויף אַ באַראַטונג, פאַרגעשטעלט זיי די לאַגע און געבעטן, זיי זאָלן זיך אַרויסזאָגן.

דער עצם פאַקט פון באַראַטן זיך מיט זיי האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג. עס זײַנען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פאַרשיידענע פאַרשלאָגן און צום סוף האָט אײנער פון די אָנוועזנדיקע געראַטן זיך צו ווענדן צום מעדפּונקט (קראַנקן־אַמבולאַטאָריע), מען זאָל איבערשיקן צו אונדז די קראַנקע, וואָס קאָנען נישט אַרויסגיין צו שווערער אַרבעט, אָבער זײַנען פּאַסיק אויסצופירן לאָקאַלע פונקציעס, ווי צורוימען די באַראַקן, הייצן דעם קעסל אא"וו.

דער פאַרשלאָג איז אַקצעפּטירט געוואָרן און ס'איז פון איצט אָן קיין מאַנגל אין אַרבעטהענט נישט געווען. ס'פלעגט אַמאָל טרעפן, אַז פּאַציענטן זײַנען זיך געקומען בעטן, מ'זאָל זיי געבן עפּעס צו טון, ווײַל ס'איז זיי לאַנגווײַליק. פאַרשטייט זיך, אַז מיר פלעגן פאַר דער אַרבעט צאָלן און ווער ס'האָט געקאָנט צופאַרדינען צו דעם אָפּצאָל, וואָס מען האָט באַקומען פאַרן קראַנקן־בילעטען איז געווען זייער צופרידן. די מער גראַמאָטנע פלעגן שרייבן די כל־ערליי קאַרטן און צעטלען.

אָפט איז מיר אויסגעקומען צו זײַן אין גוש: אין וואַיענקאָמאַט, אין עווידענץ־ביוראָ, אין דער מיליץ. האָב איך שוין אין איין וועגס אַרײַנגעכאַפּט אויך אַ באַזוך בײַ דיאַטשקאָוון, וועמענס פרוי האָט שוין געוווסט, אַז אַ קאָכעדיקער סאַמאָוואַר אויפן טיש מאַכט גוטע שטימונג סיי בײַ איר מאַן און סיי בײַ מיר. מען קאָן זאָגן, אַז ווו צוויי איז דער סאַמאָוואַר דער דריטער, אַזויפיל האָט ער זיך אָנגעהערט דיסקוסיעס, דערציילונגען, זכרונות, אַנעקדאָטן...

אויסער מײַן „נאָרמאַלער" אַרבעט, וואָס איז געווען נישט נאָרמאַליזירט, בין איך געוואָרן אַ „שרײַבער" אויך פאַר זײַטיקע מענטשן. מען פלעגט מיך קומען בעטן אויסצופילן צעטלען און אַנקעטעס פון כל המינים פאַר פאַרשיידענע מיליטערישע און ציווילע אַמטן, הויפּטזעכלעך אין שייכות מיט קינדער, וואָס האָבן געדינט אין דער אַרמיי. דאָס זײַנען געווען געוויינטלעך עלטערע פרויען, וואָס האָבן זיך צו מיר באַצויגן ווי צו אַ זון. נישט איין מאָל האָט זיך אַזאַ פרוי באַליידיקט, ווײַל כ'האָב נישט געוואָלט נעמען קיין געלט פאַר מײַן טרחה. אָבער פון אַ האַלבן ליטער מילך האָב איך זיך נישט געקאָנט אַרויסדרייען.

די לאַגע אויף די פראָנטן איז געווען אָן ערנסטע. אין די שטילע נעכט האָבן זיך דאָ געהערט ווײַטע שאָסן. די דײַטשן זײַנען געווען בײַ וואָראָניעזש. ביז מאָסקווע האָט מען געזאָגט איז נישט מער ווי הונדערט צוואַנציק קילאָמעטער. ס'האָבן זיך געלאָזט מערקן עוואַקואַציע־שטימונגען. געוויסע אָנפירנדיקע אַרבעטער זײַנען צעטומלט. מײַן שעף, דער לייטער פון אוטשאַסטאָק אינזש. בובליקאָוו איז דענערווירט.

ס'האָט געזאָלט קומען אַ קאָנטראָל פון פ. וו. כ. א. (קעגן־לופט־ און כעמישע־פאַרטיידיקונג) צו זען, צי דער אינווענטאַר, וואָס איז נויטיק פאַר אַ

פאַרטיידיקונג קעגן לופט־אַנגריפן אָדער קעגן כעמישע אַטאַקעס איז אין אָרדענונג.

דעם אמת געזאָגט האָב איך אין די קנאַפע דריי וואָכן ביז דער קאָנטראָל פשוט נישט געהאַט קיין צייט צו פאַרנעמען זיך מיט דעם. קיינער האָט מיר אויך נישט געזאָגט, אַז דאָס געהערט צו מיינע פליכטן. קיינער האָט קיין צייט נישט געהאַט צו מיר.

קיין אָפּרו האָב איך שוין נישט געהאַט, אָבער אויך קיין חרפות האָב איך נישט איינגענומען.

פאַר אַנדערע קאָמיסיעס בין איך געווען רואיק. מיינע פונקציעס זיינען ביי מיר געווען פאַרצייכנט און כ׳האָב געהאַט אַ גראַפיק פון אַלע אַרבעטן, וואָס כ׳דאַרף אין שייכות מיט זיי טון. אין דעם האָט מיר געהאָלפן מיין אַרבעט־דיסציפּלין, וואָס כ׳האָב זיך אויסגעאַרבעט במשך אַלע מיינע באַוווסטזיניקע יאָרן, מיין פּראַקטיק פון אַרבעטן אין קינדער־אַנשטאַלטן און לעצטנס מיינע אויפגאַבעס פון שול־אינספּעקטאָר.

די דאָזיקע סיסטעמאַטישקייט אין אַרבעט, די קאָנטראָלעס פון אויספירן די אַרבעט דורכן שטאַט, דאָס זיין אין קורס פון אַלע קליינע ענדערונגען אין דער אַרבעט־פאַרטיילונג, האָט פריער אַרויסגערופן ביי מאַנכע אַ פאַרדאַכט, צי מיין איך נישט עמעצן צו „פּאַקן”. ווען זיי האָבן זיך אָבער איבערצייגט, אַז כ׳„טשעפּע זיך” נישט צו קיינעם און אַז כ׳קום אַנטקעגן, ווען מעגלעך, אַלעמענס ווונטשן, רעכן זיך מיט זייער מיינונג און בין פאַראינטערעסירט זיי צו פאַר־לייכטערן די אַרבעט — האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ פירונג איז אַ ריכטיקע און מיין אויטאָריטעט האָט זיך געשטאַרקט.

ס׳איז מיר אַ שאָד געווען צו פאַרלאָזן דאָס קליינע ווינקעלע מיט די פּשוטע טאָרף־אַרבעטער, וואָס האָט געציילט בסך־הכל אַ פּאָר צענדליק באַראַקן און וואָס איז מיר דאָך געוואָרן אַ פרישע היים.

## 33. ווידער אין צוג

דעם 10־טן סעפטעמבער איז אָנגעקומען אַ באַפעל איבערצופירן אַ טייל מענטשן אין אַן אַנדערער אונטערנעמונג. דער סעזאָן אויף די טאָרף־פעלדער ענדיקט זיך. עס פאַרבלייבן בלויז מעכאַניקער, בעלי־מלאכות, באַדינונג פון סטאַלאַווע און אַנדערע אינסטיטוציעס פון אַלגעמיינער נוצלעכקייט.

אזא רעעמיגראַציע קומט פאָר בהדרגהדיק. איין צווייַג אַרבעט נאָכן צווייטן ווערט רעדוצירט. מען שיקט אָפּ מאָביליזירטע מענטשן אויף זייערע באַשטימונגס־ערטער און פאַרקאָנטראַקטירטע אויף אַ סעזאָן — אַ היים. אין מיין צייט זיינען געווען פרויען־גרופעס פון מאָרדוואַ (מאָרדאָווקעס האָט מען זיי גערופן) און פון אָריאָל. די ערשטע האָבן זיך געקליבן אין וועג אַריין, די אָרלער מיידלעך זיינען פאַרבליבן. זיי זיינען שוין דאָ געווען איבער אַ יאָר צייט. געקומען אויף סעזאָן־אַרבעט אין יאָר 1941 האָבן זיי נאָכן אָפּאַרבעטן אַ סעזאָן נישט געקאָנט צוריקפאָרן, ווייל ס׳זיינען שוין דעמלט פאָרגעקומען די קאַמפן אַרום מאָסקווע.

די אָנפירונג האָט זיי איבערגעלאָזט דאָ און זיך באַמיט צו שאַפן פאַר זיין באַשעפטיקונג אויך אין ווינטער. עטלעכע פון די אָרלאָווקעס זיינען געוואָרן געהילף־מעכאַניקערינס, אַנדערע האָבן געאַרבעט אין מאַגאַזינען, אַ פּאָר האָבן זיך אויסגעלערנט צו זיין טעכניקערינס און אַזוי זיינען זיי איבערקוואַליפיצירט געוואָרן און זיך אויסגעלערנט פאַכן. אָבער זיי האָבן זיך געהאַלטן אַלע צוזאַמען און אויך דורך דער אָנפירונג געוועזן באַטראַכט ווי איין קאָלעקטיוו. זיי האָבן פאַרגרעסערט דעם שטענדיקן יישוב פון דעם אוטשאַסטאָק און זיך דאָ איינגעבירגערט.

ווען ס׳איז אָנגעקומען דער באַפעל האָט דער לייטער לאַנג נישט געטראַכט און אַריינגעשטעלט אין צעטל אַלע די, וואָס זיינען נישט געווען דירעקט באַשעפטיקט ביי דער טאָרף־אַרבעט. איך האָב איינגעפּאַקט מיין באַגאַזש און זיך געלאָזט גיין צום זעקסטן אוטשאַסטאָק, פון וואַנען ס׳האָט געזאָלט אָפּגיין דער צוג.

דער טעכנישער פּערסאָנאַל האָט אויף פאַרשיידענע אופנים אויסגעדריקט באַדויערן צוליב מיין אָפּפאָרן. איינע, אַ מאָרדאָווקע האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט און געבעטן, כ׳זאָל זיך לאָזן באַגלייטן און דערלויבן צו העלפן טראָגן דעם באַגאַזש.

ביידע צונגער האָבן גענומען מאַכן אויספירן פון גאָר אַן אַנדערן מין. מיך האָט דער דאָזיקער זשעסט פון דעם פשוטן מיידל, וואָס האָט אויף אַ

מענטשלעכן אופן אויסגעדריקט איר באַציאונג צו אירס אַ מיטאַרבעטער, גערירט ביז טרערן. אין יענער צייט פון איינזאַמקייט און אויסגעוואָרצלטקייט איז אַפילו דער קלענסטער באַווייז פון צוגעבונדנקייט טייער, און אַ פייער פון אַ משפּחה־לעבן ביי פרעמדע איז אויך בכוח דיך אָנצוואַרעמען.

נאָך דעמזעלבן אָוונט זיינען מיר אָפּגעפאָרן.

מיט מיר צוזאַמען איז אויך געפאָרן דער קאָרעצער בחור. דער פריזירער האָט געזאָלט אָפּפאָרן מיט אונדז, אָבער אים האָבן די ביטעס געהאָלפן. אים איז טאַקע געווען דאָ זייער גוט. געאַרבעט ביי זיין פאַך און גוט פאַרדינט. הגם אויף ראַזירן און שערן איז געווען א נידעריקער טאַריף, אָבער פאַר אַנדערע אַרבעטן, ווי וואַשן דעם קאָפּ, באַשפּריצן מיט אָדעקאָלאָן, מאַסאַזש אד״גל האָט ער געהאַט אַ רעכט צו נעמען מער און דאָס האָט ער טאַקע געטון. איז פאַרשטענדלעך, אַז אים האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם טאַריף־געביט.

דעם 17־טן סעפּטעמבער ביינאַכט האָבן מיר פאַרלאָזט גוש־בלאָטע (אַזוי האָט זיך אָפיציעל גערופן די טאַריף־אונטערנעמונג) און צומאָרגנס זיינען מיר אָנגעקומען אין איוואַנאָווא. דאָ האָט מען שוין אויף אונדז געוואַרט. מיר האָבן אַראָפּגענומען דעם באַגאַזש, אים איבערגעלאָזט אין קלוב, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שלאָפצימער פאַר אַ פאָר צענדליק מאָביליזירטע, און זיינען געגאַנגען אין סטאָלאָווע איבערבייסן.

מיר האָבן באַקומען איין טאָג אַ פרייעם אויף איינצואָרדענען פערזענלעכע ענינים: באַזאָרגן זיך דאָס בעט, אַרויסנעמען פּראָדוקטן־קאַרטן, באַקענען זיך מיט כלערליי פאָרשריפטן אד״גל.

אין אָוונט האָט מען אונדז אַלע, די ניי געקומענע, צונויפגעזאַמלט אין סטאָלאָווע. עס זיינען געווען מאָביליזירטע נישט נאָר פון גוש. גלייכצייטיק איז אָנגעקומען נאָך אַ טראַנספּאָרט פון טאַשקענט. מיר האָבן געמאַכט באַקאַנטשאַפט, אויסגעפרעגט זיך קעגנזייטיק וועגן פערזענלעכע ענינים און וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע, וועגן שותּפותדיקע באַקאַנטע, וואָס מ׳האָט צופעליק אַנטדעקט און געמאַכט פּלענער אויף ווייטער.

נאָכן אָוונט־ברויט איז אַריינגעקומען דער דירעקטאָר, דער הויפּט-אינזשעניער, די נאַטשאַלניקעס פון די צעכן און מען האָט פאָרגעלייענט די רשימה פון אונדז אַלעמען און אין איין ווערגס אָנגעמערקט, ווו יעדער וועט אַרבעטן.

מיך האָט מען באַשטימט פאַר אַ „זאַליוואַלשטשיק” אין גוסצעך און צו־מאָר׳גנס זייגער זיבן האָב איך זיך באַדאַרפט שטעלן צו דער אַרבעט.

## 34. „דער גאָלדענער רעגן"

אין „ליטייני"־צעך האָבן מיר געאַרבעט אין צוויי שיכטן. מיין אַרבעט פון אַ פאַרגיסער איז באַשטאַנען אין אָננעמען אַ קעסל קאָכעדיקן טשוהון, וואָס גיסט זיך פון צעגליטן שמעלצאויוון (וואַגראַנקע), און צוזאַמען מיט מיין נאָ־פאַרניק (דער צווייטער, מיט וועמען כ'פלעג טראָגן דעם קעסל) פאַרגיסן די צוגעגרייטע פאָרמעס פון כלערליי מאַשין־דעטאַלן. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, קודם־כל דער קעסל אַליין און די אייזערנע שטעקנס מיט קלאַמערן אַריינצושטעקן אין די אויערן פון קעסל, כדי צו קאָנען עס איבערקערן ביים אויסגיסן פון טשוהון, זיינען געווען נישט לייכט. דער צעשמאָלצענער, גליאי־קער מעטאַל האָט אויך געהאַט וואָג. מיר האָבן געמוזט אַכט געבן נישט צו פאַרגיסן קיין טראָפּן. ערשטנס איז געווען אַ שאָד, צווייטנס וואָלט געקאָנט צופעלן צו דער פאָרמע און אַזוי וואָלט זי פאַרבראַקירט געוואָרן, דריטנס האָט מען זיך געקאָנט אָפּבריען, פאַרברענען די שטיוול און אאַ"וו.

אין מאָמענט ווען די וואַגראַנקע האָט פונקציאָנירט האָט יעדע באַוועגונג אונדזערע געמוזט זיין אַ ריטמישע, אַריינגעפּאַסט אין אַלגעמיינעם ריטם פון דער אַרבעט. איז איין פּאַר אַוועק פון דער וואַגראַנקע האָט זיך גלייך אונטער־גערוקט אַן אַנדערע און ביז דער לעצטער קעסל איז שוין געווען אָנגעפילט איז ווידער אונטערגעקומען די ערשטע און אַזוי ווייטער ביז די וואַגראַנקע האָט זיך אויסגעשעפּט. דעמלט ערשט האָבן מיר זיך געקאָנט אָפּרוען פון אַ האַלבער שעה ביז אַ שעה, אַזוי צוויי ביז דריי מאָל בעת אַ שיכט.

אין די טאָגשיכטן פלעגט אָפטער אויסקומען צו זיין אַ וויביוואָלשטשיק (אַרויסשלאָגן פון דער פאָרמע די אויסגעגאָסענע דעטאַלן) אָדער צו טראָגן ערד, כדי אָנצופילן די פאָרמעס פאַר דער נאָכטיקער פאַרגיסונג.

בעת די איבעררייסן איז מען געגאַנגען אין סטאָלאָווע אָפּעסן, לייענען אַ צייטונג אָדער כאַפּן אַ דרימל אויף אַ קאַסטן, אָדער ווו ס'האָט זיך נאָר גע־לאָזט. כ'האָב זיך צוגעוווינט צו אַרבעטן אין דער הויכער טעמפּעראַטור און איבערגיין צו אַ קילער אין די ווייטסטע ווינקלען פון צעך, ווו ס'זיינען גע־לעגן די פאָרמעס.

דער צופּאַסונג־פּראָצעס איז ביי מיר געווען אַ קורצער. כ'בין אַוועקגע־שטעלט געוואָרן ביי דער אַרבעט און זיך געפילט ווי אַן אַרבעטער. מיין ציל, וואָס ביי 18 יאָר האָב איך אים נישט געקאָנט רעאַליזירן : צו ווערן אַ מענטש פון פיזישער אַרבעט, איז מקוים געוואָרן, קעגן מיין ווילן, צו 40 יאָר. דער

עיקר, האָב איך געהאַלטן, איז נישט צו פאַרלירן זיך, וועלן לעבן, איבערטראָגן די שווערע צייט און אַרויס פון איר אַ געזונטער.

אַזוי געטראַכט האָבן נאָך אַ סך אַנדערע אָבער בעת אַ טייל האָט געאַרבעט און זיך באַמיט מיט פאַרשיידענע דערלאָזבאַרע מיטלען צו פאַרלייכטערן זייער עקסיסטענץ אין די מלחמה־באַדינגונגען, האָט זיך געפונען אַ גרופּע „ביעזשענצעס", וואָס האָט גענומען גנבענען און שווינדלען. נישט איין אָונט האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט פון זאַוואָד עטלעכע מאָביליזירטע, און געגאַנגען „באַזאַרגן" קאַרטאָפל.

מיט די געגנבעטע זעק קאַרטאָפל האָבן זיי נישט געקאָנט אַריינקומען אויפן זאַוואָד, ווייל אין דער „פּראָכאָדנאיאַ" (קאָרידאָרל ביים הויפּט־אַריינגאַנג אויפן זאַוואָד) איז שטענדיק געווען אַ וועכטער. וואָסזשע האָבן זיי געטון?

די זעק האָבן זיי אַריבערגעוואָרפן איבערן פלויט אין אַ באַשטימטן פונקט ווו ס'האָבן שוין געוואַרט די „שותפים". אין משך פון עטלעכע מינוט זיינען די קאַרטאָפל פאַרשוואונדן. דעמלט זיינען די „עקסקורסאַנטן" אַריינגעקומען און געמאָלדן דעם וועכטער, אַז זיי זיינען געווען אויף „אַרבעט".

עס פלעגט זיך טאַקע אָפט מאַכן, אַז בריגאַדעסווייז איז מען אַרויסגעגאַנגען אויף אַרבעט. עטלעכע מאָל האָב איך זיך באַטייליקט אין אַזעלכע צוגאָב־אַרבעטן און באַוויזן דורך דעם אויסצוגלייכן מיין בודזשעט. אַזאַ מין זייטיקע אַרבעט איז געווינטלעך באַשטאַנען אין אויסלאָדן וואַגאָנען. דער עיקר זיינען מיר געווען פאַראינטערעסירט צו גיין אַרבעטן אין ברויט־זאַוואָד.

ס'האָבן אומעטום געפעלט מענטשן צו דער אַרבעט. אויב אָבער אין פאַבריקן האָט מען נישט מאָביליזירט געוויסע ספּעציאַליסטן, איז אויף נישט קוואַליפיצירטע אַרבעטער, ווי טרעגער צ. ב. נישט געווען חל דאָס געזעץ וועגן באַפרייען זיי פון מיליטער־דינסט. ביי אַנדערע פאַכן האָבן פרויען פאַרביטן די מענער, ביי טרעגעריי אָבער האָבן זיי נישט געקאָנט פאַרנעמען זייערע ערטער. דעריבער האָט מען ממש געחלשט נאָך טרעגערס, וואָס זאָלן שנעל אָפּטון זייער אַרבעט.

מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די באַן־אַדמיניסטראַציע האָט פאַרלאַנגט, אַז דער טראַנספּאָרט זאָל אויסגעלאָדן ווערן אין געציילטע מינוטן און אויסער אַ געלט־שטראָף פאַר פאַרהאַלטן וואַגאָנען לענגער ווי ס'איז דערלאָזבאַר לויט די פאָרשריפטן איז דאָס באַקומען אַ שלעכטן נאָמען געווען נאָך אַ גרעסערער שאָדן.

מיר, די מאָביליזירטע, זיינען געווען די רעזערוו־אַרבעטער און כדי אונדז צו געווינען האָט מען אונדז באַצאָלט נישט מיט געלט, נאָר מיט פּראָדוקטן.

אַ וואָגן מעל האָבן מיר אויסגעלאָדן אין אַ בריגאַדע פון 8 מאַן במשך פון עטלעכע שעה און באַקומען דערפאַר צו דריי קילאָ ברויט.

ס'איז געווען ווינטער 1942־1943. דער ערשטער איינדרוק וואָס איוואַנאָוואָ האָט אויף מיר געמאַכט איז געווען, אַז דאָ דאַרף מען זיך גוט אָנטון. קיין אויסנאַם האָב איך נישט געוואָלט זיין און פאַרדינט האָב איך אַ חודש 300 רובל. אמת, די סטאָלאָווע, ווו כ'האָב געגעסן צוויי מאָל טעגלעך האָט געקאָסט מאַקסימום 50 רובל אַ חודש און די פּראָדוקטן אויף די קאַרטן ווי צו־

קער, פּוטער, הערינג, מאַרמעלאַד, שאָקאָלאַד, גרויפּן און ברויט (800 גראַם אַ טאָג, אויסער צולאָגן פֿאַר גוטער אַרבעט) האָבן געקאָסט אַוודאי נישט מער ווי 50 רובל. דער רעשט האָט געדאַרפֿט קלעקן אויף פאַרריכטן שיך אין אַרטעל פֿון זאַוואָד, אויף שערן און ראַזירן זיך ביים זאַוואָדישן פריזירער, אויף מאַכאַרקע אד״גל.

מיר פלעגן אָבער באַקומען פון צייט צו צייט פרעמיעס פאַר גוטער אַרבעט. פאַר אויסערגעוויינטלעכע פונקציעס ווי אויסלאָדן אַ צוזאַמענשטעל פון עטלעכע צענדליק וואַגאַנען טאָרף, אַ פאָר וואַגאַנען האָלץ, קאָקס, אייזערנע שטאַבעס, מאַשינען אאַ״וו.

די פרעמיעס זיינען באַשטאַנען פון אַ פאָר מעטער שטאָף, אַ פלאַש ספירט, אַ פאָר פעקלעך טאַבאַק און דערצו נאָך טאַלאָנען אויף סטאַכאַנאָווישע מיטאָגן ד. ה. צוגאָב־שפייזן מיט 200 גראַם ברויט צו אַ מאָלצייט.

אַזוי ווי נישט אַלע פרעמיעס האָב איך פאַרנוצט פאַר זיך האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט זיי אויסצובייטן אויף אַנדערע זאַכן. טיילמאָל האָט מען אפילו נישט געדאַרפט גיין אויפן מאַרק: די „טאַשקענטער" האָבן אונדז שוין אַליין באַזאָרגט.

דרך־כלל בין איך ווייניק געווען אויפן מאַרק. ערשטנס נישט געהאַט ווען, צווייטנס האָב איך פיינט דעם האַנדל, דריטנס טויג איך נישט דערצו און פערטנס וויל איך נישט פטרן קיין כוחות אויף שמייען און זיין שטענדיק פאַרהאַוועט. ס׳קומט מיר צו מער כוח פון ליגן אויפן בעט און לייענען אַ בוך, אפילו ווען כ׳דערנער זיך ערגער, ווי ס׳וואָלט מיר צוגעקומען פון גוט עסן, אָבער אין כסדרדיקן אַרומלויפן און קאָפּ־פאַרדרייעניש.

אַ טייל חברים פלעגן זיך וווּנדערן, וואָס איך לאָז דורך געלעגנהייטן פון לייכט פאַרדינען. מיינע אויפקלערונגען האָבן נישט אַלעמען איבערצייגט. אין אומרואיקע צייטן זיינען מענטשן גענויגט צו שאַפן זיך אַד־האָק־פילאָסאָפיעס וועגן אַריינכאַפּן, אויסנוצן די געלעגנהייט, געניסן פון לעבן אאַ״וו, געבנדיק די דאָזיקע געדאַנקען אַ ווולגאַרן זין. די פילאָסאָפיע איז פאַר געוויסע מענטשן נייטיק ווי אַן אויסרייד פאַרן אייגענעם געוויסן, ווי אַ תירוץ פאַרן ווייב און פאַרענטפערונג פאַרן קינד, אין פאַל, אַז ס׳וועט אויסקומען צו רייד. דער טיפּ מענטשן איז נאָך פון די בעסערע, ווייל ער פאַרמאָגט אַ געוויסן און פאַרשטייט אייגנעם, וואָס האָט אַ שטאַרקן ווילן און וואַרפט זיך נישט אונטער.

פאַראַן אַנדערע, וואָס טראַכטן בכלל נישט. אינסטינקטיוו, ווי חיות, זוכן זיי פאַרדינסטן, כדי צו האָבן אַ פרעס. אַ זויף, ווי ס׳וואָלט גאָר אויף דער וועלט קיין מלחמה נישט געווען און ווי מיליאָנען מענטשן וואָלטן נישט געליטן.

איינער פון די „געוויסנהאַפטע" מענטשן האָט זיך צו מיר דערנענטערט. זיין בעט איז געשטאַנען ביי מיינעם און ער פלעגט מיר דערציילן וועגן זיין לעבן אין טאַשקענט, פון וואַנען מ׳האָט אים על פי טעות מאָביליזירט און ווו ער האָט אַ פרוי און קינד.

איך בין געוואָרן פאַר אים אַ מין גייסטיקער אָנלען. מיט געדולד פלעג איך אים אויסהערן און מיט מיטגעפיל אים ענטפערן, עצהן, אויסריידן דאָס

האָרץ. ער האָט נישט געוווסט וויאַזוי אויסצודריקן זיין דאנקבאַרקייט און האָט זיך גענומען באַשעפטיקן מיט מיינע עקאָנאָמישע אינטערעסן.

כ׳בין געווען צופרידן, וואָס ער באַפרייט מיך פון צוגאָבזאָרגן. דערפאַר האָב איך אים באַזאָרגט מיט בילעטן אין קינאָ, טעאַטער, האָב שטענדיק געהאַט פאַר אים א בוך, פון דער שטאַטישער ביבליאָטעק אָדער וואָס כ׳האָב גע־קויפט אין „קאָגיז״ (מלוכהשע בוכהאַנדלונג). אַט די פריינדשאַפט אונדזערע האָט זיך געצויגן לאַנגע חדשים. מיר האָבן מיט דער צייט באַקומען אַ צי־מער אין זאַוואָדישן הויז, נאָך מיט צוויי אַנדערע חברים און געלעבט זייער גוט ביז ער איז איינמאָל אַוועקגעפאָרן אין אַ קאָמאנדיראָווקע, פון וועלכער ער איז שוין צוריק נישט געקומען. אַנשטאָט צו פאָרן קיין גוריעוו אין סיביר, פון וואַנען ער האָט געזאָלט באַזאָרגן אַ טראַנספּאָרט קאָקס, אויב כ׳האָב נישט קיין טעות, איז ער געפאָרן קיין גוריעוו ביים קאַספּישן ים. פאַרשטייט זיך, אַז דאָרט האָט ער נישט געקאָנט דערליידיקן זיין שליחות. איז ער זיך מיישב געווען און, אַזויווי ס׳איז געווען נישט ווייט פון טאַשקענט, אַהיימגעפאָרן, אויפגעקלערט אין „וואָיענקאָמאַט״ דעם טעות און געגאַנגען צו זיין אַלטער אַרבעט. די בריוו, וואָס אונדזער דירעקציע האָט געשריבן וועגן דאָזיקן ענין האָבן קיין פּעולה נישט געהאַט, ווייניקסטנס אין דער צייט, וואָס איך בין דאָרט געווען.

פון וועג האָט ער, מאַרק אַבראַמאָוויטש, נאָך געשריבן צו מיר, אָבער פון טאַשקענט האָט ער פון זיך נישט געלאָזט הערן.

איך בין דערווייל אַריבער צו אַנדערער אַרבעט.

## 35. געבליבן אָן שיך

במשך די פּאָר חדשים, וואָס כ׳האָב געאַרבעט אין צעך האָב איך צעריסן עטלעכע פּאָר שיך און כ׳בין געבליבן באָרוועס. ס׳איז מיר אוממעגלעך געוואָרן אַרייַנצוקומען אין צעך, ווייל דער שמעלץ, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד האָט געשטאָכן די פיס.

אין נאָרמאַלע צייטן באַקומען די אַרבעטער פון פאַבריק אַ ספּעציעלע קליידונג (ספּעצאָוקע) און באַשוכונג, אָפּהענגיק פון סאָרט אַרבעט. איך האָב אויך באַדאַרפט באַקומען אַ פּאָר שטיוול און נישט באַקומען.

צי דערפאַר, וואָס ס׳איז נישט געווען, צי דערפאַר וואָס דער דירעקטאָר האָט נישט געהאַלטן, אַז כ׳האָב די ווערט — ווייס איך נישט. אָבער דאָס אַרויסגיין צו דער אַרבעט, דאָס טראָגן דעם קעסל איבערן גרויסן צעך, ווו אויף יעדן שריט האָסטו זיך אָנגעשטויסן אויף אייזן, איז געוואָרן אַ פּיין.

אַ געוויסן טאָג האָב איך געמאָלדן דעם לייטער פון צעך, אַז צו דער אַרבעט קאָן איך נישט גיין, אָבער אויב ער האָט פאַר מיר אַן אַנדערע פאַרווענדונג בין איך גרייט. דער לייטער האָט מיר פאָרגעלייגט צו מאַכן טעכנישע צייכענונגען, אַ זאַך וואָס איז פאַר מיר שווערער ווי צו שטיין ביי דער וואַגראַנקע און טראָגן דעם קעסל. כ׳האָב געענטפערט, אַז דאָס קאָן איך נישט.
— אויב אַזוי, האָט ער מיר געזאָגט, גיי צום דירעקטאָר.

כ׳בין געגאַנגען צום דירעקטאָר און אים דערציילט דעם גאַנצן ענין. ער האָט אָבער זיך קוים צוגעהערט צו דעם וואָס איך רייד, און באַגאַטעליזירט מיין לאַגע.

כדי צו דערפילן מיין פליכט ביזן סוף און זיך נישט האָבן שפּעטער וואָס פאַרצוואַרפן האָב איך דעם דירעקטאָר געוואָרנט, אַז אָן „ספּעצאָוקע" גיי איך נישט צו דער אַרבעט.

ווי נאָר איך בין נישט געקומען צו דער אַרבעט און אַ ביולעטען, אַז כ׳בין קראַנק האָב איך אויך נישט געבראַכט האָט מען מיך אַרויסגערופן צום דירעקטאָר. דאָ, האָב איך געוווסט, וועט פּלאַצן דער בלאָטער. איך בין געגאַנגען אין גאַנצן רואיק און דעצידירט אַפילו צו נעמען אויף זיך געריכטלעכע קאָנסעקווענצן פאַר איבערשרייטן דאָס געזעץ פון יאָר 1940 וועגן „פּראָגול", ד. ה. בכיוון נישט קומען צו דער אַרבעט.

דער דירעקטאָר איז געווען אין קאַבינעט נישט אַליין. אַנטקעגן אים איז געזעסן אַ פאָרשטייער פון אַ סאָוויעטישער, אָדער פאַרטייאישער אינסטיטוציע.

ווער ס'איז געווען האָב איך נישט געוווּסט, אָבער אַז ער האָט אַ שייכות צו מיין ענין האָב איך פאַרשטאַנען פון זיין אַריינמישן זיך אין שמועס.

— כ'בין געקומען לויט אייער אויפפאָדערונג, חבר דירעקטאָר!

— פאַרוואָס גייט איר נישט אַרויס צו דער אַרבעט? — נעמט ער אַ הויכן טאָן — איר ווייסט, אַז ס'איז מלחמה און אַז נישט גיין אַרבעטן הייסט ברעכן שאָדן דעם פראָנט?

— יאָ, כ'ווייס, אַז ס'איז מלחמה, אַז נישט וואָלט איך דאָ נישט געווען. און בנוגע אַרויסגיין צו דער אַרבעט איז אמת, אַז כ'גיי נישט, אָבער כ'האָב אַ סיבה: כ'האָב נישט קיין שיך.

דער פאַרשטייער האָט געכאַפּט אַ קוק אויף מיינע פיס און דערזען אַ נאַכהענגענדיקע זויל, וואָס האָט זיך איבערגעבויגן צום קנאַפּל.

— אָבער איידער כ'האָב אויפגעהערט צו אַרבעטן, האָב איך געבעטן אַ „ספּעצאָווקע"? און צי איז פאַראַן אין ראַטן־פאַרבאַנד אַ זאַוואָד אָדער אינסטיטוציע, וואָס גיט נישט קיין „ספּעצאָווקע", אויב די אַרבעט פאַרלאַנגט עס?

דער גאַסט האָט דערפילט די אויפרעגונג אין מיין טאָן און מורא געהאַט, אַז כ'וועל זיך נישט באַהערשן און אַריינזאָגן דעם דירעקטאָר אַ פּאָר שאַרפע ווערטער. ער האָט עס געוואָלט אויסמיידן און גענומען ריידן בכלל וועגן דער מלחמה, וועגן אונדזער הילף דעם פראָנט, וועגן אָנשטרענגונגען, וואָס יעדער פון אונדז מוז מאַכן אא"וו. ער האָט גערעדט מיט אַזאַ טאָן און דערהויבן דעם שמועס צו אַזאַ מדרגה, אַז ס'איז געוואָרן וואַרעם אויף דער נשמה און ס'האָט זיך אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן די אייגענע פיס.

כ'האָב אים געענטפערט, אַז כ'האָב אַ פאַרשטענדעניש פאַר אַלץ, וואָס ער זאָגט און ווען דער דירעקטאָר זאָל מיך געווען באַפרייען פון זאַוואָד, וואָלט איך היינט געאַרבעט אין מיין פאַך און פאַרשפּאָרט צו הערן אויף מיין אַדרעס די ווערטער.

צי ס'איז שוין געווען פריער אָפּגערעדט צווישן זיי, צי זיי האָבן זיך פאַרשטענדיקט אויפן ווונק, אָבער דער דירעקטאָר האָט פאַרענדיקט דעם שמועס און מיך אָפּגעשיקט צום הויפּט־אינזשעניער.

אין דער מינוט בין איך אַריין אין קאַבינעט פון אינזשעניער. יורי פּיעטראָוויטש האָט מיך געבעטן זיצן און גענומען פרעגן, וואָס ס'איז פאַרגעקומען צווישן מיר און דירעקטאָר. פון עצם אָוועקשטעלן די פראַגע האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער דירעקטאָר האָט געהאַט אומאַנגענעמלעכקייטן אין שייכות מיט מיין באַזוך ביי אים.

כ'האָב דערציילט פּיעטראָוויטשן די געשיכטע אַזוי ווי זי איז פאַרגעקומען. פּיעטראָוויטש האָט מיך אויסגעפרעגט פּרטים פון מיין ביאָגראַפיע, זיך געוווּנדערט וויאַזוי כ'בין געוואָרן אַ „טאַשקענטער".

כ'האָב דעם אינזשעניער אויפגעקלערט אַלע פּרטים פון מיין לעבן און פון מיינע איבערלעבונגען און אים צום סוף געבעטן ער זאָל אויספועלן אָדער אַ פּאָר שטיוול אָדער אַן אַנדערע אַרבעט.

ער האָט שוין געוווּסט, אַז כ'האָב העכערע בילדונג און זיך פאַרטראַכט וועגן אַ מער צוגעפּאַסטער אַרבעט. יורי פּיעטראָוויטש האָט זיך פאַרשטענדיקט

מיט אַבראַמאָוון, דעם קאָמערציעלן דירעקטאָר, און מיך אָפּגעשיקט אַרבעטן ווי אַ פּאַרוואַלטער פון סקלאַד, ווו ס׳געפינט זיך פאַרטיקע פּראָדוקציע.

אין סקלאַד האָט ביז איצט געאַרבעט אַלעקסיי אַלעקסאַנדראָוויטש גריאַז־נאָוו. ער איז גלייכצייטיק געווען פאַרוואַלטער פון מאַטעריאַלן־סקלאַד ד. ה. פון אַלץ, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין פאַרעם פון רווישטאָף, געהילפס־מאַ־טעריאַלן און פרעמיע־סחורות. ווי זייבער אַ געהילף, וואָס האָט געהאָט די אויפ־זיכט איבער ברענשטאָפן (בענזין, נאַפט, מאַזוט...) איז געווען „דיאַדיאַ סאַשאַ״ אָדער אַלעקסאַנדער לוקיץ, אַן עלטערער און נישט אין גאַנצן געזונטער מענטש.

מיין סקלאַד איז געווען אַ באַזונדערער. כ׳האָב געהאַט עטלעכע סקלאַדן אַפילו און אַ סך דעטאַלן פון מיין פּראָדוקציע זייגען געלעגן אונטערן פרייען הימל, ווייל זיי וואָלטן פאַרנומען צו פיל פּלאַץ אין סקלאַד און ס׳איז געווען צו שווער זיי אַריינצוטראַנספּאָרטירן און שפּעטער אַרויסצונעמען.

די ביוראָ אָבער איז געווען אַ שותפותדיקע פאַר אונדז אַלע דריי.

לכתחילה איז מיר די אַרבעט אויסגעקומען צו זיין אַ לייכטע: פאַרשרייבן די הכנסה און הוצאה פון טשוהון און שטאָל־דעטאַלן, יעדן דעטאַל אויף אַ באַ־זונדערער קאַרטע, אויספילן פאַקטורעס פאַר די זאַוואָדן, וואָס קויפן די דע־טאַלן און האַלטן די קאַרטאָטעקע שטענדיק אַזשור. וואָס קאָן דען זיין לייכטער?

די אַרבעט פון אַ מאַגאַזיניער איז מיר קיין מאָל ספּעציעל נישט געפעלן. אויסער אַ מאַגאַזין פון ביכער, האָב איך פאַר אַנדערע מאַגאַזינען קיין פאַר־שטענדעניש נישט געהאַט. איך האָב נישט פאַרשטאַנען דעם באַטייט פון דער נאָ־מענקלאַטור, כ׳האָב נישט געוווּסט צו וואָס מען דאַרף דעם אָדער יענעם דעטאַל אויך נישט ווי אַזוי זיי ווערן געמאַכט.

איין זאַך איז אָבער פאַר מיר געווען זיכער: אַז די פּראָדוקציע, וואָס ווערט דאָ אַרויסגעלאָזט העלפט צו צעשמעטערן דעם היטלעריזם און דעריבער מוז מען זי וואָס גיכער עקספּעדירן פון דאַנען. דאָס איז לייכט צו זאָגן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וואָס ס׳איז געווען אָפּהענגיק פון מיר האָב איך געטון. מיין פּינקטלעכ־קייט און סיסטעמאַטישקייט אין דער אַרבעט האָבן באַפרידיקט די פאַראינטע־רעסירטע פאַקטאָרן און פאַר דער גאַנצער צייט האָב איך קיין מינדסטן פאַר־וואורף נישט באַקומען. און ביים נייעם דירעקטאָר, מיכאַיל מיכאַילאָוויטש באַטויעוו איז געווען אַ שטרענגע דיסציפּלין.

ס׳זיינען אָבער געווען אויך אומשטענדן נישט־אָפּהענגיקע פון מיר.

האָסט באַקומען דעם דעטאַל נר. 68 צי 524, איבערגעחשבונט, פאַרבראַקירט, אויב האָסט געפונען אַן אומפּינקטלעכקייט אין דער אַרבעט, געחתמעט דעם צעך אַ קבלה, פאַרשריבן ביי זיך אין הכנסה, אויסגעשטעלט אַ פאַקטורע דעם זאַ־וואָד נר. 328 און פאַרצייכנט ביי זיך די הוצאה. דאָס איז ביוראָ־אַרבעט. אָבער צווישן באַקומען די פּראָדוקציע און צווישן שרייבן די פאַקטורע מוז מען זי וואָס גיכער אַוועקשיקן. גוט, אַז אַ דעטאַל איז אַ גרויסער און מען דאַרף אים נישט פּאַקן. געגנוג צוצובינדן צו אים אַ בירקע (אַ האָלצערן ברעטל מיטן אַדרעס) און צופירן צום באַנסקלאַד, אַז דו זאָלסט האָבן דיין פליכט דערפילט.

וואָס טוט מען אָבער מיט דעטאַלן, וואָס מוזן ווערן געפּאַקט אין קעסטלעך? פון וואַנען נעמען קעסטלעך?

ס׳גייען טעלעגראַמעס צום אַדרעסאַט ער זאָל אָפּשיקן די אַלטע קעסטלעך. צי וועט ער שיקן איז ניש באַוווסט. היינט מוז איך אָבער אָפּטראַנספּאָרטירן די דעטאַלן.

כ׳גיי אויפן זאַוואָד נר. 4, וואָס האָט ליגן אַזעלכע קעסטלעך, ווי איך דאַרף. דער קאָמערציעלער דירעקטאָר וויל זיי ניִשט פאַרקויפן, ווייל ער וועט זיי אויך דאַרפן. איך מוז אָנווענדן אַ הויכע דיפּלאָמאַטיע ער זאָל זיך לאָזן איבערצייגן מיר צו פאַרקויפן אַ פּאָר הונדערט קעסטלעך.

איצט קומט אַ סדרה טראַנספּאָרט. אונדזערע אויטאָס זייַנען פאַרנומען: קאָסטיאַ איז געפאָרן קיין מאָסקווע און מאַרוסיאַ פירט איצט מאַזוט. ביז כ׳וועל האָבן די אויטאָס אויף צו נעמען אַלע קעסטלעך ליגט די סחורה אָן אַ נוצן און ס׳לעבט נאָך אַן איבעריקער פאַשיסט.

אַלע הונדערטער קעסטלעך מוז איך דאָך ניִשט האָבן פאַר איין מאָל. היינט דאַרף איך נאָר צוואַנציק. ניִשט לאַנג געטראַכט נעם איך אַ שליטעלע, לאָד אויף עטלעכע קאַסטנס און שפּאַן זיך אַליין איין. צוויי־דריי רייזעס לייזן די פּראַגע אויף היינט. די סחורה איז איינגעפאַקט, די בירקעס צוגעקלאַפּט און איצט איז נאָך פאַרבליבן אַ שעה צייט ביזן שליסן די פראַכטן־קאַסע. די מאַשין שטייט גרייט. מען דאַרף אָפּלאָזן די קעסטלעך — אַ קעסטל — דרייסיק צי פופציק קי־לאָ. ס׳איז ניִשט וויכטיק. איך קאָן ניִשט שטיין און זיך צוקוקן ווי צוויי מענטשן טראָגן די קעסטלעך. ס׳גייט פּאַמעלעך און מיר קאָנען נאָך פאַרשפּעטיקן. כ׳שטעל אונטער אַ פּלייצע און נעם אויף אַ קעסטל נאָך אַ קעסטל. צוליב די עטלעכע קעסטלעך קאָן איך ניִשט רופן דעם עקספּעדיטאָר, וואָס איז גלייכצייטיק פאַר־נומען נאָך מיט אַנדערע זאַכן. נישטאָ כמעט קיין מענטש, וואָס זאָל האָבן בלויז איין באַשטימטע פונקציע. איך פאָר מיט, דערליידיק די פאָרמאַליטעטן, ברענג צו פירן אַ טאַטשקע, העלף אויסלאָדן די קעסטלעך און שפּעטער ערשט קום איך אויפן סקלאַד דערפירן די קאַרטאָטעקע צו אַזשור און טראָג אַריבער דעם חשבון אין פאַרקויף־אָפּטייל.

און אַזוי האָב איך זיך בהדרגהדיק באַקענט מיט באַזונדערע זאַוואָדן. איי־נער האָט אונדז געגעבן קעסטלעך, דער צווייטער האָט געבאָרגט מאַזוט, דער דריטער האָט רעזיגנירט פון אַ וואַגאָן פאַר אונדזער טובה וועגן. מיר האָבן פון אונדזער זייט אַרויסגעהאָלפן אַנדערע זאַוואָדן אָדער דורך מאַכן פאַר זיי אַ דעטאַל אויסער דער ריי, אין איבעשעהן אאַ״וו, אָדער דעמלט ווען מיר האָבן באַקומען אונדזער צוטיילונג פון רווישטאָף אויף אַ לענגערע צייט און ביי זיי האָט דערווייל אויסגעפעלט עפּעס אַ מין.

כ׳האָב זיך אויסגעלערנט די זאַכלעכע שפּראַך פון סאָוויעטישע פאַראַנט־וואָרטלעכע דירעקטאָרן און געוווסט וויאַזוי זיי פאַרצושטעלן אַן ענין.

אויך אין הלכות עקספּעדיציע האָב איך זיך ספּעציאַליזירט, באַקאַנט געוואָרן מיט די פאַראַנטוואָרטלעכע באַן־אָנגעשטעלטע און בהדרגהדיק האָט מיך אַב־ראַמאָוו אַריינגעצויגן אין אַ מער פאַרצווייגטער אַרבעט.

# 36. קאָמאַנדיראָווקעס

קודם כל האָט מיך אַבראַמאָוו אַריינגעצויגן אין ענינים, וואָס האָבן קיין דירעקטע שייכות מיטן סקלאַד נישט געהאַט. ער פלעגט זיך אַראָפּכאַפּן אין סקלאַד און דערציילן, וואָס ס׳קומט פאָר ביי אים אין ביוראָ, וואָס ס׳טוען די געהילפן זיינע, אין וואָס פאַר אַ מאַטעריאַלן ער נויטיקט זיך אאַ״וו. אַלעקסיי אַלעקסאַנדראָוויטש האָט אים צומאָל געגעבן עצות און פאָרשלאַגן. נישט ווילנדיק האָב איך זיך גענומען אָריענטירן אין וואָס ס׳באַשטייט די אויפגאַבע פון אַ קאָמערציִעלן לייטער אויף אַ זאַוואָד.

נאָכן אָפּאַרבעטן דעם טאָג איז מען געקומען צו אַבראַמאָוון, נישט אָפיציעל. ס׳זיינען דאָ געווען פאַרזאַמלט די אַגענטן, וואָס זייער אַרבעט איז באַשטאַנען אין באַזאָרגן מאַטעריאַלן, די פאַרוואַלטערס פון סקלאַדן, דער בוכהאַלטער, אַמאָל אַ צעכמייסטער, אַן אינזשעניער און אין אַ געמיטלעכער בין־השמשות־שטימונג ד. ה. צווישן אַרבעט און אָוונטברויט האָט מען זיך געטיילט מיט אינפאָרמאַציעס. איינער דערציילט וועגן שוועריקייטן אין באַקומען וואַגאָנען, אַ צווייטער ווייסט צו דערציילן אַז דער זאַוואָד אין ק. האָט זייער ביטיק שרויפן, וואָס מיר קאָנען מאַכן ביי אונדז אויסערן פלאַן און דערפאַר איז ער גרייט אונדז צו געבן אַ גרעסערע צאָל מאַטעריאַלן, וואָס אונדזער מעכאַנישער צעך דאַרף האָבן. געווען פיפיקע בחורים, וואָס האָבן זיך אויסגעפיינט מיט זייערע איינפאַלן ביים פאַרשאַפן עפּעס אַ מאַטעריאַל.

ס׳איז מיר לכתחילה נישט געווען פאַרשטענדלעך נאָך וואָס דאַרף מען בכלל די קאָמאַנדיראָווקעס, דאָס שיקן מענטשן, דאָס איינריידן, צויאָגן אאַ״וו. אין מיין פאַרשטעלונג האָט אַלץ אויסגעזען זייער איינפאַך: ס׳איז פאַראַן אַ פלאַן פון פּראָדוקציע אין יעדן זאַוואָד. דערזעלבער פלאַן געפינט זיך אויך אין „גלאַווק״ (צענטראַלע פאַרוואַלטונג פון גלייכמיניקע זאַוואָדן). דער „גלאַווק״ פאַרשטענדיקט זיך מיט אַ העכער־שטייענדיקער, צווישן־מיניסטעריאַלער אינסטאַנץ וועגן צושטעלן רוישטאָף אָדער מכשירים פאַר יעדן זאַוואָד באַזונדער. דער זאַוואָד באַקומט די מעלדונג ווער עס דאַרף אים שיקן און וויפל פון יעדן מין מאַטעריאַל, דיזעלבע מעלדונג באַקומט אויך דער זאַוואָד, וואָס דאַרף צושטעלן די מאַטעריאַלן. נאָכן דערליידיקן די איבערשיקונגען, שיקט איינער אַ חשבון, דער צווייטער אַ געלט־איבערווייזונג און דער ענין איז אויסגעשעפּט.

אין דער פּראַקטיק האָט עס, ווייניקסטנס אין מלחמה־צייט, גאַנץ אַנדערש אויסגעזען.

די פּאַרמעלע זייט איז געווען אין אָרדענונג. דער פּלאַן איז געווען פּאַראויסגעזען, דער „גלאַווק" האָט זיין פּליכט אויך געטון, אָבער דער זאַוואָד האָט פון דעם נאָך נישט געקאָנט אַרבעטן. וואָס טוט מען, למשל, אַז דער זאַוואָד, וואָס דאַרף אונדז אין משך פון קוואַרטל צושטעלן דריי טאָן שטאָל, שטעלט זיי טאָקע צו, נאָר ביים סוף פון קוואַרטל? וואָס זאָל מען טון, אויב דאָס האָלץ, וואָס מיר דאַרפן אַריינפירן אויפן זאַוואָד ליגט ווייט פון דער באַנשטרעקע און מען מוז עס צופירן מיט אויטאָס, וואָס אונדזער זאַוואָד האָט נישט אין אַ צו גרויסער צאָל? און אַז אַ טאַבאַק-פאַבריק גיט אונדז צו וויסן, אַז דער טאַבאַק פאַר אונדז איז צוגעגרייט, אָבער איבערשיקן אים קאָנען זיי נישט, ווייל די באַן איז איבערגעלאָדן מיט אַרבעט און דער טאַבאַק וועט אָפּליגן אויפן באַנסקלאַד עטלעכע טעג, טאָ זאָל מען אים נישט פאָרן נעמען?

צוהערנדיק זיך צו דעם אַלעם האָב איך באַנומען, אַז די פּלענער ווערן אויטאָמאַטיש נישט אויסגעפירט. עס פאָדערט זיך שטענדיק און אומעטום די איניציאַטיוו פונעם מענטשן. ער מוז רעגולירן אַלע פּרטים, וואָס קאָנען און דאַרפן אפשר אין די פּלענער פיגורירן.

אויסער דעם איז די עקאָנאָמיק אַ דינאַמישע. אַ טעכנישע אויסבעסע־רונג פון אַרבעט־מעטאָד און אַ צעך בייט דעם קוואַנטום פון פאַרברויכטן מאַטעריאַל. אַ דעפעקט אין אַ מאַשין, אין אַן אויוון צווינגט אויף איבער־צושטעלן דעם פּראָדוקציע־פּראָפּיל אויף אַנדערע רעלסן כדי נישט צו פאַר־לירן קיין צייט. די מלחמה האָט אַרויסגערוקט כלערליי פאָדערונגען, וואָס זיינען דיקטירט געוואָרן נישט דורכן פּלאַן נאָר דורכן לעבן, דורך די געשעע־נישן וואָס האָבן אויפגעצווונגען אַן אַנדער פּלאַן. דער צופלוס אָדער אָפּפלוס פון מענטשן מחמת מלחמה־צייט האָט נאָר אין אַ געוויסער מאָס געקאָנט רע־גולירט ווערן דורכן פּלאַן פון אַרבעט־רעזערוון.

און אַז מען האָט שוין געהאַט די מענטשן צו אַרבעט, איז דאָס נאָך אויך נישט געווען גענוג. פון איין זייט האָט מען געמוזט זאָרגן, זיי זאָלן זיך קאָנען צופאַסן צו די באַדינגונגען, פון דער אַנדערער זייט ווידער האָט מען געדאַרפט פירן אַן אויפקלער־אַרבעט סיי אַ פאַכמענישע, סיי אַ פּאָליטישע. די מאָביליזירטע זיינען דאָך ס'רוב געווען נישט קוואַליפיצירט און טיילמאָל אויך נישט באַוווסטזיניק. געווען אויך פאַלן, ווען די צאָל קראַנקע איז געווען אַ גרויסע צוליב קלימאַטישע סיבות: די אוזבעקן האָבן צ. ב. שטאַרק גע־ליטן פון די פרעסט און אין אַ שיינעם טאָג האָט מען אַלע צוריקגעשיקט, כדי זיי זאָלן נישט זיין קיין באַלאַסט פאַרן זאַוואָד.

אַזויאַרום זיינען געווען פאַרשיידענע פאַקטאָרן, וואָס האָבן געווירקט אויפן אָרט גופא און פון זיי איז אין אַ גרויסער מאָס געווען אָפּהענגיק די רעאַליזירונג פון פּראָדוקציע־פּלאַן.

איך האָב זיך מיט די אַלע ענינים זייער איבערגענומען און דערפילט אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט, גלייך איך אַליין וואָלט געווען דער דירעקטאָר פון זאַוואָד און כ'האָב אויף זיך גענומען אויפגאַבעס, וואָס האָבן צו מיר דירעקט נישט געהערט.

מיין ערשטע קאָמאַנדיראָווקע איז געווען קיין גוש. מען האָט מיך געשיקט נאָך 31 וואַגאָן טאָרף. דער אויסוואַל איז געפאַלן אויף מיר, ווייל פון אַלע אָנגעשטעלטע אין באַזאָרגונגס־אַפּאַראַט בין איך געווען דער איינציקער, וואָס האָט געקענט די טאָרף־אונטערנעמונג און האָב זיך אָריענטירט אויפן אָרט, וואָס צו וועמען האָט אַ שייכות.

איך בין געווען צופרידן, וואָס די דירעקציע האָט צו מיר צוטרוי און טאַקע געוואָלט באַזוכן מיינע אַלטע באַקאַנטע. ס'איז מיר געווען אָנגענעם צו קר־מען קיין גוש אָנגעטון ווי אַ מענטש. כ'האָב נאָך געדענקט מיין הולך, ווען כ'בין דאָס ערשטע מאָל געקומען אַן אָפּגעריסענער, אַן אָפּגעשליסענער.

די קאָמאַנדיראָווקע האָט געדויערט העכער אַ וואָך צייט. די שווערסטע אַרבעט איז געווען מיטן באַקומען וואַגאָנען. ווען אַלץ איז שוין געווען דערליידיקט און כ'האָב שוין אַרויסגעשיקט אַ טעלעגראַמע צום דירעקטאָר ווען די וואַגאָנען וועלן אָפּגיין האָב איך זיך געפילט גליקלעך.

צוריקגעקומען קיין איוואַנאָוואָ האָב איך זיך גענומען אינטערעסירן ווען די וואַגאָנען וועלן קומען, אָפּגערעדט מיטן באַן־סטאַנציע־שעף, ער זאָל זיי דערלאַנגען צום זאַוואָד און גאַראַנטירט אים, אַז ווי באַלד ער וועט זיי צושטעלן וועט מען באַלד צוטרעטן צום אויסלאָדן.

צוגעזאָגט האָב איך, אָבער דורכפירן די זאַך איז געווען שווערער. גלייכצייטיק אויסלאָדן אַזויפיל וואַגאָנען האָט געפאָדערט נישט ווייניקער ווי הונדערט צוואַנציק מענטשן, פון וואַנען נעמט מען זיי ? כ'האָב אַלאַרמירט דעם דירעקטאָר, ער פון זיין זייט האָט צונויפגערופן די לייטערס פון די צעכן און באַשטימט וויפל יעדער צעך דאַרף צושטעלן מענטשן. די לייטערס האָבן זיך געוועהרט מיט הענט און פיס, געדראָט אַז זיי וועלן דעם פּלאַן נישט אויספילן און אַ טייל פון זיי איז געלונגען עפּעס אָפּצודינגען. אויף הונדערט פּראָצענט זיינען אָבער מאָביליזירט געוואָרן די אָנגעשטעלטע : די בוכהאַלטעריע, די קאַסע, דער סעקרעטאַריאַט, די ראַציאָנאַליזירונג־ביוראָ, דער אָפּטייל פון טעכנישן קאָנטראָל, די אַגענטן אאַ״וו.

דער דירעקטאָר אַליין האָט זיך אויך געשטעלט צו דער אַרבעט, דער הויפּט־אינזשעניער מיט זיינע געהילפן און מיר האָבן אין משך פון עטלעכע שעה אויסגעלאָדן דעם טראַנספּאָרט.

דער לייטער פון דער באַן־סטאַנציע, ניקאָלאַי סעמיאָנאָוויטש, איז געווען זייער צופרידן. ער האָט זיך אויף דעם נישט געריכט. זייט דעמלט האָבן מיר זיך באַפריינדעט און ער פלעגט מיר אָפט אַנטקעגנקומען. מער האָט מען אויפן זאַוואָד נישט באַדאַרפט : צו מיין פונקציע אויפן סקלאַד האָט מען צוגעגעבן נאָך איינע, עקספּעדיציע. אַזוי האָב איך באַקומען דריי אַרבעטן מיט אַ מאָל: פאַרוואַלטער פון סקלאַד, אַגענט און עקספּעדיטאָר.

בעת כ'בין געווען פאַרנומען אויף דער סטאַנציע אָדער אויף רייזעס האָט פאַר מיר די פּראָדוקציע איבערגענומען און אַרויסגעגעבן אַלעקסיי אַלעקסאַנדראָוויטש, אָבער אַריינפירן אַלץ אין די ביכער האָב איך געמוזט אַליין. כ'פלעג עס מאַכן אין מיין פרייער צייט. די פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז געלעגן אויף מיר.

אַ צווייטע קאָמאַנדיראָווקע מיינע איז געווען קיין יאַראָסלאַוול. דאָס איז שוין געווען אַ שווערערע. קודם כל האָב איך נישט געהאַט ווו צו נעכטיקן. אַלע האָטעלן זיינען געווען פאַרנומען. אַדאַנק דער פאַרמיטלונג פון דער סעק־רעטאַרין פון זאַוואָד וווהין כ׳בין געקומען נאָך גומי־רעדער פאַר אויטאָס און זויערשטאָף־באַלאָנען האָט מיך געלאָזט איבערנעכטיקן ביי זיך אירס אַ באַ־קאַנטער שוסטער.

די סחורה האָב איך באַקומען, אָבער נישט באַזאָרגט דעם טראַנספּאָרט. כ׳האָב געהאַט אַ צוזאָג, אַז דער זאַוואָד וועט עס שוין אַליין דערליידיקן. מיין דירעקטאָר איז אויפגעקאָכט געוואָרן פון כעס. ווען ער האָט מיך דערזען אָן די רעדער האָט ער, נישט לאָזנדיק אַפילו אָפּרופן מיר, געהייסן באַלד צוריקפאָרן און ברענגען זיי מיט זיך.

יאַראָסלאַוול איז אַ היסטאָרישע, שיינע שטאָט. דאָ האָט געלעבט דער באַ־קאַנטער רוסישער אַרטיסט וואָלקאָוו, אויף וועמענס נאָמען ס׳הייסט דאָס שטאָ־טישע טעאַטער.

כ׳בין אַראָפּ פון טראַמוויי און צוזאַמען מיט מיר אַ מיידל אין אַ רויט־אַרמייאישער אוניפאָרם. מיט אַ מאָל קומט אָנצופאָרן פון דער אַנטקעגנדיקער ריכטונג אַ טראַמוויי, צו וועלכן ס׳זיינען געווען צוגעבונדן שליטעלעך און אויף זיי קינדער, לאַכנדיקע, פריילעכע. מיר האָבן זיךביידע אָפּגעשטעלט זיך צעשמייכלט און אָנגעהויבן צו שמועסן.

זי האָט אויסגעזען ווי אַ קינד. איר אײדל פנים האָט אויסגעדריקט צער. מיר זיינען געגאַנגען אַ שטיק וועג צוזאַמען און כ׳האָב זיך דערוווסט, אַז איר מוטער אַ מוזיק־לערערין אין לענינגראַד און אַ ייִנגערער ברודער זיינען גע־שטאָרבן. צוויי ברידער זיינען געפאַלן אויפן פראָנט, אַ ייִנגערע שוועסטער אַרבעט אין מאָסקווע און זי איז אַ מעדיצין־סטודענטין און באַדינט עשעלאָנען מיט פאַרוווּנדעטע. זי האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳איז זיך איר שווער צוצוגעוווינען צו דעם מיליטערישן מונדיר. זי בענקט נאָך ציווילער קליידונג. דאָס איינציקע ציווילע וואָס זי טראָגט דאָס זיינען זיידענע זאָקן אין... די שטיוול.

ריידנדיק מיט איר האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז ס׳איז מיינס אַ שילערין. וועגן גורל פון איר פאַמיליע האָבן מיר נישט גערעדט מער. כ׳האָב נאָר געקוקט אויף איר מיט אַ וואַרעמען בליק און איבערגעטראָגן זיך אין גע־דאַנק ווייט פון דאַנען...

די שליחות האָב איך שנעל אויסגעפילט : אַליין אָפּגעשיקט די באַלאָנען און די רעדער. האָבנדיק דערנאָך אַ ביסל צייט, ביז צום אָפּפאָר פון צוג, בין איך געגאַנגען אין אַ בוכהאַנדלונג און זיך איינגעהאַנדלט עטלעכע פוילישע בי־כער, אַ פראַנצויזיש לערנבוך און דעם לאַטייניש טעקסט פון אָווידיוסעס „מע־טאַמאָרפאָזן״. ס׳ווילט זיך נישט פאַרגעסן שפּראַכן. אויסער דעם איז ביי מיר שטאַרק אַנטוויקלט די צוגעבונדנקייט צו דעם עבר, וואָס אַסאָציאירט זיך מיט באַשטימטע אָנגענעמע איבערלעבונגען. און אַ סך פון מיינע איבעלעבונגען זיינען פאַרבונדן מיט ביכער.

## 37. „כ'וועל מיין האַרץ נישט באַפלעקן".

ס'איז מיר נאָך אויסגעקומען צו פאָרן קיין וולאַדימיר, קיין קינעשמאַ און אַנדערע שטעט, מיט וועלכע אונדזער זאַוואָד האָט געהאַט באַציאונגען. קיין קינעשמאַ פלעגט מען פאָרן זייער אָפט נאָך עלעקטראָדן, אָן וועלכע מען האָט די וואָגראַנקע נישט געקאָנט לאָזן אין גאַנג. ס'איז נישט געווען כמעט קיין מענטש אין קאָמערציעלן־אַפּאַראַט, וואָס זאָל נישט האָבן געווען אויפן זאַוואָד פון עלעקטרישער אינדוסטריע אין קינעשמאַ. מיר איז אויך אויסגעקומען אַ סך מאָל צו זיין אין דער דאָזיקער אַלטער, אינדוסטריעלער שטאָט אויף דער וואָלגאַ.

דאָס פאָרן קיין קינעשמאַ איז געווען פאַר מיר אַן אָפּרו. קיין גרויסער אויפטועך האָט מען דאָ נישט באַדאַרפט זיין, ווייל די באַציאונגען האָבן זיך שוין געהאַט איינגעשטעלט זייער רעגולערע. צוליבן דוחק אין טאַרע האָבן מיר שטענדיק אָפּגעשיקט ליידיקע קאַסטנס און אין משך פון אַ פּאָר טעג צוריקבאַקומען פולע. לאַנגע חדשים בין איך געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דידאָזיקע טראַנספּאָרטן. ווען דער צעך פלעגט שיקן אין סקלאַד נאָך די עלעקטראָדן האָט ער אויך מיטגעגעבן ליידיקע קעסטלעך.

ס'האָט זיך אָבער פון צייט צו צייט געטראָפן, אַז דער אַרבעט־טעמפּ פון דער וואַגראַנקע האָט זיך געענדערט. איין מאָל האָט זיך פאַרשטאָפּט די עפענונג מיט אַ שטיק שלאַק און מען האָט געמוזט אויסלעשן דעם אויוון און אים אויסרייניקן. מיר האָבן דעמלט די קעסטלעך נישט געעפנט און צו דער צייט נישט צוריקגעשיקט די טאַרע. זיי, אין קינעשמאַ, האָבן געזען אַז מיר שיקן נישט די טאַרע האָבן זיי אויך נישט געשיקט די עלעקטראָדעס. דערנאָך ווען די וואַגראַנקע האָט גענומען גיין אין פולן גאַנג האָבן מיר שנעל פאַרברויכט די פאַראַנענע עלעקטראָדן און קיין נייע נישט געהאט. אין אַזאַ פאַל — און אין אַ סך ענלעכע — האָט מען געמוזט פערזענלעך אָפּפירן די קעסטלעך און צוריקברענגען פולע.

זייער פאַרלייכטערט די אַרבעט האָט די סימפּאַטישע פאַרוואַלטערין פון סקלאַד, זאַיאַ. פרייד האָט געגלאַנצט אין אירע אויגן, ווען זי האָט געקאָנט דערפילן דעם ווונטש פון די קליענטן. פאַרשטייט זיך, אַז קומענדיק אויפן זאַוואָד, האָט מען באַזוכט דעם דירעקטאָר אָדער זיין פאַרטרעטער, אָבער דער ערשטער שריט איז געווען צו זאַיען.

— וואָס הערט זיך ביי דיר, זאַיאַ?

— ביי מיר — ווי געווען. מען אַרבעט.

— וויאַזוי לעבסטו מיטן נייעם דירעקטאָר ?

— ער איז אַ פּעדאַנט, האָט זיך ליב צו טשעפּען צו קליינינקייטן. ער איז אָבער אַ גערעכטער און אַ מבין אויף אַלץ.

און וואָס איז עפּעס מכוח עלעקטראַדן ?

— דאָס פאַרשטיי איך : גלייך צום ענין, גאָלובטשיק. ווייזט אויס אַז אייער דירעקטאָר האַלט איבער אייך אַ בייטש און האָסט מורא צו ריידן נאָך אַ פּאָר זייטיקע ווערטער, טאָמער פאַרגעסטו דעם עיקר.

— ניין, זאַיעטשקאַ, ווייל כ'האָב טאַקע חשק מיט דיר לענגער צו פאַרברענגען וויל איך פריער אַראָפּטרן דאָס געשעפט כדי כ'זאָל קאָנען פאַרבלייבן דאָ ביז מאָרגן מיט אַ פרייען קאָפּ.

— גוט זיך אַרויסגעדרייט, מאַלאַדיעץ ! ס'קומט דיר אַ פּרעמיע פון דיין דירעקטאָר און פון מיר אויך. זאָג וואָס ווילסטו פון מיר ?

— פיר און צוואַנציק...

— קיש ?

— ניין, קעסטלעך עלעקטראַדן.

— כ'האָב געמיינט...

אַזוי דורכווערטלנדיק זיך, לייכט און מיט דער גרעסטער פשטות, פלעגט אונדז זאַיאַ אינפאָרמירן וועגן מעגלעכקייטן צו באַקומען, וואָס מען דאַרף.

ווי נאָר זי האָט באַקומען די פאַראָרדענונג צו געבן די סחורה, האָט זי שוין נישט גערוט ביז זי האָט אונדז דערליידיקט אַלץ. עס איז געוואָרן פאַרשריבן, פאַקטורירט די קאָמאַנדיראָווקע אָפּגעשטעמפּלט, די סחורה צוגעפירט צום באַנסקלאַד, אין וואָס זאַיאַ האָט אויך געהאַט אַ חלק, און מיר איז נאָך אויסגעקומען צו וואַרטן אַ פּאָר שעה ביז צום צוג, טיילמאָל אַפילו ביז אין דער פרי.

ס'איז געווען פאַרשטענדלעך, אַז אומטברויט עסט מען ביי זאַיען. איך האָב געבראַכט מיין חלק, וואָס מען האָט מיר אָדער מיטגעגעבן פון אונדזער סטאָלאָווע אָדער פון סקלאַד, עפּעס האָב איך צוגעקויפט אויפן באַזאַר און דאָס איבעריקע האָט שוין צוגעגרייט זאַיעס מוטער.

דער פאָטער אירער איז געווען אַ שווייגעוודיקער, אָבער זייער אַ האַרציקער מענטש. אים האָט אינטערעסירט די מלחמה, ווו ס'זיינען געווען זיינע זין און דער איידעם. ער האָט געוואָלט וויסן, צי דער צווייטער פראָנט הייבט זיך אָן און געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף אים.

מיט אַ געלעגער איז מען דאָ אין שטוב שוין געווען פאַרזיכערט : אַ באַזונדער צימער מיט ריינער וועש און אַ נאַכט־לעמפּל. מיר איז דאָ זייער געפעלן צו ליגן און לייענען לידער. און איינמאָל איז מיר אַריינגעפאַלן אין האַנט אַ ליד פון קאָנסטאַנטין סימאָנאָוו, וואָס כ'קאָן בשום אופן נישט פאַרגעסן. כ'האָב עס אויפן אָרט איבערגעשריבן און דערפילט די גאַנצע טיפקייט פון דער נייער סאָוויעטישער, אייגנטלעך מענטשלעכער מאָראַל. כ'האָב זיך דערשפירט דערהויבן, ווייל אין ליד איז געווען די אָפּשפּיגלונג פון מיין מצב און די אַלע אויספירן האָב איך געקאָנט באַציען אויף זיך. מיין זעלבסט־

ווערדע האָט זיך אין מיר געשטאַרקט. בעת כ׳האָב זיך איבערצייגט אַז אָפּ־געירסן פון מיין נאַטירלעכער היימישער סביבה וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס אַ קאָנטראָל פון דיינע האַנדלונגען האָב איך זיך דאָך געפירט, ווי ס׳זאָגט דער דיכטער אין אַ נישט־דיכטערישער איבערזעצונג:

אַן אַנדערש מאָל, — דאָס איז לייכט מעגלעך,
וואָלט איך ביי אַ צווייטער געזוכט זיך אַ טרייסט
אין אַזעלכע טעג אָבער וועל איך
בלייבן דיר טריי מיט לייב און מיט לעבן.

דווקא ווייל ס׳איז גרויס מיין צער
און כ׳ספק דיך נאָך ווען צו זען
וועל איך אַפילו פון דער ווייטנס
זיין האַרץ דורך שוואַכקייט נישט באַפלעקן.

דאָס ליד האָט פאַר מיר אויפגעלעבט מיין לעבנס־בוך. די גאַנצע נאַכט האָב איך געבלעטערט און נישט געקאָנט איינשלאָפן. אין דער פרי, ווען זי איז האָט אָנגעקלאַפּט, כדי זיך צו געזעגענען בין איך נאָך געזעסן ווי אַ פאַר־הלומטער.

זי האָט זיך געאיילט צו דער אַרבעט. אָבער קוקנדיק אויף מיר האָט זי וואַרשיינלעך באַמערקט מיין ספּעציפישע שטימונג און געבליבן שטיין, נישט וואַגנדיק אויסצורעדן אַ וואָרט.

כ׳האָב איר דערלאַנגט דאָס ליד.

זי האָט עס איבערגעלייענט און שטילערהייט צוגעגעבן: ווי גוט איך פאַרשטיי דאָס!

אַזאַ רושם ווי דאָס דאָזיקע ליד האָט געמאַכט אויף מיר, האָט דעם זעלבן מחברס ליד „זשדי מעניא״ (וואַרט אויף מיר) געמאַכט אויפן גאַנצן לאַנד.

די לידער האָבן געלייטערט די מענטשן, באַרעכטיקט זייערע ליידן, צע־מענטירט די פריינדשאַפט און געהאַרטעוועט די צוגעבונדנקייט. זיי האָבן גע־געבן כוח אויסצוהאַלטן.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע לידער האָבן געהאַט אויף אַלעמען אַזאַ ווירקונג. נישט אַלץ וואָס איך האָב געלעזן האָט געטראָפן אַזוי אין פּינטל, ווי דאָס דערמאָנטע ליד. איך האָב אָבער געלייענט אַ סך, געלערנט און באַ־זוכט טעאַטער. ס׳איז פאַר מיר געווען אַן אָרגאַנישע נויטווענדיקייט צו פאַר־בעמען זיך מיט עפּעס אויסער מיין אַרבעט און אָפּצופרישן זיך גייסטיק.

איך האָב זיך נאָך אַלץ באַטראַכט פאַר אַ לערער און די מלחמה־באַשעפ־טיקונג, ווי אַ פאַרבייגייענדיקע. מיינע ווענדונגען צו באַפרייען מיך פון דער אַרבעט און איבערשיקן צו פּעדאַגאָגישער, האָב איך פון צייט צו צייט באַ־נייט, באַקומען ענטפערס, אָבער קיין ענדערונג אין דעם פּרט האָט זיך אַזוי שנעל נישט פאָרויסגעזען.

איך בין געווען איינגעעקשנט. אויב ס׳האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן צו דערגרייכן מיין ציל ווייל דאָס איז געווען אָפּהענגיק פון אַנדערע, האָב איך

געטון אַלץ וואָס ס'איז געווען אָפּהענגיק פון מיר, כ'זאָל בלייבן אויף דער הייך און נישט פאַרגעסן, וואָס כ'האָב געקענט.

פון צייט צו צייט פלעגן זיך מאַכן גוטע געלעגנהייטן: פון רואיקער אַרבעט איבער זיך.

אין זאַוואָד זיינען געווען איינגעפירט שטענדיקע דעזשורסטוועס. אַ גאַנצן טאָג איז אין סעקרעטאַריאַט געווען די סעקרעטאַרין. אין די אָוונטן און אין די פרייע טעג האָט מען געדאַרפט דעזשורירן. די אויפגאַבע פון דעזשורני איז באַשטאַנען אין אויפנעמען טעלעפאָנען: אַמאָל פון פאַרטיידיקונג־ביוראָ, אַמאָל פון אַ פאַרטייאישער אָדער סאָוויעטישער אינסטיטוציע, אַמאָל פון אַ שכנותדיקער פאַבריק און גאַנץ אָפט פון מאָסקווע. אין אַלע פאַלן האָט דער דעזשורני געהאַט פאַר אַ פליכט צו פאַרצייכענען אַלץ און איבערגעבן דעם זשורנאַל דער דירעקציע. אין אַלאַרם־פאַלן האָט מען גלייך געגעבן צווויסן אין די צעכן. אַ טעלעפאָן פון דעם סטאַנציע־דעזשורני האָט שטענדיק געהייסן אַ מאָביליזאַציע פון מענטשן פאַר אויסלאָדן אַ וואַגאָן.

איך האָב זייער ליב געהאַט די דאָזיקע פונקציע. כ'בין געזעסן אין אַ וואַרעמען צימער, דער העלער שיין פון לאָמפּ האָט זיך ממש געבעטן, מען זאָל אים אָנווענדן צו אַן אינטערעסאַנטער אַרבעט. אין אַזעלכע אָוונטן, אָדער זונטיקס (איך האָב זיי געהאַט אַ סך) האָב איך געלייענט די געשיכטע פון פילאָסאָפיע, שטודירט די קאַרטע פון שלאַכטן, געשריבן מיין טאָגבוך, גע־ענטפערט אויף בריוו און איינגעהילט אין רויך פון אַ מאַכאָרקע זיך אָפּגעגעבן צו קאָנטעמפּלאַציעס.

אין איינעם אַ זונטיק האָב איך אָנגעשריבן אַ בריוו צום שרייבער וואַסילי גראָסמאַן. ס'איז געווען אונטערן איינדרוק פון נאָר וואָס איבערגעלייענטן בוך „דאָס פאָלק איז אומשטערבלעך". ס'האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון די געשטאַלטן פון קאָמיסאַר באָגאַריעוו, פון איגנאַטיעוו, טשרעדניטשענקאָס מוטער.

כ'האָב אים געשריבן אַז דער ראָמאַן קוואַליפיצירט זיך צו זיין אַן אָנהייב פון אַ גרעסערן ציקל, לכל הפחות פון אַ טרילאָגיע. ס'איז דאָ אַ ברייטער פאַרמעסט, דער המשך קאָן אָבער קומען נאָך דער מלחמה.

דיקענס „פּיקוויק־קלוב" האָט מיך ווידער אַריבערגעטראָגן אין אַ גאַנץ אַנדערער וועלט. די זיטן, די באַציאונגען צווישן מענטשן פון גאָר אַן אַנדערן מין, ווי כ'בין געווען געוווינט צו זען. דער רואיקער טאָן און דאָס נישט יאָגן זיך, די עפּישע דויערהאַפטיקייט פון ווערק האָט געהאַט אויף מיר אַ מילדערנדיקע, באַרואיקנדיקע ווירקונג. איך האָב געוווּסט, אַז דורך אָפּציען מיין אויפמערקזאַמקייט פון דער טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט אויף גייסטיקע און אינטעלעקטועלע ענינים גיב איך אַן אָפּרו מיינע נערוון און שטאַרק זיי פאַר אַנדערע טעג אין דער וואָך, פאַר דער צוקונפט וואָס איז נאָך געווען איינגעהילט אין אַ געדיכטן נעפּל אָבער וואָס האָט שוין געלאָזט אָנען וועגן דער ענדגילטיקער לייזונג.

ס'איז געווען אין די טעג פון סטאַלינגראַד.

## 38. בלוט און שוויים פון ציווילע

ס׳איז שוין געווען רעלאַטיוו גוט ווען מ׳האָט געהאַלטן ביים קעגן־אָנגריף. חדשים לאַנג פאַר דעם, האָט מען זיך איינגעהערט צו די „סוואָדקעס" (קאָמוניקאַטן פון סאָוויעטישן אינפאָרמאַציע־ביוראָ) און געוויינטלעך אַוועק אַן אַנטטוישטער: ביי סטאַלינגראַד איז קיין נייעס נישט פאָרגעקומען. די טעמע פון שמועסן צווישן מענטשן איז געווען: דער צווייטער פראָנט. וואָס לענגער ס׳האָט געדויערט אַלץ מער האָט מען געצווייפלט אין דער עקסיסטענץ פון אַ פאַרבינדטן.

עס איז פאַר אַלעמען געווען אָן ספק, אַז כל־זמן סטאַלין זיצט אין מאָסקווע איז קיין סכנה פון אַ קאַטאַסטראָפע נישטאָ און דאָס איז געווען דער אומשטאַנד, וואָס האָט אַלעמען צוגעגעבן כוח. אַלע האָבן מיר געהאָפט און באַקרעפטיקט די האָפענונג מיט אַרבעט.

ערב ניי־יאָר 1943 האָט געזאָלט זיין אַ פרייער טאָג. ס׳איז שוין געוואָרן אַ טראַדיציע אין ראַטן־פאַרבאַנד, אַז אין אַזעלכע טעג ווערן געמאַכט אָנגענעמע סיורפריזן דער אַרבעטערשאַפט און אָנגעשטעלטע פון אינסטיטוציס. דאָס דריקט זיך אויס אין באַקומען פרעמיעס, אויסצייכענונגען, איינלאַדונגען אויף קאָנצערטן, אין טעאַטער אאַ״וו. אין מלחמה־צייט איז דער עיקר געווען דער פראָנט און אַלץ וואָס האָט מיט אים אַ שייכות. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די בריוו פון די משפחות צו די סאָלדאַטן אויפן פראָנט האָבן אַ השפעה אויף זייער מאָראַל. וויפל מאָל האָבן מיר געלייענט אין צייטונג ווענדונגען פון פראָנט־סאָלדאַטן אָדער זייערע „פּאָליטרוקן" צו סאָוויעטישע אינסטיטוציעס מכוח עוולות וואָס ווערן באַגאַנגען לגבי די פאַמיליעס: מען רעמאָנטירט נישט די דירה, מען באַזאָרגט נישט דאָס קינד מיט שיך און וואַרעמע זאַכן, ס׳זאָל קאָנען גיין אין שול אַריין, מען דערליידיקט ביוראָקראַטיש די שטיצע, און נאָך און נאָך.

עס איז געווען פאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן אונדזער פרייען טאָג אָפּגעגעבן פאַר די משפחות פון די רויט־אַרמייער.

אויף דער באַנראַמפּע זיינען געווען אויסגעלאָדן אונדזערע אַ פּאָר וואַגאָן האָלץ. דער דירעקטאָר האָט געהייסן פונאַנדערפירן האָלץ פאַר די משפּחות פון די רויט־אַרמייער, וואָס האָבן געאַרבעט אויף אונדזער זאַוואָד. מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען עטלעכע בריגאַדעס מיט די זאַוואָדישע אויטאָס, אויפגעלאָדן פּאַליענעס, צוגעבראַכט צו דער שטוב און אָפּגעלאָדן. יעדע משפּחה האָט באַקומען לויט דער צאָל צימערן צום באַהייצן. דעם טאָג האָב איך געאַרבעט מיט חשק — פאַר פרויען און קינדער...

אונדזער זאַוואָד האָט געהאַט אַ שעפטום איבער אַ קינדער־גאָרטן. אוי־סער דער פּעדאַגאָגישער אויפזיכט, וואָס האָט געהערט צום בילדונג־אָפּטייל, איז אַלץ איבעריקע דערליידיקט געוואָרן דורך דער זאַוואָד־אַדמיניסטראַציע. די דירה פון עטלעכע צימערן, נישט ווייט פון זאַוואָד, באַהייצונג, באַלייכטונג, כלים, שפּילצייג, פּראָדוקטן, חודשלעכער לוין פאַר די אָנגעשטעלטע לערערינס, טעכנישן פּערסאָנאַל און קראַנקן־שוועסטער — אַלץ האָט באַזאָרגט די דירעק־ציע. אפילו די בוכהאַלטעריע פון קינדער־גאָרטן איז געפירט געוואָרן דורכן זאַוואָד. פון גאָרטן האָבן גענאָסן קינדער פון אונדזערע אַרבעטער און מאָבילי־זירטע. אויך בייַנאַכט פלעגן קינדער דאָרט בלייבן, ווען די מוטערס האָבן גע־אַרבעט אין די נאַכט־שיכטן.

אויך אַנדערע אופנים פון העלפן דעם פראָנט זיינען געקומען צום אויסדרוק.

לויט דער איניציאַטיוו פון יחידים, אָדער פון פאַרזאַמלונגען זיינען אַרויסגערוקט געוואָרן פּראָיעקטן צו שאַפן עסקאַדרילעס אָדער טאַנקן פאַר באַשטימטע מיליטערישע טיילן, מיט וועלכע מ׳האָט געהאַט באַציאונגען. געווען אַפילו אַ קאָלכאָזניק פון סאַראַטאָווער געגנט, גאַלאָוואַטי, וואָס האָט פאַר אייגן געלט געקויפט אַן עראָפּלאַן און אים איבערגעגעבן אַ געוויסן פליער. אונדזער זאַוואָד האָט זיך באַטייליקט אין קויפן אַן עסקאַדריליע. איך האָב זיך באַשטייערט מיט אַ סומע פון 800 רובל. דאָס געלט האָט מען נישט געמוזט איינצאָלן מיט אַ מאָל. אַ גרויסן טייל האָב איך אָבער יאָ געגעבן אין מזומן. כ׳האָב געהאַט אָפּגעשפּאָרט פון די קאָמאַנדיראָווקעס, ווייל אויסער עסן אויפן וועג, רייזע, האָטעל און 3 פּראָצענט, אויב כ׳האָב נישט קיין טעות, פון חודש־לוין פאַר יעדן טאָג אונטערוועגס, פלעג איך נאָך באַקומען פּרעמיעס פאַר דערליידיקן דעם ענין.

זייער פאַרשפּרייט איז געווען דאָס געבן בלוט פאַר פאַרוווּנדעטע. אויף אונדזער זאַוואָד זיינען געווען צענדליקער אויב נישט הונדערטער אַרבעטער, וואָס האָבן געטראָגן די דאָנאָר־אָפּצייכענונג. איך אַליין בין געוואָרן אַ דאָנאָר ערשט אין מערץ 1943, אָבער ביז מיין אַוועקפאָרן האָב איך רעגולער יעדן חודש געגעבן אַ פולע דאָזע בלוט.

דאָס ערשטע מאָל האָט מיך אָנגעכאַפּט אַן אימה. די סביבה פון דאָק־טוירים און שוועסטער, די ווייסקייט פון די צימערן און די אַבסאָלוטע שטיל־קייט האָבן מיך אַריינגעפירט אין אַ שפּיטאָל־אַטמאָספערע. אין דער גאַנצער אומנאָרמאַלקייט פון מלחמה־צייט, אין דער גרויסער פאַרענדערלעכקייט פון דער תקופה, האָט אָבער שפּעטער די דאָזיקע רואיקייט פון שפּיטאָל אויסגע־זען ווי אַן אינדזל אויפן צעבושעוועטן ים און האָט אַריינגעבראַכט אין מיין געמיט דעם עלעמענט פון סטאַביליטעט און זיכערקייט.

די פּראָצעדור אַליין האָט געדויערט לאַנג : לייג זיך, שטרעק אויס די האַנט, באַוועג מיט דער האַנדפלאַך, ליג רואיק, שטיי אויף — דאָס זיינען די באַ־פעלן, וואָס אַ שוועסטער גיט דיר בעת די דאָקטאָרין בינדט אַרום די האַנט, שטעלט צו אַ כלי מיט אַ רערל און מעסט די גראַמס בלוט, וואָס זי נעמט ביי דיר. דו מוזסט אָבער פאַר דעם דורכמאַכן פאַרשיידענע אונטערזוכונגען : צו־

ערשט צי ביסטו געזונט, צי וועט דיר אַליין נישט שאַדן דאָס אָפּגעבן בלוט; ווייטער ווערט געפּאַרשט דאָס בלוט גופא : וועלכע גרופּע און וויפל פּראָ־צענט העמאָגלאָבינעס; צום סוף ווערסטו רעגיסטרירט און באַקומסט אַ טער־מין, ווען צו קומען.

נאָכן געבן דאָס בלוט האָט מיך די שוועסטער אַריינגעפירט אין אַן עס־צימער, וווּ מ׳האָט מיר געגעבן אַ געשמאַקן פרישטיק, און כדי צו דערגאַנצן די כוחות, וואָס דאָס בלוטגעבן האָט גורם געווען, האָט מען מיר נאָך געגעבן קאַרטן אויף באַשטימטע דעפיציט־פּראָדוקטן אין אַ ספּעציעלן מאַגאַזין פאַר „דאָנאָרס״. די סאַמע לעצטע פּראָצעדור איז געווען דאָס באַקומען אַ באַ־שטימטע, גאַנץ גרויסע, סומע געלט.

ביי געוויסע מענטשן האָט דער „דאָנאָריזם״ געשפּילט די ראָלע פון אַ קוראַציע : כ׳האָב געקענט אַרבעטאָרינס ביי אונדז אויפן זאַוואָד, וואָס האָבן זיך גערימט, אַז זיי פילן זיך געזונטער זייט זיי גיבן דאָס בלוט. זיי ווערן נישט אַזוי דיק ווי פריער. פאַר אַנדערע האָבן באַשטימט געהאָט אַ באַדייט סיי די סומע געלט, סיי די פּראָדוקטן, ביי אַלעמען האָט אָבער דאָמינירט דער מאָמענט פון באַפרידיקונג, אַז מיטן אייגענעם בלוט העלפט מען צו אויסראָטן דעם היטלעריזם.

מיט בלוט און... שווייס. נישט איינמאָל איז אויסגעקומען צו שוויצן ביי דער אַרבעט. צומייסטנס פלעגט דאָס זיין פאַר אַ יום־טוב : פאַרן ערשטן מאַי אָדער פאַר די אָקטאָבער־פייערונגען. דער גאַנצער קאָלעקטיוו נעמט אַ התחייבות צו באַצייכענען דעם טאָג פון קאַמף מיט דערגרייכונגען, וואָס פילן אויס די זעלבע פונקציע : זיי שטאַרקן די אַרבעטער־מדינה און שוואַכן אָפּ אירע שונאים.

פאַרן ערשטן מאַי 1943 בין איך געווען שטאַרק פאַרנומען. נישט גע־האַט קיין טאָג מ׳זאָל נישט לאָדן וואַגאָנען מיט פּראָדוקציע אָדער מ׳זאָל ווײ־ניקסטנס נישט אַרויסגעבן פון צעך אין סקלאַד אַריין, כדי זי זאָל פאַרעכנט ווערן אין אַלגעמיינעם צעטל. צווישן אַנפילן פון איין אויטאָ און אַ צווייטן האָב איך געמוזט ברענגען אין אָרדענונג די דאָקומענטן, אויסשטעלן פאַקטורעס, שרייבן „פּראָפּוסקן״ (אַ דערלויבעניש אַרויסצופירן די סחורה פון זאַוואָד), צוגרייטן ביר־קעס מיט אַדרעסן און אָפּלאָזן די פּראָדוקציע.

ס׳האָט מיך געקאָסט שטענדיק אָנשטרענגונג, אָבער כ׳בין תמיד געווען אַזשור. אויף וויפל דער אָפּשניט פון מיין אַרבעט איז וויכטיק און מיין אָפּגע־היטענע פּינקטלעכקייט און פּעדאַנטיזם אויפן אָרט האָב איך זיך איבערצייגט אין די זעלבע צעהיצטע טעג פון ערב־מאַי.

ס׳איז פאָרגעקומען אַן אומפאַרשטענדעניש צווישן אונדזער זאַוואָד און „איוטאָרפּמאַש״ — אַ שוועסטער־זאַוואָד פון זעלבן נאַרקאָמאַט אין איוואַנאָ־וואָ — בנוגע דער כמות פּראָדוקציע, וואָס מיר האָבן אָפּגעלאָזן. די בוכהאַל־טעריעס האָבן זיך נישט געגליכן, אונדזער פאַרקויף־אַפּאַראַט האָט געהאַט אַנ־דערע ציפערן ווי דער איוטאָרפּמאַשער און דער ענין איז דערגאַנגען צום קאָ־מערץ־דירעקטאָר. אַבראַמאָוו האָט אָנגעקלונגען צו מיר און געפרעגט, צי

כ׳קאָן אים זאָגן אַ גענויע ציפער. טעלעפאָניש האָב איך אים איבערגעגעבן פאָזיציע נאָך פאָזיציע דעם נומער פון פאַקטורע, די צאָל אָדער וואָג פון דעטאַלן און דעם נאָמען פון אָפּנעמער לויט דער חתימה. כ׳האָב אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל אין נישט באַוויזן נאָך צו נעמען זיך צו מיין אַרבעט, ווי ס׳פאלן אַריין אַבראַמאָוו מיט אַ פאָרשטייער פון „איווטאָרפמאש״, וואָס וויל זיך אַליין איבערצייגן, אַז כ׳האָב געלייענט נישט קיין אויסגעטראַכטע מעשה.

כ׳האָב אַרויסגענומען פון דער קאַרטאָטעקע די קאַרטע פון געגעבענער פּראָדוקציע, אויפן סמך פון די פאַרשריבענע נומערן האָב איך אָן מי געפונען די אָריגינעלע דאָקומענטן און חתימות און אָנגעוויזן אַפילו דעם נומער פון „פּראָפּוסק״, וואָס כ׳האָב אויסגעשריבן יעדעס מאָל.

דער רושם, וואָס די דאָקומענטאַציע־פירונג האָט געמאַכט אויף ביידע, איז געווען אַן אומבאַשרייבלעכע. דער פאָרשטייער פון „איווטאָרפמאַש״ האָט אין געדאַנק אוודאי געזידלט זיין בוכהאַלטעריע מיט אַלע אַגענטן. אַבראַמאָוו האָט טריאומפירט. ווי איינער רעדט : פונאַנדערשטעלן קאַדרען אויף די פאַסיקע ערטער דאַרף מען קענען. זיין אָנערקענונג פאַר מיין אַרבעט האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַרגרעסערטע פּרעמיעס. דאָסמאָל האָב איך באַקומען אַ האַלבן ליטער ספּירט און אַ פּאָר קאַלאָשן. דעם ספּירט האָב איך אויסגעביטן אויף אַ גוטער גימנאַסטיאָרקע, אין וועלכער כ׳האָב געפייערט דעם יום־טוב. אויסער די זאַכן־פּרעמיעס האָב איך, צוזאַמען מיט אַ סך סטאַכאַנאָווצעס, באַקומען אַ געלט־פּרעמיע אין דער הויך פון אַ חודשלעכן לוין, צען קילאָ קאַרטאָפל און פאַרשטייט זיך סטאַכאַנאָווישע מיטאָגן ד. ה. פון „אינזשעניערישע און טעכנישע אַרבעטער״ (אי. ט. ר.), וואָס זיינען בעסערע און צו וועלכע מ׳באַקומט נאָך אַ ברויט־נאָרמע פון 200 גראַם.

אונדזער דירעקטאָר האָט נישט אָפּגעלאָזט פון טעמפּאָ. אַלע אויפן זאַוואָד האָבן געהאָרעוועט און צום סוף באַקומען די אָנערקענונג פון מלוכהשן פאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט : די רויטע איבערגאַנג־פאָן.

ס׳איז געווען אַ פייערלעכער טאָג, דער 19־טער יוני 1943.

אויף אַן אימפּראָוויזירטער טריבונע, אין זאַוואָדישן הויף, זיינען זיך צונויפגעקומען אָפיציעלע געסט : דער ערשטער סעקרעטאָר פון פאַרטיי־אָבקאָם פאַלצעוו, פאָרשטייער פון ראַיאָן־קאָמיטעט, דעלעגאַטן פון אַנדערע זאַוואָדן אא״וו. פינף גוואַרדיע־אָפיצירן זיינען געשטאַנען פאַר דער טריבונע. דער מיטלסטער האָט געהאַלטן די פאָן.

נאָכן עפענען דעם מיטינג האָט אַ גוואַרדיע־קאַפּיטאַן איבערגעגעבן דעם דירעקטאָר די פאָן, וועלכער דער לעצטער און נאָך עטלעכע זאַוואָד־פאָרשטייער האָבן אַ קוש געגעבן.

נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן די רעדעס. מען האָט אונטערגעשטראָכן, אַז פון אַן אָפּגעשטאַנענעם זאַוואָד זיינען מיר געוואָרן דער ערשטער אין חודש מאַי און דערפאַר באַקומען מיר די פאָן. מען האָט אונדז געווונטשן ווייטער צו שטיין אויף דער וואַך און נישט לאָזן זיך איבעריאָגן.

פון אַלע רעדעס איז מיר אַמשטאַרקסטן געפעלן די רעדע פון פאַרטיי־

סעקרעטאַר. ער האָט אָנגערירט איין מאָמענט, וואָס אַנדערע האָבן דורכ־געלאָזן: ער האָט דערמאָנט די געפאַלענע. ס'האָט זיך געפאָדערט טאַקט צו פאַרשטיין, אַז צווישן די פאַרזאַמלטע זיינען פאַראַן פרויען, עלטערן, קינדער פון געפאַלענע. זיי האָבן שוין נישט קיין האָפענונג אויף דער צוקונפט צו זען די אייגענע. אָבער דערמאָנענדיק דעם נאָמען אָדער אָפגעבנדיק כבוד די געפאַלענע ווערן ביי די קרובים אָנגערירט אינטימע סטרונעס און ס'צינדט זיך אָן אַ פייערל פון דאַנקבאַרקייט, וואָס מען פאַרגעסט נישט און אַ ווילן ממשיך צו זיין אין גייסט פון די געפאַלענע.

די צערעמאָניע פון אויסצייכענען דעם זאַוואָד איז געווען פאַרבונדן מיט אַ פרייערלעכן מיטאָג פון אַלע אַרבעטער און מיט אַ לאַנגן צעטל פון אויסגע־צייכנטע און פרעמירטע.

מיין נאָמען אויפן דאָזיקן צעטל האָט מיך איבערצייגט, אַז כ'האָב אַ חלק אין קאַמף, וואָס פירט זיך קעגן שונא פון דער מענטשהייט, קעגן היטלערן.

# 39. קלאַווע און מאַשאַ.

ס׳איז אוממעגלעך צו געדענקען אַלע די, וואָס האָבן אַ חלק אין דאָזיקן קאַמף. אַפילו פון איין זאַוואָד וואָלט מען געקאָנט אויסרעכענען הונדערטער, פון וועלכע יעדער האָט אויף זיין שטייגער, לויט זיינע פעאיקייטן געטון אַלץ פאַרן זיג. און אַז ס׳איז געקומען אַ לופט־אַליאַרם און צענדליקער דייטשע אַוויאָנען האָבן זיך דורכגעריסן דורך די פראָנט־ליניעס, כדי צו באָמבאַרדירן פרידלעכע איינוווינער, האָט זיך נאָך געשטייגערט די פאַרביסנקייט קעגן שונא און דער איינציקער ענטפער איז געווען — אַרבעט.

צוויי מיידלעך שטייען מיר פאַר די אויגן, ווען איך ברענג אויפן געדאַנק די תקופה פון זיין אויפן זאַוואָד: קלאַוואַ און מאַשאַ, אָדער מאַרוסיאַ.

קלאַווריאַ אַנדרייעוונאַ טיטאָוואַ איז אָנגעקומען אויפן זאַוואָד צו 14 יאָר, אין יאָר 1932. אַ טאָכטער פון אינטעליגענטע עלטערן האָט זי געוואָלט האָבן אַ פאַך און באַשלאָסן זיך אויסצולערנען מעכאַנישע טאָקעריי. זי האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו דער אַרבעט און דערגרייכט גוטע רעזולטאַטן.

שטייענדיק ביים וואַרשטאַט, האָט זי זיך גענומען אינטערעסירן, וואָס ס׳קומט פאָר ווייטער מיט דער פראָדוקציע, ווו ווערט זי אָנגעווענדן, צו וואָס נוצט זי. קלאַווע האָט זיך אויך גענומען שטודירן און פאַרטיפן די ווירטשאַפטלעכע און קאָמערציעלע פראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער פראָדוקציע. זי האָט זיך אויסגעלערנט בוכפירונג און מיט דער צייט ווערט זי סטאַטיסטיקערין פון דער פראָדוקציע: יעדער דעטאַל, יעדער מכשיר, אַלץ, וואָס די פאַבריק לאָזט אַרויס מוז דורכגיין דורך אירע הענט. אַזוי אַרום באַקענט זי זיך מיטן גאַנצן, נישט קליינעם, אַסאָרטימענט פון סחורות. טיילמאָל טרעפט זי אָן אַ נאָמען פון אַ דעטאַל, אַ טעכנישן אויסדרוק, וואָס זי פאַרשטייט נישט, אָדער ווייסט נישט ווי אַזוי די סחורה זעט אויס. קלאַווע פוילט זיך נישט, קומט אַראָפּ אין אַ צעך, אָדער אויפן סקלאַד און נעמט די זאַך אין האַנט אַריין. אַ דאַנק איר וויסנגיריקייט האָט זי געקענט דעם גאַנצן אַרבעטפראָצעס, וואָס קומט פאָר אויפן זאַוואָד און זיך גענוי אָריענטירט וואָס צו וועמען געהערט.

קלאַווע ווערט באַשטימט פאַר אַ לייטערין פון פאַרקויף־אָפּטייל. זי נעמט אָן באַשטעלונגען פון עלעקטראָסטאַנציעס, פון מ.ט.ס. (מאַשין־טראַקטאָר־סטאַנציעס), פון מיליטערישע איינסן, גיט זיי איבער אין פלאַנירונג־אָפּטייל, וואָס דאַרף באַשטימען ווער עס דאַרף דאָס מאַכן און צום סוף אַמ־

פערט זי זיך אַרום מיט לייטערס פון צעכן מאָנענדיק די באַשטעלונג צום טערמין.

ס'איז געווען צו באַוווּנדערן איר ענערגיע ביים אַרויסבאַקומען די טאָרע פאַר דער פּראָדוקציע, איר זיכערקייט ביים פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דירעקטאָרן. איר טאָן איז געווען העפלעך און דעצידירט.

זי האָט געטראָגן אויפן קאָפּ אַלע באַשטעלונגען, געוווּסט וואָס, ווען און ווער ס'האָט פאַרלאַנגט. אויב ס'האָט אַ מאָל פּאַסירט אַ טעות אין דער בוכ־האַלטעריע אָדער אין סקלאַד, איז אָן איר הילף נישט געווען מעגלעך אים צו פאַרריכטן. איר אַרבעט האָט באַקומען אָנערקענונג. מען האָט געוווּסט, סיי דער דירעקטאָר, סיי מאָסקווע, אַז קלאַוודיאַ אַנדרייעוונאַ וועט נישט אַנטוישן. און ווען דער קאָמערץ־דירעקטאָר אַבראַמאָוו איז איבערגעגאַנגען צו אַן אַנ־דערער אַרבעט, איז בכלל נישט געשטאַנען די פראַגע, ווער ס'זאָל אים פאַר־בייטן. ס'איז געווען פאַרשטענדלעך, אַז דער איינציקער קאַנדידאַט איז קלאַווא.

פּריוואַט האָט זי געהאַט אַ שווער לעבן: שטענדיק געווען איינזאַם. נישט קיין חברטעס, נישט קיין חברים. זי האָט פּשוט קיין צייט נישט געהאַט צו זיי. איר חתן איז אַוועק אויפן פראָנט און קיין בריוו פון אים זיינען נישט געקו־מען. זי האָט איר גאַנצע ענערגיע אָפּגעגעבן דער אַרבעט און מיט דעם האָט זי פאַרפולט איר צייט. זי האָט זיך אַליין געזוכט אַרבעט. שטענדיק געווען פאַרנומען און פאַרטון.

אין שטוב ביי איר איז געווען קאַלט. ביז זי האָט נישט באַזאָרגט אַנדערע מיט באַהייצונג האָט זי בשום אופן נישט דערלויבט, מען זאָל איר ברענגען.

דער קאָלעקטיוו האָט אין איר געזען דעם סאַמע איבערגעגעבענעם אַר־בעטער און אין אינטערנאַציאָנאַלן טאָג פון דער פרוי, דעם 8־טן מערץ 1944, איז קלאַווא אויף אַ באַזונדערס פייערלעכן אופן פּרעמירט געוואָרן: ווי אַן אָנפירנדיקע פערזענלעכקייט אין דער זאַוואָד־אַדמיניסטראַציע און ווי די, וואָס איז אַמלענגסטן אויפן זאַוואָד — צוועלף יאָר האָט זי זיך דאָ דערצויגן און דורכגעמאַכט דעם וועג פון טאָקער־לערלינג ביז קאָמערץ־דירעקטאָרין.

און בסך־הכל איז קלאַווא אַלט געווען אַ זעקס און צוואַנציק יאָר, געהאַט בלויע אויגן, בלאָנדע, קורץ געשוירענע האָר און אָפּט פאַררויטלטע באַקן.

דער זאַוואָד איז פאַר איר געוואָרן צו קליין. נישט זי האָט זיך געריסן אַוועקצוגיין, נאָר מאָסקווע האָט פאַרלאַנגט, זי זאָל קומען איבערנעמען אַ מער פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן.

געשען איז דאָס מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער, ערב דעם ענדגילטיקן נצחון, נאָך אַ לאַנגן בריוו־אויסטויש און טעלעפאָן־שמועסן צווישן דירעק־טאָר און גלאַווק. —

מאשא ריבאַקאָווקא איז וואַרשיינלעך געבוירן געוואָרן אין אַ גרוזאָוויק (משא־אויטאָ). אַן דער מאַשין קאָן איך זיך מאשען נישט פאָרשטעלן. ווען אַנדערע מיידלעך זיינען נאָך דער אַרבעט געגאַנגען שפּאַצירן, אין קינאָ, אין פּאַרק, אויף קורסן, אויף לעקציעס, פאַרזאַמלונגען — איז מאשא געלעגן אין אַ גאַראַזש, אונטער דער מאַשין, און געדרייט, געקוקט, באַטאַפּט, פּרובירט די

רעדער, געפּוצט, באַשפּריצם מיט וואַסער און אויסגעפּונען טויזנטער אַנדערע אַרבעטן, אַבי נישט אָוועקצוגיין פון דער מאַשין.

זיבן אַזייגער אין דער פרי האָט זי אָנגעהויבן די טורן: צוערשט באַ־זאָרגט די „וואגראַנקע״ מיט האָלץ, קאָקס, שיכטע (שמעלץ), דערנאָך געפירט די פּאַרטיקע פּראָדוקציע צום באַן און פון דאָרט געבראַכט אָנגעקומענעם רוי־שטאָף. שפּעטער איז זי געפאָרן אויף אַנדערע זאַוואָדן, וואָס האָבן אונדז חבריש אויסגעבאָרגט מאַזוט, קעסטלעך, בענזין... אָדער נעמען אָדער אָפּגעבן דעם עקוויוואַלענט.

מאַרוסיא איז אין סטאַלאָווע נישט איינגעזעסן: איבערגעביסן, דערכאַפּט דאָס האַרץ, האָט זי באַלד געוּנומען טרייבן די „גרוזטשיקעס״ (טרעגערס) און אַנדערע פון מאַשין־עקיפּ מיט די ווערטער: די מאַשין טאָר נישט שטיין.

אין ווינטער — ווען דער באַנפּאַרקער האָט זיך אָפּגעשטעלט, מחמת די גרויסע שניי־זאַווערוכעס האָבן פאַרדעקט די שינעס מיט אַ דיקן שיכט, און פון קינעשמאַ זיינען די עלעקטראַדעס נישט אָנגעקומען — האָט געדראָט אַ סכּנה פון אָפּשטעלן די אַרבעט פון גוסצעך: זיין האַרץ, די וואַגראַנקע, וואָלט אויפ־געהערט צו פונקציאָנירן.

דער נייער הויפּט־אינזשעניער פּאַוועל וואַסיליעוויטש איוואַנאָוו (אַ פּסקאָווער אַליין) און דער לייטער פון צעך מיכאַיל יעפּימאָוויטש ספּיצין זיי־נען אַרומגעגאַנגען ווי דולע.

וויאַזוי קאָן מען דערלאָזן אָפּצושטעלן די אַרבעט פאַרן פּראַנט, ווען אַרום און אַרום האָבן זיך געטראַגן לאָזונגען „אַלץ פאַרן פראַנט״ נישט נאָר אין די צייטונגען און אויף די ווענט, נאָר אויך אין די הערצער פון אַלע בירגער.

ס׳האָבן זיך צונויפגענומען אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן צושטעלן מאַ־טעריאַלן אין ביוראָ פון קאָמערץ־דירעקטאָר און געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע בעז.

מאַשאַ איז צופעליק אַריינגעקומען באַשטעטיקן עפּעס אַ חשבון פאַר בענזין און באַמערקט די געדריקטע שטימונג. לכתחילה האָט זי געמיינט, אַז ס׳איז אָנ־געקומען עפּעס אַ שלעכטע ידיעה פון פראַנט, אָדער אַז עמעץ פון די באַקאַנטע איז קראַנק און אפשר חלילה געשטאָרבן.

ווען מ׳האָט איר געזאָגט אין וואָס ס׳גייט, האָט זי לאַנג נישט געטראַכט נאָר פאַרלאַנגט מען זאָל איר דערלויבן צו פאָרן און מיטשיקן פיר געזונטע יונגען מיט לאָפּעטעס און קירקעס אָפּצורייניקן דעם וועג. זי האָט טאַקע גלייך גענומען זיך גרייטן אין וועג אַריין.

ביז איצט איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז מ׳קאָן דורכמאַכן דעם מרחק פון 140 קילאָמעטער קיין קינעשמאַ און צוריק אין אַן אויטאָ. ס׳האָט אויסגעזען ווי מען זאָל שיקן אַ מענטשן אויף אַ זיכערן טויט.

ווען מען האָט באַשלאָסן, אַז מאַשאַ פאָרט און איר צוגעגעבן די פאַרלאַנגטע מענטשן, האָט זי אָוועקגערופן אָן אַ זייט מיכאַיל יעפּימאָוויטשן און צווישן זיי איז פאָרגעקומען אַזאַ דיאַלאָג:

— מיכאַיל יעפימאָוויטש, איך פאַרלאַנג פון דיר זאָלסט מיר זאָגן דעם גאַנצן אמת.

— איך זאָג דיר צו, מאַרוסיאַ.

— אָבער נישט ווי אַ „באַטשאַלניק צעכאַ״, נאָר ווי אַ מענטש?

— וואָס איז דער אונטערשייד? — וווּנדערט זיך ספּיצין.

— דער אונטערשייד איז דער, וואָס אַ „באַטשאַלניק״ האָט ליב צו מאַכן אַ טומל, אַז ס׳פעלט אים דאָס און ס׳פעלט אים יענץ, כדי ער זאָל זיין געדעקט, טאָמער פעלט ביי אים אויס מאַטעריאַל: ער האָט דאָך געזאָגט. אָבער אַז מען גיט אַ גוטן קראַץ געפינט מען ביי אים ליגן מאַטעריאַלן, וואָס ער אַליין ווייסט נישט וועגן זיי. אַבי ער שרייט...

— איצט פאַרשטיי איך שוין, מאַרוסיאַ. דו ווילסט אַוודאי וויסן אויף וויפל טעג ס׳וועט קלעקן דער זאַפּאַס פון עלעקטראָדן, וואָס מיר האָבן.

— יאָ, דאָס מוז איך וויסן, כדי לויט דעם זיך צו ריכטן אין וועג.

— זאָג איך דיר בסוד־סודות, דעם הייליקן אמת: כ׳האָב נאָך אויף צוויי מעת־לעת. טאָמער קומסטו נישט צו דער צייט, איז שלעכט.

מאַרוסיאַ האָט זיך געזעגנט מיט אַלעמען. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז זי גייט ריזיקירן מיטן לעבן. זי האָט נאָר געוווּסט, אַז זי האָט אַ מער קאָמפּליצירטע אַרבעט. דעם גאַנצן ענין האָט זי אויפגענומען מיט אַ געמאַכטער נאָנשאַלאַנץ, ווי ס׳פּלעגט טון איר לערער און מייסטער פון גאַראַזש, דער פאַרזיכטיקסטער און געוואַגטסטער שאָפער, וואָס כ׳האָב באַגעגנט אין לעבן, קאָסטיאַ קיסליאַקאָוו.

אין האַרצן האָט מאַרוסיאַ אַ ביסל געציטערט. זי האָט נאָך אַ מאָל באַטראַכט די מאַשין און אַלע אירע טיילן, אויפגעלאָדן רעזערוו־גומעס און רעדער, געהייסן אַרויפשטעלן אַ צוגאָב־פאַס בענזין, מיטגענומען צידה לדרך, אַ פּאָר פלעשער וואָדקאַ צו דערוואַרעמען זיך אויפן וועג — און איז אַוועקגעפאָרן.

ס׳איז נישט צו באַשרייבן אין וואָס פאַר אַן אומגעדולד און אומרואיקייט מיר האָבן געלעבט אין דער צייט פון מאַרוסיאַס אָפּוועזנהייט. מען האָט געמאַכט השערות, געקלונגען קיין קינעשמאַ, כדי צו וויסן ווען זי איז געקומען און ווען זי איז אַוועק.

זי האָט געהאַט אַ שווערן וועג. צו דער צייט אָבער איז זי צוריקגעקומען, פּירנדיק אַ פולע אָנדערהאַלבטאָניקע מאַשין מיט עלעקטראָדעס, גוט פאַרפּאַקטע. אירע באַגלייטערס זיינען געווען טויט מידע. אויך מאַשאַ האָט געהערט צו די, וואָס זייער מוט און איבערגעגעבנקייט צו דער אַרבעט האָבן איר געגעבן אַן אָרט אין די אַנגאַלן פון זאַוואָד, ווו מען האָט זי אריינגעשריבן מיט גאָלדענע אותיות אין טאָג, ווען זי האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג, דעם 8־טן מערץ.

## 40. שטימונגען און אויסדויער

מאַשעס און קלאַוועס זיינען געווען ביי אונדז אַ סך. יעדער אויף זיין אָרט האָט געטון דעם מאַקסימום, כדי צו דערפילן די אויפגאַבעס, וואָס מען האָט אויף אים אַרויפגעלייגט. וויכטיק זיינען געווען נישט נאָר די דעטאַלן פון מאַשינען, נאָר די צופרידנקייט פון מענטשן, וואָס מאַכן זיי.

אָט האָט געאַרבעט אין קאָמיטעט פון פראָפעסיאָנעלן פאַראיין אַ באַשיידענע גוטמוטיקע און האַרציקע פרוי קאַטיאַ. זי האָט געוווינט אין איינעם פון די הייזער, וואָס האָבן געהערט צום זאַוואָד און זיינען געשטאַנען פון יענער זייט פלויט, אָבער זייערע פענצטער זיינען אַרויס צום הויף פון זאַוואָד.

קאַטיאַ איז שטענדיק געווען אין באַוועגונג. זי איז געגאַנגען קויפן מאַרקעס פאַר די פראָפ־בילעטן, איבערוויזן סומעס דעם „ראַיקאָם", אָדער „אָבקאָם", שטענדיק פאַרנומען מיט חשבונען. פאַר מיינע צייטן איז נישט געווען קיין איין צוגאָב־אַרבעט, אַז קאַטיאַ זאָל זיך נישט באַטייליקן אין איר: טראָגן האָלץ, אויסלאָדן טאָרף, רייניקן דעם שניי, צונויפזאַמלען אייזנברוך פון ריזיקן הויף או״וו.

און אַז ס'איז עמעצן געווען פריילעך אויפן האַרצן און ער האָט געוואָלט גיין אין טעאַטער — וועמען בעט מען באַזאָרגן בילעטן? פאַרשטייט זיך, אַז קאַטיען. און אַז ס'דאַרף קומען צו פאָרן אויף אַ קאָנצערט קאָזלאָווסקי אָדער לעמיעשעוו, ווער איז דער ערשטער ביי דער קאַסע מיט אַ בריוו פון קאָמיטעט וועגן רעזערווירן פלעצער פאַר די אַרבעטער? קאַטיאַ.

ווען ס'איז נישט אין איוואַנאָוואָ, נאָר אין אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, וואָלט איך חושד געווען, אַז קאַטיאַ באַקומט פּראָוויזיע פון פאַרקויפטע בילעטן, פונקט אַזוי ווי ביכער־פאַרשפרייטער קריגן פּראָצענטער פון ביכער־פאַרקויף און אַנדערע פאַרמיטלער פאַר עפּעס אַנדערש.

גענוג געווען אָנצוקלינגען צו קאַטיען און בעטן אַ בילעט, אַז מ'זאָל שוין מעגן רואיק זיין, אַז מ'וועט אים האָבן.

קאַטיאַ פלעגט טון נאָך אַנדערש: זי פלעגט ברענגען גלייך אין צעך אַריין בילעטן אויף פאַרשיידענע קולטור־אונטערנעמונגען, ווי קאָנצערטן, טעאַטער־ספּעקטאַקלען, קינאָ־סעאַנסן, טאַנץ־אָוונטן או״וו, פאַרלייגן און פאַרנאָטירן וואָס ווער ס'נעמט. געלט האָט זי שוין שפּעטער אָפּגענומען אין דער קאַסע.

אויב די דערמאָנטע אַרבעטן האָבן געהערט צו אירע פונקציעס, האָט זי אָבער געהאַט פונקציעס, וואָס זיינען געווען אָפּהענגיק פון איר גוט האַרץ: ווי

אָפּקאָכן אַ סוף, אָפּבאַקן עפּעס אָדער טאַקע קומען מבקר־חולה זיין עמעצן פון אונדז, וואָס האָט געוווינט אויפן זאַוואָד אָן משפחה. אין איין וועגס פלעגט זי אויך באַזאָרגן מעדיצינישע הילף.

אַ ספּעציעלע פריינדשאַפט האָט מיך פאַרבונדן מיט מיכאַיל יעפימאָוויטש, דעם לייטער פון גוסצעך. ער אַליין האָט געשטאַמט פון אוקראַינע און צוליב געוויסע משפחה־ענינים געמוזט קומען קיין איוואַנאָוואָ. ער האָט דאָ נישט געפונען קיין פּאַסיקע סביבה, הגם ער איז געווען זייער באַליבט ביי אַלעמען, האָט געהאַט הומאָר און קיינמאָל אויף קיינעם דאָס קול נישט אויפגעהויבן. אַז ער האָט אָבער געעפנט דאָס מויל... צום זינגען — איז אַלץ פאַרשטומט געוואָרן. מען האָט זיך אַנטציקט מיט דער לירישער נאָטע פון זיין שטאַרקן טענאָר. אויף אַלע אָוונטן, פייערלעכע אונטערנעמונגען און סתם צוזאַמענטרעפן האָט ספּיצין געמוזט זינגען. אַ דאַנק אים האָט אַ געוויסע צייט דער גאַנצער זאַוואָד געזונגען די אַריע פון יאָנטעקן לויט מאָניושקאָס אָפּערע „האַלקאַ”.

טעג און נעכט איז ער אָפּגעלעגן אין צעך, אין די פאַרשיידענע ביוראָס פון זאַוואָד. כמעט ווי געוועכטיקט אויפן זאַוואָד. נישט איין מאָל פלעג איך אים איינלאַדן צו זיך אין צימער, באַזאָרגן דאָרט עפּעס צו טרינקען און אים איבערלאָזן אויפן בעט זיך אויסרוען

זיינע פאַראינטערעסירונגען זיינען געווען מוזיקאַלישע, אַרטיסטישע, אינטעלעקטועלע.אין פּריוואַטן לעבן האָט זיך ביי אים נישט אַלץ געקלעבט.ער האָט אויך געליטן אויפן מאָגן און שטענדיק געווען אויף דיעטע. ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז ער ווערט שוין אַלט, איבעריק און דאָס האָט אים נאָך מער דערשלאָגן.

מיר פלעגט זיך איינגעבן צו באַרואיקן אים. קודם כל האָב איך געהאַט געדולד אים זיך לאָזן אויסריידן. דאָס אַליין איז שוין געווען אַ האַלבע רפואה. ווען ער האָט שוין געענדיקט און ס'האָט זיך דערווייל באוויזן אויפן טיש עפּעס צו טרינקען אָדער צוצובייסן איז די שטימונג געווען אַ ווייניקער טראַגישע. שפּעטער האָב איך אים גענומען דערציילן פאַקטן אין פאַרגלייך מיט וועלכע זיינע אייגענע צרות האָבן אויסגעזען ווי אַ פאַרווייליונג.

ער איז געווען זייער עמפּפינדלעך אויף פרעמדע ליידן און איצט האָט ער גענומען באַוווּנדערן מיין האַלטונג, מיין גלייכגעוויכט.

נאָך אַזויפיל יאָרן מוז איך אַליין זיך וווּנדערן וויאַזוי פאַרשיידענע דערפאַלגן האָבן מיר נישט פאַרדרייט דעם קאָפּ און צענדליקער דורכפאַלן האָבן מיך נישט דערפירט צו פאַרצווייפלונג. איך האָב אין אַלע פאַלן אָפּגעהיטן דעם אייגענעם איך.

געווען מיט מיר איינער, בארשטיין פון אָדעס. ווען ס'האָט עפּעס פּאַסירט מיט זיין משפחה, אין אוזבעקיסטאַן, האָט ער באַלד פאַרלוירן די שליטה איבער זיך און זיך באַנומען ווי אַ קאַפּריזנע קינד.

פאַר מיר האָט שטענדיק געלויכטן מיט גאָלדענע אותיות שלום־עליכמס „טוביה איז נישט קיין יידענע”. דעריבער איז מיין צימער אויפן זאַוואָד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטער, וווהין מ'פלעגט קומען זיך אויסוויינען דאָס האַרץ. און איך בין געוואָרן אַ טרייסטער.

איך האָב זיך אויסגעלערנט צו האָבן געדולד און ווען כ׳האָב זי אַפּילו פאַרלוירן האָב איך געקאָנט דאָס נישט אַרויסווייזן.

אָבער גוט איז מיר מיט דעם אַלעמען נישט געווען. איך האָב זיך נאָר געשטאַרקט, כדי נישט צו ווערן צעריבן דורך די געדאַנקען און איבערלעבונגען.

דאָס לייענען ביכער איז ביי מיר געווען אַ קוואַל פון כוחות. און אויך דאָס טעאַטער.

איך האָב נישט געזוכט דאָרט קיין פאַרווײַלונג. גאָרנישט האָט מיך גע־קאָנט מאַכן פאַרגעסן אין מיין מצב, אין מיינע נאָענטע. אָבער ווי אַ טייל פון מיין סיסטעם פון גלייכגעוויכט האָט אויך טעאַטער געשפּילט אַ ראָלע. ערשטנס האָט נישט געטאָרט אַטראָפירט ווערן דער אינטערעס פאַר טעאַטער, וואָס האָט פאַרנומען אַמאָל אַ גרויס אָרט אין מיין לעבן. צווייטנס האָב איך געזוכט אויך אין טעאַטער סיטואַציעס, ווי מיינע אָדער נאָך ערגערע און מענטשן, וואָס קאָנען זיין פאַר מיר אַ מוסטער.

אויסערדעם האָט מיך דער סאָוויעטישער טעאַטער אויסגעלערנט באַנע־מען זאַכן פון אַ ברייטערן, אַלגעמיינעם קוק־ווינקל. איך האָב למשל געזען קאָרנייטשוקס „פראָנט״ אין סאַמע ברען פון מלחמה און זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, וועגן די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין דער מענטאַליטעט פון סאָוויעטישע מענטשן, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ נייער סטראַטעגיע.

צום ערשטן מאָל האָב איך געזען אין איוואַנאָוואָ אַ דרייבינע, בעתן שטע־לען גריבאָיעדאָווס קלאַסישע דראַמע : „גאָריע אָט אומאַ״ (צרות צוליב שכל)), דעם פראַנצויזישן שרייבערס סאַרדו : „פלאַנדערן״ און צענדליקער אַנ־דערע קלאַסישע פּיעסעס (שילערס : „קאַבאַלע און ליבע״, שעקספּירס : „די צוימונג פון דער ווידערשפּעניקער״ א״אַנד), הייַנטצייטיקע (לעאָנאָוו, סי־מאָנאָוו). נישט געווען קיין פּיעסע, וואָס זאָל מיך נישט שטאַרקן, באַרייכערן און פאַרלייכטערן אויסצודויערן.

איך מיין קומען צו אַן איוואַנאָווער יידישן שוסטער פּיוואָוואַראָוו אויף פּסח צום סדר האָב איך באַטראַכט פון אויסדויער־שטאַנדפּונקט. הגם ביי מיר אין דער היים איז פּסח קיין יום־טוב נישט געווען און פון מצות, אויב כ׳האָב זיי אַמאָל געגעסן, האָבן הנאה געהאַט בלויז דאָקטוירים, נישט איך, פון דעסטוועגן האָט די היימישע סביבה פון אַ משפּחה, ווו ס׳זיינען פאַראַן אויך אייניקלעך און וואָס קומט זיך צונויף צום סדר, געהאַט אַ ווירקונג. כ׳האָב ליב צו זען שלום־בית, פריילעכע געמיטער, זאָרגלאָזע קינדער. ס׳פאַרשאַפט מיר פרייד דער באַוווסטזיין, אַז אויב נישט איך אַליין בין דער גליקלעכער, זיינען כאָטש דאָ אַנדערע, ביי וועמענס פייער מען קאָן אַ ביסל די נשמה דערוואַרעמען.

געווען זיינען אויפן זאַוואָד אויך אַנדערע, וואָס האָבן קיין געדולד נישט געהאַט. זיי האָבן זיך געוואָרפן פון איין אַרבעט צו דער צווייטער, אָדער אין גאַנצן נישט געוואָלט אַרבעטן, און אין אַרומגיין אויף באַזאַרן אָדער אין ביטערן טראָפּן האָבן זיי געוואָלט איינזינקען זייערע שווערע געמיטער. קיין גוטס איז פון דעם נישט אַרויסגעקומען. איינער אַ „טאַשקענטער״ מיט אַ פאַרגאַנגענ־הייט האָט זיך „פאַרליבט״ אין דער קאַסירערין פון סטאָלאָווע, אַ שיין, יונג

מיידל מיטן פּאַטעישן נאָמען מוזאַ. ער האָט זי דערפירט צו גנבות פון פּראָדוקטן־קאַרטן, וואָס ער פלעגט פאַרקויפן אויפן באַזאַר. ביידע זיינען אין אַ שיינעם טאָג טאַקע אַרעסטירט געוואָרן.

אַן אַנדערער ווידער, אַ מענטש מיט העכערער בילדונג, האָט זיך אַריינגעלאָזט אין האַזאַרד פון האַנדל. בעת איינער אַ רייזע קיין סטאַלינאַ האָט מען אים אַרעסטירט מיט מאַנופאַקטור.

וואַכנלאַנג פלעגן קומען בריוו פון זיין פרוי מיטן טעכטערל אין טאַשקענט און מיר האָבן נישט געוווסט, וואָס איר צו ענטפערן, ביז ס׳איז צום סוף אָנגעקומען אַן אַנקעטע וועגן אים צו דער דירעקציע פון זאַוואָד. דעמלט האָבן מיר זיך ערשט דערוווסט, אין וואָס עס גייט.

אַ טייל חברים האָבן זיך איינגעבירגערט אין איוואַנאָוואָ און אַראָפּגעבראַכט אַהער די משפּחות: אַזוי האָט געטון דער קאָמערציעלער וויצע־דירעקטאָר קאַגאַנאָווסקי, דער בוי־אינזשעניער זימאַנאַס פון ליטע, מיט וועמען כ׳האָב אַ צייט געוווינט אין איין צימער און אַנדערע. זיי האָבן געפירט אַ נאָרמאַל משפּחה־לעבן. דער זאַוואָד האָט זיי אַרויסגעהאָלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט: דירה, באַהייצונג, באַלייכטונג.

איך האָב געמוזט וואַרטן. אין משך פון דער צייט בין איך צוויי מאָל געווען אויף מיליטער־קאָמיסיעס און ביידע מאָל בין איך אַרויס „גאָדיען״, אָבער גענומען האָט מען מיך נישט. איז מיר אויסגעקומען צו לייגן מיין גאַנצע האָפענונג אויפן זיג פון דער רויטער אַרמיי.

## 41. נאָך סטאַלינגראַד

די אויגן פון גאַנצן לאַנד זײַנען געווען געווענדט צו סטאַלינגראַד. בײַ אַ באַגעגעניש מיט אַ חבר איז די ערשטע פראַגע געווען, צי האָט מען דורך ראַדיאָ איבערגעגעבן נײַעס וועגן סטאַלינגראַד. אפילו ווען מיר זײַנען שוין געלעגן אין די בעטן האָט זיך שטענדיק געפונען איינער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין וועכטער־צימער, אָדער צום דיזשורני הערן די סוואָדקע און צוריקקומענדיק איבערגעחזרט זי כמעט אויף אויסנווייניק.

ווײַל וואָס איז דען אין משך פון לאַנגע וואָכן געווען איבערצוחזרן? „אויפן סטאַלינגראַדער פראָנט איז נישטאָ קיין נײַעס". און אָט די ידיעה פלעגט אונדז דערשלאָגן. מיר האָבן פאַרשטאַנען וויפל קרבנות עס קאָסט אונדז דאָס קלאַ־מערן זיך אָן דער אָ שטאָט בײַ דער וואָלגאַ, וואָס איז באַהויכט מיטן אָטעם פון גרויסע, דעציזדירנדיקע געשעענישן, וואָס האָט שוין איין מאָל געראַטעוועט די רעוואָלוציע און איצט פאַרטיידיקט זי די גאַנצע מענטשהייט.

אין איינעם אַזאַ אָוונט פון אָן אומעטיקן, מאָנאָטאָנעם באַריכט איז בײַ מיר געבוירן געוואָרן דער געדאַנק, אַז ס'וועט נאָך קומען ווען אַ סוואָדקע „אָן ענ־דערונגען". וואָס וועט באַדײַטן, אַז מען רוקט זיך פאָרויס אין דער אײַנציקער ריכטונג פון דער פאַשיסטישער נאָרע, ווו מען דאַרף די חיה דערשטיקן, אין דער ריכטונג פון בערלין.

אַזעלכע טעג האָבן זיך גענומען דערנעענטערן. אין דעצעמבער 1942 האָב איך זיך שוין נישט פאַרלאָזט אויף קיינעם, נאָר באַמיט זיך מיט די אייגענע אויערן צו הערן דעם „פּאָסלעדני טשאַס" (באַריכטן פון דער לעצטער שעה). צו זײַן זיכער, אַז כ'האָב בײַנאַכט קיין באַריכט נישט דורכגעלאָזט פלעג איך זיך אויפכאַפּן גאַנץ פרי, כדי פונקט זעקס אַזייגער צו הערן די איבערחזרונג.

אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר האָט די סאָוויעטישע אַרמיי צוריק דעראָ־בערט נאַלטשיק, מאָזדאָק און אַנדערע שטעט, בײַ וועלכע מ'האָט זיך חדשים־לאַנג געשלאָגן און וואָס האָבן פאַרנומען אַ סטאַבילן אָרט אין די „סוואָדקעס".

דו הערסט און דײַנע נערוון צעשפּילן זיך, די געדולד פּלאַצט. ווילסט הערן וועגן שטעט, וואָס האָבן געהאַט אַ דירעקטע שײַכות צו דיר, ביסט אָבער פול מיט האָפענונג, אַז דער טאָג דערנעענטערט זיך. די סאָוויעטישע אַרמיי האָט איבערגענומען די איניציאַטיוו אין אירע הענט און אַטאַקירט מיט דערפאָלג אויף אַלע פראָנטן. צווישן די באַפרײַטע שטעט וואַרפט זיך שוין אַ דורך ווו־נישט־ווו אַ באַקאַנטער נאָמען : וואַלויקי, סטאַלינאָ, קאַווקאַזער קורערטער. מ'איז שוין אַרײַן מיט אַ פוס אין אוקראַינע. אָבער נאָך דער פאַראַיאָריקער

דערפאַרונג, ווען מ׳האָט באַפרייטע שטעט נאָך אַ מאָל פאַרלוירן, לאָזט מען דעם אָפטימיזם ווייט נישט לויפן: מען וואַרט, וואָס דער זומער וועט ברענגען. ס׳איז געווען פאַרשפרייט די פאַלשע מיינונג, אַז דער ווינטער שלאָגט היטלערן, דער „גענעראַל פראָסט“. אַ סך האָבן אין גאַנצן פאַרזען די העלדישקייט פון די סאָוויעטישע מענטשן, די דיריזשירטע טעטיקייט פון די פאַרטיזאַנען און פאַרגעסן, אַז גאַנץ אייראָפע האָט געבייט פוטערס און געשטריקט וואַרעמע וועש פאַר היטלערס אַרמיי.

איך האָב געפילט, אַז ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן די מפלה פון היטלערן. די צענדליקער טויזנטער געפאַנגענע זאָגן עדות אויף דעם, אַז ס׳איז שוין נישט די אַרמיי פון יאָר 1939 און 1941.

דערווייל האָבן אינערלעכע נייעס לויזער געמאַכט געוויסע צינגער, בפרט פון די גאָר עלטערע מענטשן, אויך אויפן זאַוואָד.

לויט אַ פאַראָרדענונג האָט מען איינגעפירט די טעג אין דער אַרמיי „פאָגאָנעס“ (עפאָלעטן). דער עלטערער דור זעט אין דעם אַ ריקצוג פון די סאָוויעטישע פרינציפן. מען ווערטלט זיך אַפילו, אַז אין גיכן וועט מען די אָפיצירן מוזן טיטולירן „גאָספאָדין“ (הער) אָדער אַפילו „וואַשע בלאַגאָראָדיע“.

אַ צווייטע נייעס איז די ענדערונג פון די באַציאונגען צו די רעליגיעזע גרופעס. פאָרמעל האָט זיך אייגנטלעך גאָרנישט געענדערט מצד דער מלוכה. די פאַקטישע ענדערונג איז געקומען מצד די רעליגיעזע גרופירונגען. זייערע אָנפירונגען האָבן זיך איבערצייגט, אַז אין אַ סאָציאַליסטישער מלוכה קאָן מען פריי גלייבן אין גאָט, מען דאַרף נאָר נישט שעדיקן די מלוכה. זיי האָבן דעריבער איצט אין די גורל־טעג פון לאַנד, גענומען אַרויסווייזן זייער פאַטריאָטיזם און זיך באַטייליקן אין געלט־זאַמלונגען, ווי אויך אין אַנדערע פאַטריאָטישע אַרבעטן באַגלייך מיט די איבעריקע געזעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן.

מיך פערזענלעך האָבן ביידע ענינים נישט גערירט. כ׳האָב געהאַט צוטרוי צו דער רעגירונג, אַז זי ווייסט, וואָס זי טוט. ס׳איז קיין ספק נישט, אַז פאָגאָנעס זיינען שענער ווי די געוויינטלעכע רויטע דרייעקן, קוביקעס אָדער שפאַלעס, וואָס די רויטאַרמייער און די קאָמאַנדירן פלעגן טראָגן צוגענייט צו די קעלנער. פאַר מיר איז דער עיקר באַשטאַנען אין עפעס אַנדערש: צי איז דאָס אַ מיטל אויף שטאַרקן די דיסציפלין און דורך דעם בעסער צו שלאָגן דעם שונא? איך וויל חלילה נישט זאָגן, אַז דאָס האָט געבראַכט צו דער ראַדיקאַלער ווענדונג אויפן פראָנט, אָבער ס׳האָט געהאַט מיט אים אַ געוויסע שייכות.

דער 30־טער יאַנואַר 1943 איז געווען אַ פרילינגס־טאָג. קיין ווינטל האָט נישט געבלאָזט. די זון האָט געשיינט. מיט אַן אויפגעשפילטער פופאַיקע און אַן אויפגעהויבענער אושאַנקע (אַ וואַרעם היטל אויף צוצודעקן די אויערן) האָב איך געשפאַנט איבער די איוואַנאָווער גאַסן. ס׳איז ביי מיר אויף דער נשמה געווען יום־טוב הגם אַ באַטריבטער: דאַנקאַלעס געבוירנטאָג און אַ דורכברוך אויפן וואָראָניעזשער פראָנט.

מיט צוויי טעג שפעטער האָט מען איבערגעגעבן, אַז מ׳האָט ליקווידירט די דייטשע אַרמיי ביי סטאַלינגראַד. צו אונדזער פרייד איז קיין גרענעץ נישט

געווען. מענטשן אויפן זאַוואָד האָבן זיך אַרומגענומען, געקושט. טרערן פון פרייד האָבן זיך געוויזן אין די אויגן. מיר האָבן דערפילט, אַז אַ קאָשמאַר האָט אויפגעהערט דריקן אויף אונדזער געמיט. ס'איז פאָרגעקומען אַ קורצער מיטינג. וואָס צו ריידן האָט נישט געפעלט, אָבער אין אונדזער אָנגעשטרענגטקייט האָבן זיך ווערטער נישט אַריינגעפּאַסט.

ס'איז אויפגעשטאַנען אַן אַרבעטער פון מעכאַנישן צעך און געזאָגט :

— אונדזער אַרמיי האָט דערפילט איר הייליקע פליכט. עס איז יום־טוב אויף אונדזער גאַס, אָבער מיר טאָרן זיך נישט פאַרכלינען פאַר פרייד. ס'זיינען אומגעקומען טויזנטער מענטשן, סטאַלינגראַד איז איין גרויסע חורבה. אונדזער פליכט איז ווירדיק אויסצודריקן די שמחה פון זיג — דורך מעשים. איך לייג פאָר, אַז אונדזער זאַוואָד זאָל שיקן מאַשינען, איינריכטונג, ווי אויך ספּעציעל אויסאַרבעטן באַשטימטע דעטאַלן כדי זיי איבערצושיקן קיין סטאַלינגראַד אויפצושטעלן די זאַוואָדן, וואָס די דייטשן האָבן פאַרניכטעט.

די רעדע איז אויפגענומען געוואָרן מיט הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן און מיט אויסרופן : פּראַווילנאָ! (ריכטיק!).

ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט זיך געדאַרפט פאַרנעמען מיט רעאַליזירן דעם פאָרשלאַג.

און פון איצט אָן זיינען געגאַנגען עשעלאָנען מיט זאַכן קיין סטאַלינגראַד און אַנדערע באַפרייטע שטעט.

קלאָר, אַז מיר זיינען נישט געווען די איינציקע, וואָס האָבן אָנגענומען אַזאַ באַשלוס. דאָס גאַנצע לאַנד איז אַריין אין אַ פיבער פון אויפבויען, הגם די מלחמה איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט.

קינדער אין די שולן האָבן געזאַמלט ביכער, העפטן, בלייפעדערס און זיי געשיקט מיט אויפשריפטן פאַר די קינדער פון סטאַלינגראַד. די אַרטעלן האָבן אויסגעאַרבעט שיך, קאָסטיומען, מכשירים; פאַבריקן האָבן געשיקט זייער פּראָדוקציע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ בריוו־אויסטויש צווישן שילער פון די באַפרייטע געגנטן און די געביטן, וואָס האָבן די אָקופּאַציע נישט דורכגעמאַכט.

ס'איז געוואָרן שווערער צו אַרבעטן, אָבער לייכטער דאָס געמיט און דעריבער האָט מען נישט געפילט די מידקייט.

און אַלע אַרבעטן זיינען באַגלייט געווען פון שמועסן וועגן דער דייטשער מפּלה. איצט האָט זיך באַפרייט אַ גרויסע אַרמיי אויף צו באַפרייען אוקראַינע.

איך האָב פאַרנאָטירט : „ס'וואַקסט די האָפענונג און ס'פילט זיך, אַז דעם זומער וועט זיין נאָך דער מלחמה. אַ סך גיט צו טראַכטן די באַגעגעניש אין אַפריקע פון רוזוועלטן מיט טשערטשילן. אפשר וועט שוין עפּעס ווערן פון צווייטן פראָנט. אויף מערב איז, ווייזט אויס, נישטאָ וואָס צו טון, ווייל די גאַנצע לאַסט פון דייטשן דרוק האָט אויף זיך אויסגעטראָגן דער ראַטן־פאַרבאַנד".

אַזוי האָט יעדער סימן פון אַן ענדערונג געוועקט האָפענונגען, ווייל מ'האָט געוואָלט האָפן, מ'האָט געוואָלט גלויבן, אַז די פאַרבינדעטע מיינען אַלץ ערנסט.

עס האָט שוין געזאָגט אַ לאַטייניש‍ער סאַטיריקער : „מונדוס וואָלט דעציפּי, ערגאָ דעציפּיאַטור" (די וועלט וויל אָפּגענאַרט ווערן, טאָ זאָל מען זי נאַרן). אויך מיר האָבן זיך געוואָלט לאָזן שאַפן אילוזיעס, ווייל מיט זיי איז געווען

באַקוועמער צו לעבן, הגם מיר האָבן געזען, וואָס פאַר אַ טייוולאַנישן שפּיל ס'שפּילן די „שותפים". נישט איין טייך האָט נאָך געזאָלט רויט ווערן פון בלוט, ביז ס'וועט זיך מערקן אַ ממשותדיקער צווייטער פראָנט.

די סאָוויעטישע אַרמייען האָבן זיך נישט אָפּגערוט נאָך סטאַלינגראַד.

די וואַרעמע שטימע פון יורי לעוויטאַן האָט פאַר אונדז יעדן אָוונט געקלונגען ווי די הערלעכסטע סימפאָניע, אַ סימפאָניע פון פרייד. אַז מען האָט געהערט „וונימאַניע, גאָוואָריט מאָסקוואַ, פּריקאַז..." (אַכטונג, ס'רעדט מאָסקווע, באַפעל...) האָט מען שוין געוווסט, אַז מ'האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן פונקט. און אַזוי איז מען טאַקע דערגאַנגען, דעם 7־טן פעברואַר ביז צום אַזאָווישן ים, פון ראָסטאָוו איז מען געשטאַנען אַ צען קילאָמעטער, קורסק איז געווען אָפּגעשניטן פון אָריאָל; כאַרקאָוו — פון קורסק. ס'האָט אויסגעוויזן, אַז אויב מען וועט גיין פאָרויס מיט אַזעלכע טעמפּן, וועט שוין פרילינג צייט זיין באַפרייט אוקראַינע און די היטלער־אַרמיי וועט זיך צעפאַלן.

איך האָב געטראַכט דערווייל וועגן ביעלגאָראָד, ווי וועגן אַן ערשטן עטאַפּ אויף מיין צוריקוועג אַ היים. גערעכנט אָנצוגעבן אַ ביטע מען זאָל מיך איבערפירן אַהין, וויבאַלד די שטאָט וועט באַפרייט ווערן.

צומאָרגנס האָט זיך שוין באַוויזן אין די „סוואָדקעס" דער נאָמען ביעלגאָראָד. אויך אַזאָוו איז פאַרנומען און די דייטשע קאַווקאַזער אַרמיי קאָן אַנטלויפן נאָר דורך קרים.

נאָך אַ טאָג און דעם 8־טן פעברואַר האָבן אונדזערע פאַרנומען קורסק און קאָראָטשע, אַן אָרט וווּ כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט ביים עוואַקואירן פון ביעלגאָראָד. איצט האָב איך גענומען טראַכטן, אַז ס'איז צייט אָנצושרייבן אין „נאַרקאָמאַט" פון בילדונג און „אוטשיטעלסקאַיאַ גאַזעטאַ" וועגן אַריבערפאָרן קיין ביעלגאָראָד.

צו דער „אוטשיטעלסקאַיאַ גאַזעטאַ" פלעג איך זיך פון צייט צו צייט ווענדן מיט ביטעס, אָדער פרעגן עצות און שטענדיק באַקומען ענטפערס. אפילו ס'איז גאָרנישט דערליידיקט געוואָרן, אָבער דער פאַקט פון באַקומען אַ בריוו פון מ י י ן צייטונג האָט אויף מיר שטענדיק געהאַט אַ גוטע ווירקונג.

ס'איז כדאי צוצוגעבן, אַז סאָוויעטישע אינסטיטוציעס ענטפערן פּינקטלעך די בירגער. כ'דערמאָן זיך, אַז ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן האָט מען נאָכדערציילט, אַז ס'קומט אַ קאָנטראָל אין אַ ביוראָ, אין אַ פּראָפּאַראַיין, אין אַ צייטונג איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס דורכצוקוקן די קאָרעספּאָנדענץ: דער פאַרגלייך פון אַריינגעקומענע און אַרויסגעשיקטע בריוו. דאָ פלעגט מען קאָנטראָלירן ווי לאַנג ס'האָט געדויערט ביז מ'האָט דערליידיקט אַ בריוו, פאַרוואָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט און וואָס מ'האָט געענטפערט, עווענטועל וואָס פאַר אַ שריט האָט מען געמאַכט, כדי צו דערליידיקן די ביטע.

כ'האָב נישט געהאַט קיין צייט לאַנג צו טראַכטן: ביעלגאָראָד איז באַפרייט געוואָרן.

ווי תמיד זעט דער עבר אויס צו זיין שענער און בעסער ווי געווען. ביי מיר איז אויסגעקומען, אַז ווען כ'קום היינט קיין ביעלגאָראָד אָדער סטאַרי־גאָ־

ראַד, וואָלט איך דאָרט געהאַט אַ סך פריינד, הגם לאַנג האָב איך דאָרט נישט געוווינט.

איך האָב זיך איצט אויפריכטיק געפרייט אַריינפּילנדיק זיך אין דער לאַגע פון נילא ספּירידאָנאָוונאַ, וואָס האָט היינטיקן טאָג גענדאַרפט טאַנצן פאַר שמחה און ציטערן פאַר שרעק בנוגע די עלטערן, לויפן אויף דער פּאָסט, שיקן טעלעגראַמעס אאַ"וו.

איך בין געווען איבערצייגט, אַז אַלע פּליטים, וואָס האָבן זיך אָפּגע־שטעלט אין ביעלגאָראָד זיינען היינט באַזונדערס אויפגעטרייסלט: זיי זעען זיך שוין צוריק דאָרט אויפן וועג אַהיים, אַזוי ווי מיר פלעגן זיך ווינטשן אין 1941.

די צייט פון צוריקפאָרן דערנעענטערט זיך. „ס'וועט געוויס פּאַרקומען אָרגאַניזירטערהייט. אָבער דאָס האַרץ קאָן פּלאַצן פאַר פרייד און אומזיכער־קייט: צו וועמען פאָרן מיר? מי ומי איז געבליבן לעבן, ווער איז דער שריד ופליט?".

באַטראַכטנדיק די לאַגע האָט זיך מיר דערמאָנט מיצקיעוויטשס באַלאַדע „אַלפּוהאַראַ":

אין חורבות שוין ליגן מאורישע ישובים,
דאָס פאָלק זייערס געשמידט איז אין קייטן.
נאָך פאַרטיידיקן זיך די ווענט פון גרענאַדאַ,
אין גרענאַדאַ אָבער איז אַ מגפה.

יאָ, אין דער דייטשער גרענאַדאַ איז שוין באַשטימט אַ מגפה, נאָר דער שרעק האַלט זיי נאָך אויף די פיס. זיי געפינען זיך אויף אַ פרעמדן באָדן. די סאָ־וויעטישע אַרמיי שטייט פון עטלעכע זייטן אַרום כאַרקאָוו און ראָסטאָוו און גרייט זיך וואָרשיינלעך צו נעמען זיי איינשליסנדיק די דייטשן מיט אַ צוואַנג־מאַנעוור אַזוי ווי אין סטאַלינגראַד. דער וועג פון קאַווקאַז און קרים איז שוין גאָר אַ שמאָלער: נאָר דורך נאָוואָראָסיסק און מיטן ברעג אויפן קערטשער האַלבאינדזל.

מיר שטייען ווידער ביי די קאָרטן פון לאַנד. מען שטעלט אַריין רויטע פענדלעך אין די באַפרייטע פּונקטן. אַ היימישער סטראַטעג גיט אָן עצה: „אויב אונדזערע וועלן גיין מיט האַסטיקע טעמפּן פון אַזאָוו אויף דרום און פון קראַסנאָדאַר אויף מערב, וועלן זיי אָפּשניידן די גאַנצע קאַווקאַזער און דאָנ־באַסער אַרמיי און פאַרטרייבן זי צום ים.

## 42. ס'לעבן אויף האָפענונגען און... פאַרשווינדן.

ווער פון אונדז איז אין יענע טעג נישט געווען קיין סטראַטעג? מען האָט פאַראויסגעזאָגט, מען האָט זיך געוועט, זיך געשפּאַרט און געאַמפּערט.

דעם 16־טן פעברואַר, אין מיטן נאַכט איז געווען אַ פייערלעכע ראַדיאָ־טראַנסמיסיע וועגן פאַרנעמען כאַרקאָוו. אין אונדזער צוזאַמענלעבן איז געוואָרן אַ שמחה, אַ פרייד, אַ בראַוואָ־פּאַטשערײַ. פאַרשלאָפענע האָבן זיך זייער שנעל אויסגעטשוכעט, אין איין סעקונדע האָבן זיך געפונען צוויי פלעשער בראָנפן און אַלע, ווי מיר זיינען אַזוי געווען אין אונטערוועש זיינען מיר אַראָפּגעשפּרונגען פון די בעטן און געטרונקען אַ לחיים. לאַנג, לאַנג האָט געדויערט די שמחה. חברים האָבן גענומען דערציילן זכרונות וועגן כאַרקאָוו. כמעט יעדער האָט געהאַט וואָס צוצוגעבן. נאָר איינציקווייז איז מען צוריקגעגאַנגען אין די בעטן און איינער נאָכן אַנדערן איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַרייַנגעפאַלן אין מאָרפייס אָרעמס.

שווער איז געווען דעם עולם אויפצושטיין צו דער אַרבעט, צומאָרגנס אין דער פרי, אָבער מ'איז אויפגעשטאַנען און מיט נאָך מער חשק זיך געשטעלט צו דער אַרבעט, מיט מער ענטוזיאַזם און האָפערדיקייט זי אויסגעפירט.

און דאָ מיט אַמאָל אַ ברוך הבא! ס'קאָצל קומט! כ'האָב פאַרנאָטירט דעם 8־טן מערץ 1943:

„די פוילישע רעגירונג לאָזט פון זיך הערן! זי האָט דערקלערט, אַז זי אַנערקענט נישט די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען נאָכן 1־טן סעפּטעמבער 1939, ד. ה. אַז זי וויל מערב־אוקאַינע, ווייסרוסלאַנד און ווילנע. עס קומט אויס, אַז זאַאלזיע, וואָס זי האָט מיט היטלערס הילף צוגענומען ביי די טשעכן, דאַרף אויך בלייבן ביי איר אָן ענדערונג.

ראַטנפאַרבאַנד האָט געענטפערט, אַז דאָס פאַראייניקן דאָס אוקראַינישע און ווייסרוסישע פאָלק איז נישט אין סתירה צו דער אַטלאַנטישער שאַרטע. ראַטן־פאַרבאַנד האָט אויך אָפּגעלייקנט די פעסטשטעלונג פון דער פוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן, אַז זי האָט נישט געהאַט קיינמאָל קיין אַגרעסיווע פלענער לגבי אים (ראַטן־פאַרבאַנד) און דערמאָנט די פּאָליטיק פון בעקן און זיינע באַציאונגען מיט דייטשלאַנד.

ענגלאַנד האָט געלאָזט אַ פּרווו־באַלאָן נאָך איידער זי האָט געשטעלט אַ פוס אויפן אייראָפּעאישן קאָנטינענט".

דייטשלאַנד נוצט אויס די סיטואַציע און קאָנצענטרירט אַלע כוחות אויף איר מזרח־פראָנט.

כאַרקאָוו רופט: היטלער אנטע פּאַרטאַס! אונדזער טרינקען לחיים אין מיטן נאַכט העלפט גאַרנישט, די אַמעריקאַנער און ענגלענדער — אויך נישט. אויף די פראַנטן איז איצט שטיל.

אויף וואָס וואַרט היטלער?

ער וואַרט וואַרשיינלעך אָדער אויף אַ סעפּאַראַטן שלום מיט איינעם פון די פאַרבינדעטע, אָדער אויף אַ „רעוואָלוציע" ביי אונדז, און מעגלעך, אַז ער קאָנ־צענטרירט איצט מיליטער אויף איין אָפּשניט און וואַרט, מיר זאָלן אָנהייבן.

איידער די שותפים צו דער מלחמה מיט היטלערן האָבן געשיקט דעם ערשטן דעסאַנט האָבן זיי געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן נאָך־מלחמהדיקע עקאָנאָ־מישע פּראָבלעמען: לעבנסמיטל־איינקויפן און פאַרטיילונג. ס'איז אויסגעאַר־בעט געוואָרן אַ סטאַטוט, אַ קאָמיטעט און... אַן אילוזיע, אַז די מלחמה ענדיקט זיך שוין.

עס זיינען געשאַפן געוואָרן נאַציאָנאַלע דיוויזיעס: פּוילישע, טשעכישע, לעטישע, ליטווישע אא"וו.

די פּוילישע דיוויזיע האָט געזאָלט זיין און איז טאַקע געוואָרן דער אוואַנ־גאַרד פון באַפרייטן פּוילן. נאָך דער ערשטער זיינען געקומען ווייטערדיקע און אָט די זעלנער זיינען געווען די, וואָס האָבן רעהאַביליטירט דעם פּוילישן נאָמען נאָך דער דעזערציע פון אַנדערס אַרמיי.

די נאַציאָנאַלע אַרמייען זיינען געווען, אין אַ גרויסער מאָס, אַן אָנדייט אויפן סוף פון דער מלחמה.

ווען ס'עפנט זיך דער צווייטער פראָנט, וואָלט דער פאַשיזם באַלד דער־שטיקט געוואָרן: פון זיין מזרח־פראָנט וואָלט ער קיין מיליטער נישט אָפּ־געצויגן אויס מורא פאַר די סאָוויעטן. אויפן מערב האָט ער קיין סך כוח נישט געהאַט.

„ענגלאַנד איז פאַראינטערעסירט דער דייטש זאָל האַלטן זיינע כוחות אויף אונדזערע גרענעצן. דעמלט וועט זי זיגן און דערגיין ביז בערלין־וואַרשע, ווייל ווען מיר זאָלן זיין די גייערס איז נישט זיכער פאַר ענגלאַנד דער פּאָליטישער גורל פון וואַרשע און בערלין" (25 יוני).

די געדאַנקען דעמלט פאַרשריבענע זיינען צומאָל נאַאיוו, צומאָל טרעפ־לעך. זיי שפּיגלען אָבער אָפּ מיינע דעמלטיקע שטימונגען און דערוואַרטונגען. און נישט נאָר מיינע. אָבער ווען כ'לייען אַ טייל פון זיי, קאָכט פון דאָס ניי אויף דער צאָרן פאַר וואָס מען האָט אונדז אין יענע בלוטיקע טעג אַזוי גע־נאַרט און מיט אַזאַ ראַפינירטקייט אויסגערעכנט אַלץ, וואָס קאָן געשען נאָך דער מלחמה.

„27. 3. מוסאָליני האָט דעמיסיאָנירט. זיין אָרט פאַרנעמט מאַרשאַל באַ־דאָליאָ. כמעט גאַנץ סיציליע איז שוין פאַרנומען, רוים ווערט באָמבאַרדירט און עוואַקואירט זיך. מיר דוכט, אַז איטאַליע איז שוין אַרויס פון שפּיל. היינט־מאָרגן איז צו דערוואַרטן אַ שלום־פאָרשלאָג. די אַרמייען פון די פאַרבינדעטע וועלן וואַרשיינלעך פאַרנעמען צייטווייליק איטאַליע, אָדער אויף אַן אַנדערן אופן

זיך דאָרט פאַרפעסטיקן, כדי צו פאַרהיטן איטאַליע פון קאָמוניזם. גלייכצייטיק עפנט זיך אַ וועג צו באַזעצן פראַנקרייך, דייטשלאַנד און דעם באַלקאַן.

אונגאַרן וועט וואַרשיינלעך נאָכטון איטאַליע, אין אַנדערע לענדער וועט זיך אַוודאַי אויך אָנהייבן די באַוועגונג קעגן מלחמה.

די אָפּענסיווע פון היטלערן האָט זיך אויך נישט איינגעגעבן. נישט בלויז ער גייט נישט פאָראויס, נאָר אונדזערע זיינען אַריבער אין אַ קעגנאָנגריף און רוקן זיך פּאַמעלעך פאָראויס".

ערשט אין יאַנואַר 1944 איז געוואָרן פריי האָשטש, דעם 5-טן פעברואר — ראָוונע, לוצק, אָסטרע...

אויב ביים באַפרייען ביעלגאָראָד בין איך געווען ווי צעחושט און פונאַנדערגעשיקט בריוו וועגן אַריבערפאָרן אַהין, איז איצט מיין אומגעדולד דערגאַנגען ביז צו דער העכסטער מדרגה.

„כ'גיי אַרום ווי אויף אַן עולם התהו. כ'קאָן נישט שלאָפן, כ'בין נישט פעאיק צו טון עפּעס. כ'האָב אָנגעשריבן אין „אָבלאָנאָ", אַז כ'וויל זיך אומקערן. דאַנקען גייט שוין דאָס ניינטע יאָר (???)".

אַט די פרעגצייכנס אויף פּאַפּיר און אין מוח, טאָג־איין טאָג־ אויס, האָבן מיך נישט געלאָזט רוען. כ'האָב געשריבן בריוו צו אַלע אינסטיטוציעס און צו מענטשן, כדי זיך צו דערוויסן, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין ראָוונע און האָשטש. די מענטשן, צו וועלכע כ'האָב געשריבן האָבן געלעבט... בלויז אין מיין זכרון.

דעם 11־טן אַפּריל האָב איך באַקומען אַ בריוו פון אונדזער אָפּגעראַטעוועטער שכנטע, באַסיע ווייסמאַן. זי האָט מיר באַשריבן די געשיכטע פון פּיין און ליידן.

די מאַמע איז געשטאָרבן מיט אַ גליקלעכן און נאַרמאַלן טויט אין ווינטער 1941. ראָזאַ מיטביידע קינדער זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן דעם 26־טן סעפּטעמבער 1942 אין סימאָנאָווער וואַלד און דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן.

כ'האָב אויפגעהערט זיך צו רייסן פאָרן, און געלאָזט די געשעענישן קומען און גיין. די איינזאַמקייט האָב איך געהאַט אומעטום.

## 43. דער וועג צוריק.

א בריוו געשיקט אין „אבלאַנאַ״ אין טאָג פון באַפרייען ראָוונאָ האָט געהאַט זיין פעולה.

דער לייטער פון קאַדרען־אָפּטייל איז געווען אַ געוויסער מאַיעווסקי, וואָס האָט מיך געקענט נאָך פון סעפּטעמבער 1939, ווען מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט אין וואָל־ביוראָ צו דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. ער האָט זיך געשטיצט אויף אַ געזעץ, וואָס זעט פאָראויס, אַז אַלע עוואַקואירטע דאַרפן אין דער ערשטער ריי באַפרייט ווערן פון די אַרבעט־פּלעצער, ווו זיי געפינען זיך און צוריקגעשיקט ווערן אַהין, פון וואַנען זיי האָבן זיך עוואַקואירט ביים אויסברוך פון דער מלחמה. גלייכצייטיק איז אויך אָנגעקומען אַן ענטפער פון מיניסטעריום מיט אַן אָנווייזונג פאַרן דירעקטאָר, ער זאָל מיך באַפרייען.

ווען כ׳האָב באַקומען דעם בריוו פון מיניסטעריום בין איך געגאַנגען צום דירעקטאָר פרעגן, צי ער האָט באַקומען די קאָפּיע. דער דירעקטאָר האָט מיט מיר פאַרפירט אַ לענגערן שמועס.

— הער זיך איין, זאָגט ער צו מיר, פאַר וואָס זאָלסטו נישט בלייבן דאָ? מיר האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו דיר, מיר קענען דיך פון דער אַרבעט און מיר וועלן זיך באַמיען צו געפינען פאַר דיר א מער פּאַסיקע אַרבעט. מיר פאַרשטייען אַז דו קאָנסט ברענגען מער נוצן מיט דיין וויסן.

— מיכאַיל מיכאַילאָוויטש, ס׳איז מיר באמת אָנגענעם צו הערן פון דיין מויל אַזעלכע ווערטער. בכלל ביסטו נישט פון די, וואָס האָבן ליב צו מאַכן קאָמפּלימענטן. אָבער פאַרשטיי, איך מוז דאָך אומבאַדינגט זיין אויפן אָרט און זען, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען.

— גוט, כ׳וועל דיר געבן אַ חודש אורלויב און שפּעטער ווערסטו אַ באַרואיקטער צוריקקומען.

— כ׳האָב דיר מורא צוצוזאָגן, מעגלעך, אַז ווען כ׳וועל זיין אין ראָוונע, זיך צונויפטרעפן מיט חברים פון אַמאָל, באַטרעטן ערטער, וואָס האָבן פאַר מיר אַ ווערט, וועל איך אפשר נישט וועלן זיך צעשיידן מיט זיי. נעם אויך אין אַכט, אַז דער „אַבלאָנאַ״ האָט מיר גלייך געענטפערט און מיך אַרויסגעפאָדערט פון דאַנען און איצט וועל איך קומען און זאָגן אַ זיי געזונט?

—איך פאַרשטיי דאָס אַלץ, וואָס האָסט מיר געזאָגט. איך פאַרשטיי אָבער אויך דאָס, וואָס האָסט נישט דערזאָגט. פאַר געזונטערהייט און טאָמער ווערסטו צוליב וועלכע נישט איז סיבות נישט קאָנען פאַרבלייבן אין ראָוונע, טאָ וויים, אַז צו אונדז קאָנסטו זיך שטענדיק צוריקקערן.

כ׳האָב געדאַנקט דעם דירעקטאָר פאַר זיין חברישער באַציאונג צו מיר.
נאָכדעם בין איך נאָך געזעסן מיטן דירעקטאָר און חברים און דערמאָנט פאַרשיידענע עפּיזאָדן פון אונדזער לעבן. איינער האָט דערמאָנט אַ הומאָריס־טישע ציישונג, וואָס כ׳האָב צונויפגעשטעלט פאַר עפּעס אַן אַוונט און ווי כ׳האָב אויף אַן איידעלן אופן אריינגעזאָגט דעם דירעקטאָר און נאָך אַ פּאָר נאַטשאַלניקעס.

שווער איז מיר אָנגעקומען די געזעגענונג מיט איוואַנאָווא. ווי נישט ווי איבערגעלעבט דאָ צוויי מלחמה־יאָרן. געהאַט דאָ אַ ביסל באַקאַנטע, אַ פּאָר פריינד, וואָס האָבן מיר אַרויסגעוויזן זייער מענטשלעכע באַציאונג נאָך אין יענע טעג, ווען כ׳בין געווען אַ „טאַשקענטער״ און האָב אויסגעזען ווי אַ שלעפּער.

איך בין געגאַנגען אַ קוק טון אויף דער רייכער ביבליאָטעק, וואָס האָט געהאַט א גרויסן חלק אין מיין לייכטער אַקלימאַטיזירונג. די פאַרוואַלטערין פון ביבליאָטעק האָט באַדויערט, וואָס אַזאַ גוטער לייענער פאָרט אַוועק. מיין לייענער־קאַרטע איז געווען אַ פּילפאַרביקע: פון לייכטע דערציילונגען און לידער ביז ערנסטע וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען אין עטלעכע שפּראַכן.

דער לייטער פון באַן־סטאַנציע, מיט וועמען כ׳האָב געהאַט געשעפטלעכע באַציאונגען, האָט אויך באַדויערט און ווי אַן אָנערקענונג פאַר מיין אַרבעט מיר רעזערווירט אַ וויכן פּלאַץ ביז מאָסקווע, אַ זאַך, וואָס איז נישט לייכט געווען צו באַקומען אין יענע טעג. און אין אַ שיינעם פרימאָרגן, בין איך, צום ערשטן מאָל, איינער אליין, מיט אַ ביסל באַגאַזש, אָנגעקומען אויפן יאַראָסלאַווער וואָקזאַל אין מאָסקווע.

ווי געווינטלעך האָב איך באַטראַכט די גאַסן, הייזער, פאַרבייגייענדיק. געזוכט האָב איך מענטשן. מיך האָט אינטערעסירט די לאַגע פון די עוואַקו־אירטע, געוואָלט וויסן, וואָס עס קומט פאָר אין פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַט־ריאָטן, וואָס עס מאַכן מיינע אַלטע באַקאַנטע...

צום פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן (ז.פּ.פּ.) האָב איך געהערט נאָך אין איוואַנאָווא. דאָרט האָט אַן אָנפירנדיקע ראָלע געשפּילט דער פאַר־שטאָרבענער ספּיכאַי. זייער אַקטיוו זיינען געווען האַנקאַ זאַכאַריאַש און האַנקאַ סאָקאָרסקאַ. האַנקאַ זאַכאַריאַש מיט איר מאַן שמעון האָבן געאַרבעט אין אינטערנאַציאָנאַלן קינדערהויז פון „מאָפּר״. אויב כ׳האָב נישט קיין טעות, איז דאָס דאָס איינציקע הויז פון „מאָפּר״, וווּ ס׳האָבן זיך דערצויגן קינדער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס זיינען געווען פּאָליטישע עמיג־ראַנטן. געווען דאָרט שפּאַנישע קינדער, רומענישע, פּוילישע אא״וו.

אין דער אַרבעט פון ז. פּ. פּ. האָב איך זיך באַטייליקט גענוג אַקטיוו אויף וויפל די צייט האָט מיר דערלויבט. עטלעכע מאָל האָבן די פּוילישע בירגער באַקומען ספּעציעלע צוטיילונגען פון פּראָדוקטן, וואָס די סאָוויעטישע בירגער האָבן נישט געהאַט. כ׳דערמאָן זיך, אַז אין איין צוטיילונג איז געווען טואַלעט־זייף, נאַשוואַרג, אַ סך ווייסע מעל אא״וו. פאַרטיילט האָט מען די פּראָדוקטן אין די אַלגעמיינע געשעפטן. איך האָב זיך געפילט נישט גוט

ווען בעת מ׳האָט מיר געוויגן מיינע פּראָדוקטן, האָט אַ רוסישע פרוי זיך געמוזט באַגנוגענען מיט פיל ווייניקער.

פאַר וואָס איז מיר געקומען עפּעס מער? כ׳בין געווען צופרידן, וואָס כ׳האָב נישט ערגערע באַדינגונגען. ס׳האָט מיר געגעבן אַ צופּ ביים האַרצן. געוויסע פּראָדוקטן האָב איך געבעטן צו פאַרפּאַקן דער פרוי, אַנדערע האָב איך אָוועקגעגעבן מיינע פריינד, צו וועמען כ׳פלעג אַריינקומען אין שטוב און צו־זאַמען האָבן מיר שוין קאָנסומירט.

מיין ערשטער גאַנג אין מאָסקווע איז געווען אויף פּושעטשנאיא 5; דאָרט איז געווען די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ז.פ.פ.

כ׳האָב דאָרט אָנגעטראָפן אַ פּאָר באַקאַנטע, וואָס האָבן פאַרנומען הויכע פּאָסטנס, און ווי געוויינטלעך אין אַזעלכע פאַלן בין איך צוריקגעהאַלטן. כ׳האָב נישט געוואָלט אויפמישן פערזענלעכע ענינים. ערשטנס האָב איך נישט געהאַט די זיכערקייט, אַז זיי ווילן דאָס. צווייטנס האָב איך אויסגעמיטן יעדע סיבה אויף חושד זיין מיך, אַז כ׳וויל דיסקאָנטירן מיין אַלטע באַקאַנטשאַפט, כדי צו האָבן אַ נוצן: אַ פּאָסטן, אַ פּראָטעקציע. דריטנס האָב איך מורא געהאַט, אַז מיין מידקייט, פאַרעלטערטקייט און מלבושים זאָלן נישט אַרויסרופן קיין רחמנות.

מיט אַנדערע, וואָס כ׳בין געווען מער נאָענט, האָב איך זיך געטראָפן און אויסגעפרעגט אויף פריינד. אַזוי האָב איך זיך אין קאָמיטעט פאַר באַזאָרגן די פּוילישע קינדער געטראָפן מיטן געוועזענעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון לערער־פאַראיין אַלטמאַן. איצט איז ער געווען דירעקטאָר פון אַ לערנביכער־פאַרלאַג פאַר פּוילישע קינדער. די אויפנאַמע איז געווען גאָר אַ האַרציקע. נאָך די ערשטע עטלעכע זאַצן האָב איך זיך דרוווסט, אַז זיין פרוי און זון זיינען אומגעקומען אין לוצקער געטאָ, דאָרט ווו מיין עלטסטע שוועסטער מיט איר מאַן, דעם יידישן שרייבער מאַרק ווייסבארד און זייער טאָכטער. די טאָכטער זיינע איז ביים אויסברוך פון דער מלחמה געווען אין לוואָוו און פון דאָרט האָט זי זיך באַוויזן צו ראַטעווען און אין איצטיקן מאָמענט איז זי אין דער פּוילישער אַרמיי.

מיט אַלטמאַנען בין איך אַריינגעגאַנגען צום וויצע־פּאַרזיצער פון קינדער־קאָמיטעט, מיין אַמאָליקן חבר פון אוניווערסיטעט סטאַשעק סקזשעשעווסקי, היינטיקער אויסערן־מיניסטער.

כ׳האָב אים צוגעזאָגט צו שיקן אינפאָרמאַציעס פון ראָוונע, דער עיקר בנוגע דעם שולוועזן. ספּעציעל האָט ער זיך אינטערעסירט מיט אַלטע שול־פּראָגראַמען, לערנביכער, אד״גל. ס׳איז זיי איצט אויסגעקומען צו שאַפן אַלץ פון דאָס ניי.

עס איז אין אַ געוויסער מאָס געווען אַ פּאַראַדאָקסאַלע לאַגע אין מערב־אוקראַינע. אויפן שטח פון גאַנץ ראַטן־פאַרבאַנד זיינען דאָך געשטאַנען פּוילישע שולן, וואָס ווערן געפירט אין גייסט פון אַ דעמאָקראַטיש פּוילן מיטן לימוד פון רעליגיע, פּוילישע געשיכטע אד״גל. זיי זיינען אונטער דער אויפזיכט פון קינ־דער־קאָמיטעט און ז.פ.פ.

אין מערב־אוקראַינע זיינען אויך פאַראַן פּוילישע שולן, אָבער דאָ געפינען זיי זיך, נאָך פון פאַר דער מלחמה, אין דער אַלגעמיינער נעץ פון מלוכהשן שול־

ווען מיטן איינהייטלעכן לערן־פּראָגראַם. די צאָל פּאָליאַקן איז דאָ אַ גרויסע, אָבער זיי לערנען ווייניקער פּוילישקייט ווי די קינדער אין ווייטן קאַזאַכסטאַן. איבערפירן זיי אין רשות פון ז.פ.פ. וואָלט געהייסן זיך אַריינמישן אין אינער־לעכע ענינים פון אוקראַינע. דעריבער איז אין מערב־אוקראַינע אויך נישט גע־ווען קיין פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן.

נאָך מיין צוריקקומען קיין ראַוונע האָב איך אויפגעזאַמלט עפּעס מאַטעריאַל און איבערגעשיקט אים צו סקזשעשעווסקין.

ביז גאָר האַרציק איז געווען מיין באַגעגעניש מיט אַן אַמאָליקן פריינד און וואַרשעווער לערער ד״ר וואָלפע.

אין די צוויי־דריי טעג, וואָס כ׳בין געווען אין מאָסקווע האָב איך אַ סך שעה פאַרבראַכט מיט אים און אין דער סביבה פון זיין משפחה. ער האָט מיר געזאָגט: „אַז איך דערזע אַן אַלטן באַקאַנטן, וואָס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט פון טויט איז דאָס פאַר מיר אַ פרייד ווי פון אַ גרויס געווינס".

אַזאַ געפיל האָב איך אויך געהאַט, ווען כ׳בין צוריקגעקומען קיין ראַוונע: באַ־קאַנטע פון אַמאָל און באַקאַנטע בלויז פון זען — אַלע האָב איך געוואָלט אַרומנעמען, צודריקן צום האַרצן און זאָגן: גוט, וואָס כאָטש איר לעבט.

דער וועג פון מאָסקווע האָט מיך געפירט איבער קיעוו.

דאָ האָב איך געזען די חורבות פון קרעשטשאַטיק, אָבער קיין איין באַקאַנטן נישט באַגעגנט. אַרומגעדרייט זיך אַ טאָג־צוויי האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן מיט אַ מיליטערישן טראַנספּאָרט. אין די באַנען איז אוממעגלעך געווען זיך אַריינצובאַקומען.

כ׳בין אַרויסגעגאַנגען ביז סוויאַטאָשין און דאָרט אויפן טראַקט געוואַרט אויף אַן אויטאָ, וואָס זאָל מיך דערפירן ביז ראַוונע.

וואַרטנדיק אַזוי אין סוויאַטאָשין האָב איך געמאַכט אַ באַקאַנטשאַפט מיט אַ פּוילישן פּאָדפּולקאָווניק. ער האָט מיך גענומען פרעגן, וואָס ס׳הערט זיך מכוח פּוילן, גרענעצן. ספּעציעל האָט ער געוואָלט אַז איך זאָל אים זאָגן, צי פּינסק וועט געהערן צו פּוילן.

מיך האָט שוין אָנגעהויבן אינטריגירן ווי אַזוי קומט אַזאַ טיפּ אין דער פּוילישער אַרמיי. ער איז שוין געווען נישט קיין יונגערמאַן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ביזן יאָר 1926 איז ער געווען אַ פּאָדפּולקאָווניק. נאָך „פּילסודסקיס בונט" — (ראָקאָש פּילסודסקיעגאָ), ווי ס׳האָט זיך אויסגעדריקט מיין נייער באַ־קאַנטער, האָבנדיק אין זין די מאַי־איבערקערעניש 1926, האָט מען אים געגעבן דעמיסיע מיט אַ שטיקל נחלה אויף די קרעסן, אין פּינסקער געגנט. דאָ איז ער געזעסן ביז די דייטשן זיינען געקומען און דערנאָך אַוועק צו די פּאַרטיזאַנען, צוזאַמען מיט דער פרוי. די פרוי איז אומגעקומען און ער איז געגאַנגען אין דער אַרמיי און פאַרהאַלטן דעם פריערדיקן ראַנג.

„פאַרשטייט זיך, ווען איך ווייס וואָס דאָ קומט פאָר, וואָלט איך נישט גע־גאַנגען. מען פאַרקויפט פּוילן. סאַראַ פּוילן וועט דאָס זיין אָן די „קרעסן"? (געמיינט דאָס גוט זיינס ביי פּינסק).

דאָס איז די טענה, וואָס ס׳איז שפּעטער אויסגעקומען צו הערן און צו לייענען נישט איין מאָל. די דאָזיקע פּריצים האָבן נישט געדאַרפט האָבן קיין

רייך שלעזיען, קיין קוילן־גרובן, פאַבריקן, גוטע שאָסייען און רייכע פעלדער, ווו מיליאָנען פּאָליאַקן האָבן געקאָנט געהאָלפן ווערן, באַקומענדיק באָדן און אַרבעט.

זיי האָבן געוואָלט נאָר די „קרעסן" מיט דער אוקראַינישער אָדער ווייסרוסישער פאַרקנעכטעטער באַפעלקערונג. אָן די אונטערדריקטע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן האָבן זיי זיך קיין פוילן נישט פאָרגעשטעלט. אָבער זייער ליד איז שוין געווען אָפּגעזונגען. ס'האָט דערוואַכט אַ נייַ פוילן.

אויפן וועג צום נייעם פוילן זיינען אין יולי 1944 געפאָרן יונגע און אַלטע אויף קאַנאָנען, באַנען און אויטאָס. דער גאַסטפריינדלעכער ראַטן־פאַרבאַנד האָט נישט בלויז געגעבן אַזיל־רעכט די פּליטים, נאָר האָט זיי אויך געהאָלפן צוריקדעראָבערן זייער היימלאַנד.

אין איינעם פון די אויטאָס, וואָס איז געווען אַ טייל פון אַ גרויסער אויטאָ־קאָלאָנע, האָב איך געפונען אַזיל־רעכט און נאָך צוויי טעג פאָרן האָב איך פון ווייטנס דערזען די קאָנטורן פון ראָוונע.

# .44 די ערשטע ווידער־באַגעגעניש

ווען מער זיינען צוגעפֿאָרן צו דער טורמע האָב איך אָנגעקלאַפּט אין פענצטערל פון דעם שאָפערס קאַבינע. די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט און איך בין אַראָפּ מיט מיין באַגאַזש און זיך אָוועקגעשטעלט אין מיטן גאַס. פון איין זייט האָט זיך געצויגן דער הערלעכער שעווטשענקאָ־פּאַרק, וועמענס ביימער האָבן אויסגערוישט זכרונות פון שפּאַצירן, שמועסן, געשעענישן, וואָס האָבן דאָ פּאַסירט. אין 1940 האָט מען דאָ אויפֿגעשטעלט אַ דענקמאָל איבערן קבר פון סערבישן העלד פון דער רויטער אַרמיי — אָלעקאַ דונדיטש, וואָס איז געפֿאַלן נישט ווייט פון ראָוונאָ אין יאָר 1920. אַ חבר זיינער האָט אים מקבר געווען בסוד און נישט אַנטפּלעקט דעם אָרט און נאָמען פון בר־מינן אויס מורא, אַז די פּוילישע מאַכט פון פאַר 1939 זאָל נישט שענדן דעם קבר פון לעגענדאַרן העלד, וועמענס נאָמען איז אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות אין דער העראָאישער געשיכטע פון בירגער־קריג ווי אויך אין דער סאָוועטישער פּאָעזיע און דראַמאַטורגיע. קליינע קינדער האָבן געוווסט צו דערציילן וועגן אים און שול־קינדער פלעגן לייגן בלומען אויף זיין קבר.

אין דאָזיקן פּאַרק איז געשטאַנען אַן אַלטער בנין פון געריכט. צו פיל יאָרן תפיסה זיינען דאָ פאַרמשפט געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטן מענטשן, וואָס זייער איינציק פאַרברעך איז געווען דער ווילן צו זיין פריי.

אין מיטן פּאַרק איז געווען אַ שטח פאַר קינדער־שפּילן. דאָ פלעגן די אָרעמסטע יידישע קינדער פאַרברענגען די טעג פון זייערע זומער־קאַניקולן אויף די האַלב־קאַלאָניעס פון „טאָז״, אונטער דער אויפזיכט פון די דערציערינס פרוי גרובשטיין, בוזיא כראַמאי און אַ סך אַנדערע, איבערגעגעבענע מיט לייב און לעבן צו זייער אויפגאַבע.

פון דער צווייטער זייט גאַס, וווּ איך בין געשטאַנען, אַראָפּגייענדיק פון אויטאָ, האָט געפירט די טורמע־גאַס גלייך צו קאָזשעניאָווסקי־גאַס, וווּ ס׳איז געווען מיין היים ביזן איבערפאַל פון היטלערס באַנדעס אויפן ראַטן־פאַרבאַנד.

וואָס טוט זיך דאָרט איצט אין מיין דירה? צי שטייט זי נאָך גאַנץ? ווער וווינט דאָרט? די אַלע פראַגן זיינען שנעל פאַרענטפערט געוואָרן; אין הויז געפינט זיך אַ טייל פון מיליטערישן שפּיטאָל. כ׳האָב באַקומען אַ דערלויבעניש אַריינצוגיין אָנקוקן די צימערן און עווענטועל צו נישטערן אין די קעמערלעך. גאָרנישט איז פאַרבליבן דערפון, וואָס האָט אַמאָל געפרייט מיין אויג, אויסער די שויבן אין פענצטער, דורך וועלכע מיר פלעגן אַרויסקוקן אויפן גאָרטן, כדי צו זען ווי שיינען ס׳בליען די געאָרגיניעס, די דאַליעס, די רויזן און די בעז־

ביימער, אָדער וויאַזוי ס׳שפּילט זיך דאַנקאַ, וויגנדיק איר קליין ברודערל אין שאָטן פון אַ גרויסן לינדנבוים.

כ׳האָב דאָ מער נישט געהאַט וואָס צו זוכן. נאָר מיט וואָכן שפּעטער, ווען כ׳בין געווען פאַרמאַטערט און מיין ווילן האָט נאָכגעלאָזט און נישט מאָביליזירט דעם גאַנצן אַפּאַראַט פון באַוווסטזיין, פלעג איך גיין אינסטינקטיוו צום הויז, אויף קאָזשעניאַוווסקי־גאַס און ערשט דער אייזערנער טויער מיט שפּיציקע שטאַכעטן האָט מיך ווידער דערפירט צום גלייכגעוויכט.

וווהין גייט מען ווייטער ?

אַזוי ווי דער „אַבלאָנאַ״ האָט מיך אַרויסגערופן האָב איך זיך געלאָזט גיין אַהין, אויף קראַסנאָאַרמייסקאַיאַ, די אַמאָליקע 13־טע דיוויזיע, אַנטקעגן דעם געגנטלעכן אויספיר־קאָמיטעט, דער געוועזענער בנין פון סטאַראָסטווא. אויפן וועג האָב איך באַגעגנט אַ לערערין פון דער יידישער מיטלשול לאָלאַ שפּיוואַק פון לובלין. אין יאָר 1939 איז זי מיט איר שוועסטער געקומען ווי פּליטים און דאָ האָבן זיי ביידע באַקומען אַרבעט. לאָלאַ האָט געהאַט גרויסע מוזיקאַלישע פעאיקייטן און אָנגעפירט מיט אַ הערלעכן שול־כאָר. זי האָט דאָ חתונה געהאַט מיט אַ לערער קאַהאַנע, אַ פילאָלאָג, וואָס האָט געלערנט אין שול די אוקראַיִנישע שפּראַך.

די גאַנצע צייט פון אָקופּאַציע, האָט מיר לאָלאַ דערציילט, זיינען זיי געווען אין אַסטרע ווי אַריער : זי אַלס פּויליש דינסטמיידל און ער אַלס אוקראַיִנישער פּאַסטעך. נאָך דער באַפרייאונג פון וואָלין האָט מען קאַהאַנען מאָביליזירט און נאָך עטלעכע חדשים איז ער געפאַלן אויפן פראָנט.

לאָלאַ האָט איצט געוווינט ביים לערער פון רוסיש, פאַנעק יאָסיף פראַנצאַוויטש. פאַנעק און די פרוי האָבן מיך באַלד איינגעלאַדן צו בלייבן ביי זיי ביז כ׳וועל זיך אַרומזען און איינאָרדענען.

איצט איז געקומען די צייט אויסצוהערן די געשיכטע וועגן דער דייטשער אָקופּאַציע אין ראָוונע און אומגעגנט, וואָס כ׳האָב שפּעטער נאָך דערגאַנצט אַלע מאָל מיט נייע פּרטים. יעדער מיט וועמען האָסט גערעדט, האָט געהאַט צוצוגעבן עפּעס נייס.

און אָט איז די געשיכטע אין קורצן.

באַלד ווי די דייטשן האָבן אַריינגעמאַרשירט קיין ראָוונע, דעם 29־טן יוני 1941, האָבן זיי שוין געהאַט צוגעגרייט אַ „לייזונג״ פון דער פּוילישער, אוקראַיִנישער און פון דער יידישער פראַגע. זיי האָבן באַלד אַרעסטירט עטלעכע צענדליק פּוילישע אינטעליגענטן, צווישן זיי אַ סך לערער, וואָס האָבן אין די יאָרן 1939־1941 זיך אַרויסגעוויזן פאַר פעאיקע פּעדאַגאָגן. בנוגע אוקראַיִנער האָבן זיי אַרויפגעזעצט בירגערמייסטערס, וואָס האָבן געהאַט אַ נאַציאָנאַליסטישע טראַדיציע און געהייסן פירן אַ פּאָליטיק פון אונטערדריקונג לגבי אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן און פון הכנעה לגבי דייטשלאַנד. זיי האָבן אויסגעפירט די אויפגאַבע באמונה שלמה. איינער פון די בירגערמייסטערס איז געווען ד״ר סאַוויוק, אַן אַמאָליקער וויצעפּאָרזיצער פון לערער־פאַראיין ביזן אויסברוך פון דער מלחמה.

וואָס שייך יידן איז געווען אַ פאַראָרדענונג :

„איינריכטונג פון געטאָס אָדער אַרבעט־קאַלאָנעס. אויף וויפל זיי (די יידן) וועלן פון די אוקראַינער אַליין נישט פאַרטריבן ווערן, וועט מען די קליינע יישובים אַריבערפירן אין גרעסערע לאַגערס, ווו זיי וועלן געצוווּנגען ווערן צו אַרבעט".

די שפּראַך איז געווען זייער אַן איידעלע און אַ פאַרשטעלטע. „פאַרטריבן ווערן", „אַריבערפירן" אאַז"וו זיינען געווען סיגנאַנימען פון דערמאָרדן. סאיז נאָר געשטאַנען די פראַגע אויף וועלכן אופן.

דעם 1־טן סעפּטעמבער איז די שטאָט אַריבער צו דער ציוויל־מאַכט. פון דעמלט אָן האָט זי קיין רואיקע מינוט נישט געהאַט. אויב ביז דעמלט פלעגן פאָרקומען מאָרדן און רויבערייען ספּאָראַדישע, האָבן זיך איצט אָנגעהויבן — סיסטעמאַטישע.

די רויבערייען און רציחות זיינען געוואָרן אַזאַ אַפטע דערשיינונג, אַז זיי האָבן אָפּגעטעמפּט די עמפּפינדלעכקייט פון דער אָרטיקער באַפעלקרונג צו די עוולות לגבי יידן.

ס'איז מיר אויסגעקומען שפּעטער איבערצוצייגן זיך אין דעם אין אַ שמוּעס מיט אַן אוקראַינישער אינטעליגענטער פרוי. דאָס איז געווען שוין נאָך דער באַפרייאונג. באַנדעראָווצעס און סאָוויעטישע מונדירן האָבן געפּלינדערט וווינונגען, זיינען באַפאַלן און געמאָרדעט. באַשולדיקט האָט מען, פאַרשטייט זיך, די „סאָוויעטן".

— ביי די דייטשן — האָט מיר די דערמאָנטע פרוי געזאָגט — וואָלט אַזאַ זאַך געווען אוממעגלעך.

— וויאַזוי זאָגט איר אַזאַ זאַך ? זיי האָבן דען ווייניק צוגערויבט אין פריוואַטע שטובן פראַנק און פריי און אין מיטן העלן טאָג ?

— ביי וועמען, למשל ? פרעגט די פרוי.

איך רעכן אויס אַ פּאָר נעמען.

— ע, דאָס זיינען דאָך יידן.

די פרוי האָט אַפילו נישט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט זיך אינגאַנצן דעמאַסקירט. זי האָט געמיינט, אַז איר אַרגומענט האָט מיך איבערצייגט אין דער אָנשטענדיקייט פון די דייטשע אָקופּאַנטן.

די יידן זיינען געווען אויסער יעדן געזעץ. פאַר פייניקן און מאָרדן אַ יידן איז קיינעם קיין שטראָף נישט געקומען.

ס'זיינען געווען פאַלן פון כאַפּן מענטשן אין די גאַסן אויף אַרבעט, אָדער אויף אומקום.

די דייטשן האָבן אויסגענוצט ווי אַן אויסראַטונג־מיטל דאָס נעמען ערובּניקעס. אויף דעם אופן איז דערמאָרדעט געוואָרן דער באַגאַבטער העברעאיסט און געזעלשאַפטלעכער טוער אליעזר בוסליק.

אָבער אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעטלעך איז אין ראָוונע נאָך געווען אַ רעלאַטיווע רואיקייט. אין אָסטרע האָט מען נאָך פריר וואָכן אָקופּאַציע געמאַכט די ערשטע „אַקציע" — אויך אַן אומשולדיקער נאָמען — בעת וועלכער ס'זיינען אומגעקומען דריי טויזנט יידן. אין ווייטערע פיר וואָכן — אַ צווייטע

אַקציע מיט 2500 קרבנות. אַזוי איז אומגעקומען די משפחה פינקעלשטיין, מיין שכן פון האשטש, דער כלל־טוער חיים וויסמאַן און אַנדערע באַקאַנטע.

ראָווגע האָט זיך געדעכנט פאַר אַ זיכערע שטאָט. דער מיליטערישער קאָ־מענדאַנט איז געווען אַן עסטרייכער און האָט געהאַט גוטע באַציאונגען מיטן פאַרזיצער פון יודענראַט ד״ר משה בערגמאַן, וועמען ער פלעגט מגלה „סוד״ זיין ווען ס'האָט זיך „עפּעס״ געגרייט און דורך וועמען ער האָט אין אַזעלכע פאַלן באַקומען גאָלד און צירונג פון יידישע הייזער.

נאָכן באַזייטיקן פון „גוטן דייטש״ האָט מען די יידן איבערגעגעבן אין רשות פון דער געשטאַפּאָ. דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער. אין אָקטאָבער איז געשאָפן געוואָרן דאָס געטאָ, וואָס האָט געגרייכט פון דער באַן־ליניע אויף פאַ־ניאַטאָווסקי־גאַס, דורך דער רעכטער זייט פון דער גאַס ביז מילאָווארנא.

סוף יולי איז דערשינען אַ פאַראָרדענונג, אַז יידן דאַרפן טראָגן אויף די אָרבל ווייסע בענדער מיט אַ בלויעם מגן־דוד.

אין איינעם פון די איינגעפאַלענע הייזלעך, אין אַ זייטנגעסל, צווישן די באַן־סקלאַדעס און זלאָטאַ, האָט אַ געוויסע צייט געוווינט ראָזא מיט די קינ־דערלעך.

אין אַנדערע גאַסן פון שטאָט האָט זיך אַ ייד נישט געטאָרט ווייזן.

די געדיכטעניש אין געטאָ איז געווון נישט צום באַשרייבן. אין די קליינע צימערלעך פון די הייזקעס האָבן געוווינט צו עטלעכע משפחות. אַ יקרות אויף לעבנסמיטל איז געווען נישט צו באַשרייבן. מען איז געווען אויסגעשטעלט אויף דעם, וואָס די נישט־יידישע באַפעלקערונג וועט אַריינשמוגלען דורך זלאָטאַ־גאַס.

דער יודענראַט האָט פריער געהאַט זיין זיצאָרט אין דער אַמאָליקער קהילה אויף קלאַשטאָרנאַ־גאַס, איצט איז ער אַריבער אין דער שול־געביידע אויף זלאָטאַ.

די יידישע קינדער האָבן קיין שול נישט געהאַט, נישט געטאָרט האָבן.

אַ פרישע פאַראָרדענונג האָט געהייסן די יידן טראָגן אַ געלע לאַטע אויף דער ברוסט און אויף דער פּלייצע נישט נאָר פון אייבערשטן מלבוש, נאָר אפילו פון אונטערשטן ביזן העמד.

די יידישע „זעלבסטפאַרוואַלטונג״ האָט געהאַט איין אויפגאַבע: צושטעלן דעם דייטש, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט. געווען אויך אַן „אַרבעטסאַמט״, וואָס האָט אָרגאַניזירט וואַרשטאַטן און האָט געגעבן „אויסווייזן״ ד. ה. פאַפּירלעך — סגולות נישט געכאַפּט צו ווערן. אויף דעם געביט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אומפאַרשעמטקייט און אויספּרעסן ביי יידן געלט דער טרויעריק־באַ־רימטער האַנטווערקער־„פאַרזאָרגער״ און דעפּוטאַט צום פּוילישן סיים חיים ראסנער.

געכאַפּט ווערן האָט געהייסן גיין אויף ביאַלא. פון דאָרט .איז קיינער נישט צוריקגעקומען.

די דייטשן האָבן געפונען אַ לייזונג פאַר דעם וווינונגען־דוחק אין געטאָ. אַ לייזונג אַ ראַדיקאַלע.

## 45 אונטער די סאָסנע־ביימער.

דעם 5־טן נאָוועמבער 1941 האָבן זיך באַוויזן אַפישן, אַז די אַלע, יידן, פאַרשטייט זיך, וואָס האָבן נישט קיין „אויסווייז" דאַרפן זיך צושטעלן מיטן באַגאַזש, וואָס זיי קאָנען דערטראָגן, צו־מאָרגנס גאַנץ פרי. מ׳האָט אַזוי אַרום געוואָלט שאַפן אַן אילוזיע. אַז דאָ גייט נאָר אין איבערפירן זיי אויף אַן אַנדער אָרט.

אַכצן טויזנט מאַן, זקנים און קינדער, פרויען און מיידלעך, האָבן נישט געזען קיין אויסוועג, ווי נאָר פאָלגן דעם אויפרוף. געקומען זיינען אויך מענטשן מיט „אויסווייזן", וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט צעשיידן מיט זייערע משפחות.

ס׳איז געווען אַ פוילע קעלט אין גאַס — האָט מיר דערציילט פרוי מאַריאַ פיעכאָוויטש, אַ דירעקטאָרין פון אַ מיטלשול, ווו כ׳האָב שפּעטער געאַרבעט. — פון גאַנץ פרי אָן האָט געגאָסן אַ רעגן, געמישט מיט שניי. ווען די מחנה האָט זיך דערנעענטערט צום פאַרק, אויפן נאָמען פון פרעזידענט מאָשטשיצקי, אויפן גראַבניק, האָט מען אַלעמען געהייסן דאָ איבערלאָזן די זאַכן און זיי אַליין האָט מען גענומען טרייבן אין דער ריכטונג פון די „סאָסענקעס", אַ שיין וועלדל, דריי קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, אויפן קיעווער טראַקט.

דער מאַרש האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג. די סצענעס פון פאַרצווייפלונג און שרעק, וואָס זיינען פאָרגעקומען אויף דעם קורצן שליאַך, במשך פון לאַנגע, זייער לאַנגע שעהן, לאָזן זיך נישט באַשרייבן.

צווישן די געטריבענע האָט זיך אויך געפונען דער רב מה־יפית.

די דייטשן האָבן דעם רב געוואָלט באַפרייען, צוריקשיקן אין געטאָ. ער זאָל האָבן געענטפערט, אַז זיין אָרט איז מיטן גאַנצן פאָלק און נישט געוואָלט געניסן פון דעם רוצחס גנאָד. ער האָט נאָך געטרייסט און גערעדט צום פאָלק אין זיינע לעצטע מינוטן.

צו ווידערשטאַנד האָט דער „אינטעליגענטער" יודענראַט נישט גערופן און אויך נישט געהייסן באַיקאָטירן די פאַראָרדענונג.

דאָס האָבן געטון די טרעגער און בעלי־מלאכות פון דערבייאיקן שטעטל טוטשין. זיי האָבן זיך נישט געלאָזט אַרויספירן צום טויט, נאָר אונטערגע־צונדן דאָס געטאָ און זיך צעלאָפן אין די וועלדער.

די דייטשן האָבן בכיוון אויסגעקליבן צו זייער „אָפּרעכענונג" מיט די יידן דעם ערב יום־טוב פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, ווי זיי וואָלטן וועלן אָקצענטירן, אַז זיי נעמען נקמה פאַר דער „יידישער" רעוואָלוציע.

מיט פּולעמיאָטן האָט מען פֿאַרטויבט די געשרייען פון די פֿאַרוווּנדעטע. שיכט אויף שיכט זיינען געפֿאַלן מענטשן, דערשטיקנדיק די אונטערשטע, וואָס האָבן נאָך געאָטעמט, אָבער נישט געהאַט קיין כוח זיך צו רירן.

די נאָסע ערד האָט צוגעדעקט דעם גרעסטן טייל פון דער גרויסער עדה, וואָס איז אַמאָל געווען א דינאַמישער יידישער צענטער פון וואָלין, מיט אומצאָליקע אינסטיטוציעס, געזעלשאַפטן, אָרגאַניזאַציעס, קלובן, אונטערנעמונגען, פֿאַראיינען.

איבער די אַכצן טויזנט נשמות האָבן גערוישט די סאָסנע־ביימער און געזאָגט זייער תפילה פֿאַר די אומשולדיקע קרבנות פון ווילדע חיות אין מענטשלעכער געשטאַלט. אין די זומער־היצן פֿאַלן זייערע טרויעריקע שאָטנס אויפן קבר און דערמאָנען און מאָנען.

די מאָנונג האָבן דערהערט מענטשן, וואָס האָבן געשווירן צו פֿאַרניכטן דעם היטלעריזם.

●

ראָוונע האָט געמוזט פֿאַרנעמען אַ וויכטיק אָרט אין קאַמף קעגן אָקופּאַנט, ווייל דאָ איז געווען דאָס זיצאָרט פון אַ דייטשער צענטראַלער אַדמיניסטראַציע און דאָ האָט געוווינט אַ צייטלאַנג דער גובערנאַטאָר פון אוקראַינע קאָך. דעריבער איז אויך דאָ געווען די באַזע פון אַן אויסשפּיר־גרופּע און פון אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג. די געדיכטע וועלדער אַרום ראָוונע האָבן גוט געדינט די קאַמפּס־גרופּעס.

דאָ האָט אַ האָשטשער קאָמוניסט טערענטי נאָוואַק אַנגעפירט מיט אַ וואַלענקעס־פֿאַבריק און אונטערן דאַזיקן דעקמאַנטל געפירט אַ פֿאַרצווייגטע סאַבאָטאַזש־ און אויפקלערונגס־אַרבעט. דאָ האָט אַ לאַנגע צייט געאַרבעט דער סאָוועטישער אויסשפּירער קוזניעצאָוו אין אַ מונדיר פון אַ געשטאַפּאָ־אָפיציר. אין אַ געוויסן פֿאַרנאַכט האָט ער אַרויסגעגנבעט פון אַ באַוואַכטער ווילע, אַ דייטשן גענעראַל מיט וויכטיקע דאָקומענטן און אים געבראַכט צו פירן צו דער באַזע פון פּאַלקאָווניק מיעדוועדיעוו אין וואַלד.

די פּאַרטיזאַנען־עפּאָפּייע פון וואָלינער און פּאָלעסיער יידן איז אַ גרויסע און וועגן איר איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן. מיט באַזונדערער שפּאַנונג האָב איך מיט יאָרן שפּעטער געלייענט דעם פּאַלקאָווניק מיעדוועדיעווס בוך: „די גייסטיק שטאַרקע“ („סילניע דוכאָם“), וואָס האָט אויך געהייסן אין אַ פֿריערדיקער אויסגאַבע „עטאָ בילאָ פּאָד ראָוונאָ“ (דאָס האָט פּאַסירט אונטער ראָוונאָ).

●

נאָך אַ נישט געשלאָפֿענער נאַכט, בעת כ׳האָב זיך איינגעהערט אין די אַלע שרעקלעכע מעשיות, בין איך אַרויס אין גאַס.

אין די אויגן האָבן זיך מיר געוואָרפן מענטשן האַלב ציווילע אין גימנאַסטיאָרקעס מיט מעדאַלן. דאָס זיינען געווען די פּאַרטיזאַנען, וועלכע מ׳האָט נאָך דער באַפֿרייאונג דעמאָביליזירט. אין אַ גרויסער צאָל זיינען זיי געווען אין ראָוונע און צוגעגעבן דער שטאָט אַן אויסזען פון אַ מיליטערישן צענטער.

אַ סך הייזער אין שטאָט זיינען געווען פֿאַרברענט, אַ סך צעשטערט. דער גאַנצער צענטער פֿון דער הויפּט־גאַס צו דער באַנזייט איז געווען אָפּגעמעקט פֿון דער אויבערפֿלאַך. האָסט געקאָנט שטיין לעבן דער תבואה־בערזע און זען די חורבות פֿון וואָקזאַל. די קלאַשטאַרנאַ־גאַס ביז בערקאַ, דאָרט ווו ס׳זיינען געווען געדיכט באַוווינטע שמאָלע יידישע געסלעך מיט אַריינפֿאָר־הייזער, איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַרק, ווו יעדער סחורה האָט געהאַט איר ווינקל. דאָ האָסטו געקאָנט איינהאַנדלען אַלץ, פֿון שיכבענדלעך ביז קעלבלעך.

ראָוונער איינוווינער האָב איך געטראָפֿן ווייניק. די יידן זיינען געווען אויסגעמאָרדעט, די פּוילישע אינטעליגענץ, מיט וועלכער כ׳האָב געהאַט צו טון, איז אויך אין אַ גרויסער מאָס פֿאַרניכטעט געוואָרן. אוקראַיִנישע באַקאַנטע זיינען פֿאַרבליבן אין אַ קליינער צאָל. אַ סך האָבן זיך עוואַקואירט, אָדער געווען אין דער אַרמיי, אַ טייל פֿאַררעטער איז אַנטלאָפֿן מיט די דייטשן.

אַ סך פּאָליאַקן זיינען געקומען צו לויפֿן פֿון די דערפֿער, ווייל איז אַ שיינעם ווינטערטאָג האָבן די דייטשן געגעבן אַ דערלויבעניש די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן זיך „אָפּצורעכענען” מיט דער פּוילישער באַפֿעלקערונג. אַ טייל פֿון זיי איז אומגעקומען, זייערע הייזער זיינען פֿאַרברענט געוואָרן און די וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט האָבן מורא געהאַט זיך צוריקצוקערן אין די דערפֿער.

איינציקווייז האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן מענטשן פֿון די וועלדער, יידן געראַטעוועטע דורך פּאָליאַקן, טשעכן, וואָס האָבן געוווינט אין דער סביבה. דער געמיינזאַמער גורל פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן האָט זיי דאָ, אין דעם טייל לאַנד, דערנענטערט.

דער שטאָטישער כאַראַקטער פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג און זייער איזאָלירונג, בעת דער פּילסודסקי־הערשאַפֿט, פֿון אַנדערע טיילן פֿון דער באַפֿעלקערונג האָט גורם געווען די קאָנטאַקטן זאָלן זיין לויזע און דעריבער האָבן ווייניק יידן דאָ געהאַט געלעגנהייטן זיך אויסצובאַהאַלטן. אָבער די, וואָס זיינען געבליבן לעבן, האָבן עס דאָך אין אַ גרויסער מאָס צו פֿאַרדאַנקען זייערע פֿאַרבינדונגען מיט דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג.

די שטאָט, ווו יעדער שטיין איז מיר געווען באַקאַנט, ווו כ׳האָב די גאַס נישט געקאָנט דורכגיין מיט דער האַנט אין טאַש, אַזויפֿיל מענטשן האָב איך געהאַט צו באַגריסן, אָדער צו ענטפֿערן אויף זייער גרוס, די שטאָט איז מיר געוואָרן ווייטיקלעך דערפֿאַר, ווייל כ׳האָב זי פֿון האַרץ אַרויסרייסן נישט געקאָנט.

כ׳בין אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט, צוגעקומען צו אַלע דירות, ווו כ׳האָב אַמאָל געוווינט, צו די שולן, וואָס כ׳האָב וויזיטירט און ווו כ׳האָב געאַרבעט, באַלעבאַטיש באַטראַכט דעם טויטן אינווענטאַר און — זיך געלאָזט גיין אין „אָבלאָנאָ”.

## 46. שאַטנס פון עבר.

אין „אַבלאַנא" האָט מען מיך אויפגענומען ווי אַן אייגענעם. הגם קיין באַקאַנטע האָב איך כמעט ווי בישט אָנגעטראָפן, דאָך האָט מען דאָרט געוווּסט וועגן מיר פון דערציילן און פון דער קאָרעספּאָנדענץ. דאָ האָב איך זיך דערוווּסט דעם בלוטיקן סך־הכל פון אַמאָליקע חברים פון די מזרח־געביטן. אומגעקומען איז דער דירעקטאָר פון דער מיטל־שול נר. 6 שאַראַוואַראָוו. אין פּוס אַ פאַרווונדעטן האָב איך געזען פּאָפּאָוון פון דער שול נר. 3, געפאַלן זיינען גאַלאָוואַטענקאָ און אַ סך אַ סך אַנדערע. פון די אַלטע האָב איך דאָ געטראָפן מאַיעווסקין.

נאָך אַ פּאָר אינפאָרמאַטיווע פראַגן וועגן וווינונג, מאַטעריעלער לאַגע אאַ"וו. האָט ער מיך גענומען פרעגן, ווו איך וויל אַרבעטן, סאַראַ אַרבעט כ'ווינטש זיך, אד"גל.

איך האָב אים געענטפערט, אַז כ'וויל אַרבעטן ווי אַ לערער אין אַ ראָוונער שול.

— וויאַזוי׳ עפּעס ווילסטו זיין נאָר לערער ? מיר האָבן דיר געוואָלט פאָרלייגן עפּעס אנדערש.

— שול־אינספּעקטאָר ?

— ניין, נאָך העכער. מיר ווילן זאָלסט ווערן אַ פאַרוואַלטער פון אַ ביל־דונגס־אָפּטייל.

— אַ דאַנק פאַרן צוטרוי, חבר מאַיעווסקי. איך קאָן נישט איצט זיך אָפּגעבן מיט אַדמיניסטראַציע. ערשטנס וואָלט איך געמוזט אַרויספאָרן אין אַ ראַיאָן ־ צענטער און באַזוכן דערפער. היינט צו טאָג איז דאָס גלייך אַ טויטאורטייל מצד די באַנדעראָווצעס. דו ווייסט, אַז איצט איז נאָך נישט רואיק אין די דערפער. מיין אַמט וועט זיין פאַרבונדן מיט אַרומפאָרעניש. צווייטנס, דאַרף איך האָבן אַ ביסל רו. די שולאַרבעט איז פאַר מיין איצטיקן געמיט מער צוגעפּאַסט.

— דעצידירנדיק איז דער ערשטער אַרגומענט. ווען ס'זאָל בלייבן נאָר דער צווייטער, וואָלט איך דיר געראטן דווקא זיין מער פאַרנומען און נישט האָבן קיין צייט זיך צו גריבלען אין געשעעניש, וואָס זיינען פאַרביי. מיט קאָנצענטרירן זיך אויף דער אייגענער פערזאָן קאָנסטו נאָך דערגיין צו אַ מרה־שחורה.

— מעגלעך, אַז דו ביסט גערעכט.

— נעם זשע איצט אַ בריוו אין שטאַטישן בילדונג־אָפּטייל און דאָרט וועט מען דיר געבן אַרבעט אין שטאָט.

כ׳בין אַריינגעקומען אין דיזעלבע צימערן, וווּ כ׳האָב געאַרבעט פאַר דער מלחמה. דער נייער פאַרוואַלטער האָט מיך פּערזענלעך נישט געקענט. ער איז אַריבערגעוואָרפן געוואָרן אַהער נאָכן פאַרענדיקן די פּאַרטיזאַנען־קאַמפן. באַהאַנגען מיט מעדאַלן און אָרדנס האָט ער זיך מיט מיר צעשמועסט פריער אויף אַלגעמיינע טעמעס, וועגן שותפותדיקע באַקאַנטע, מיט וועמען ער האָט זיך באַגעגנט אין די וועלדער און צום סוף וועגן דער לאַגע אין היגן שול־וועזן.

ער האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס אין דעם מאָמענט קאָן ער מיר נישט פאַרלייגן צוריק דעם פּאָסטן פון שול־אינספּעקטאָר, וואָס קומט מיר לויטן געזעץ, ווייל ס׳אַרבעט שוין איינער, וואָס איז אַנגאַזשירט געוואָרן איידער מ׳האָט געוווּסט, אַז איך וועל צוריקקומען.

כ׳האָב אים באַרואיקט און געבעטן, ער זאָל זיך קיין פאַרוווּרפן נישט מאַכן : איך אַליין וויל אויך נישט זיין אינספּעקטאָר.

שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש : מ׳האָט מיר פאָרגעלייגט אַ שטעלע פון אַ דירעקטאָר און איך האָב געוואָלט זיין לערער בלויז. אגב, וואָלט מיין נאָמינאַציע אויף דירעקטאָר אפשר געקאָנט אַנרירן עמעצן, וואָס איז שוין געווען אָדער האָט רעפלעקטירט אויפן פּאָסטן.

צום סוף האָבן מיר זיך אָפּגערעדט, אַז איך וועל לערנען געשיכטע אין די עלטערע קלאַסן פון דער פּוילישער מיטלשול.

די דירעקטאָרין פון דער שול, פרוי פּיעכאָוויטש, האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט. זי האָט מיך געקענט פון פריער. אַמאָל האָב איך וויזי־טירט אירע לעקציעס און אַרויסגעזאָגט וועגן איר אַרבעט אַ גוטע מיינונג. איר מאַן איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן. זי האָט זיך מיט מיר געוואָלט בייטן מיט די ראַליעס.

כ׳האָב זי פאַרזיכערט, אַז כ׳וועל זייער לאָיאַל מיט איר צוזאַמענאַרבעטן, העלפן איר מיט וואָס כ׳וועל נאָר קאָנען אין באַציאונגען מיט אינסטיטוציעס, וואָס האָבן נישט קיין דירעקטן שייכות צו בילדונג, פאַרשפּאָרן איר איבעריקע טרחה, אבי צו קאָנען אָנהויבן פון דאָס ניי.

מאַריאַ פּיעכאָוויטש האָט מיר באַלד פאָרגעלייגט אַ צימער אויף צו וווינען אין בנין פון דער שול. אַזוי אַרום האָב איך זיך אַריבערגעקליבן אויף קראַסנאַאַרמייסקאַיאַ 36, אין גרויסן בנין פון דער אַמאָליקער „תרבות״־גימ־נאַזיע און שפּעטערדיקער יידישער מיטלשול נר. 5.

כ׳האָב די ערשטע פאַר נעכט נישט געקאָנט איינשלאָפן. די נאַכטיקע פּוסטקייט פון גרויסן בנין האָט נאָך מער פאַרשאַרפט די זכרונות. זיי זיינען אַרויסגעקומען רעליעפיקער, פּלאַסטישער.

אָט דאָ, אין גרויסן צימער אויפן ערשטן שטאָק, איז געווען דער לערער־צימער. ס׳דערמאָנען זיך מענטשן מיט וועמען כ׳האָב צוזאַמענגעאַרבעט ביים לייגן די יסודות פון דאָזיקן הויז. ס׳שווימען אויף בילדער און פאַר־זאַמלונגען פון פּעדאַגאָגישן ראַט.

איך וואַנדער ווייטער איבער די צימערן. אויפן דריטן שטאָק איז געווען די ביבליאָטעק. אומבאַשרייבלעך איז איר רייכטום. דאָ האָבן זיך צעפּירט די הענט די חברים גריצמאַן און שטיף מיט אַ שטאָב פון שילער־אַסיסטענטן. איצט איז דאָ פּוסט. אָבער אין ווייטסטן פליגל, איבערן טורנזאַל, האָב איך געפונען אַן אַלמער מיט ביכער: העברעאישע און יידישע. כ'האָב גענומען אַ בוך אין האַנט און אַריינגעקוקט. ס'איז געווען אַ העברעאישער דיכטער פון מיטלאַלטער. די שורות האָבן זיך איצט געלייענט מיט אַנדערע אויגן. נישט אַלץ האָבן די נאַציס פאַרניכטעט. געבליבן זיינען מענטשן און זיי וועלן ממשיך זיין; געבליבן זיינען ביכער און פון זיי וועט מען לערנען. די קולטור און דאָס לעבן וועט קיין באַרבאַר נישט אָפּמעקן.

אויף פּאַרטער — אַ גרויסער קלאַסן־צימער. פאַר מיטאָג האָב איך דאָ געאַרבעט ווי אַ קלאַסן־דערציער. נאָכמיטאָג איז אין זעלבן צימער געווען דער קאַבינעט פאַר קלאַסישער קולטור, ווו ס'פלעגן אָפט זיצן אַ פּאָר צענדליק קינדער און לייענען שאַפונגען פון אייסכילאָס אָדער פלאַטאָן, איבערזעצן האָראַציוסן אָדער סאַלוסטיוסן און גרייטן רעפעראַטן וועגן לעבן אין רוים אָדער אַטען.

אויפן צווישנשטאָק, איבערן טויער, איז געווען מיין צימער: לאַנג, שמאָל און נידעריק. אַמאָל איז דאָ געווען דער קאַבינעט פון דעם שול־דאָקטאָר. געשטאַנען אַ סאָפע, אַ וואָג, אַ ווּוקס־מעסטער, אַ טישל אַ שטול. היינט האָב איך אַריינגעשטעלט אַ סאָפקע און אַ בעט. מאַלע וואָס ס'קאָן פּאַסירן. ס'קאָן קומען פון וואַנדער אַ מענטש און נישט האָבן ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. און דאָס צימערל איז טאַקע בהדרגהדיק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גאַסטצימער: דאָ פלעגן איינשטיין חברים, וואָס זיינען געקומען פון דער פּראָווינץ. דאָ זיינען געשלאָפן די צוויי שוועסטערס א., וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט אין וואַלד, ביז זיי האָבן באַקומען אַ דירה. ווי ביי זיך איז דאָ געווען דער סאָוויעטישער טעכניק־לייטענאַנט אַווראָם איסאַקאָוויטש, אַ האַרציקער חבר און ליבער מענטש, ווען ס'קומען האָט אַריינגעבראַכט אין צימערל פרייד און ליכט. נישט איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז ס'איז זיך צונויפגעקומען אַ גרעסערע צאָל מענטשן און דעמלט האָט מען זיך אויסגעבעט אויפן דיל.

קליין איז געווען דער צימער אָבער וואַרעם. עס האָט בכלל געהערשט אַ וואַרעמקייט צווישן די אָפּגעראַטעוועטע. מען האָט זיך געפרייט מיט יעדן באַגעגנטן און גרייט געווען צו העלפן.

אַנטקעגן מיין פענצטער איז געשטאַנען אַ הויז, ווו כ'האָב אַמאָל געוווינט; אַ ביסל ווייטער — אין הויף — דאָס הויז פון ל. פינקעלשטיין, ביי וועמען כ'האָב שפּעטער געהאַט צוויי צימערלעך. יעדעס הויז כמעט איז געווען פאַרבונדן מיט זכרונות.

דעריל איז געווען יולי און די לימודים דאַרפן זיך אָנהייבן ערשט אין סעפּטעמבער. מאַיעווסקי האָט מיך באַשטימט פאַר אַ לעקטאָר פון געשיכטע אויף אַ זומערדיקן לערער־קורס אין אָסטרע.

דער שטאָט־צענטער דאָ איז געווען פאַרניכטעט. פון באַקאַנטע האָב איך קיינעם נישט געטראָפן, נאָר באַקענט זיך מיט געציילטע מענטשן, וואָס זיינען

איבערגעבליבן פון די אַלע שחיטות. דער עיקר האָבן זיך געראַטעוועט מענ־טשן דורך אַנטלויפן אין וואַלד, ווו מ'האָט פאַרבראַכט חדשים־לאַנג, געפינענ־דיק שפּעטער אַ קאָנטאַקט מיט פּאַרטיזאַנען. ס'איז מיר אויך אויסגעקומען צו זיין אין דער משפּחה פון נאָטאַר, ביי וועמען די שפּיוואַק האָט זיך אויפגעהאַלטן במשך פון דער אָקופּאַציע.

בעת מיין זיין דאָ זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין דער סביבה עטלעכע אָרטיקע מענטשן, וואָס האָבן גענומען אויפשטעלן די חורבות און צוריק אָרגאַניזירן אַ נאָרמאַל לעבן. דאָס איז געווען אַן אַרבעט פון די באַנדעראָוו־צעס. די מאַכט האָט געקעמפט מיט זיי. גאַנץ אָפט זיינען דאָס געווען מענטשן וואָס האָבן ביי טאָג נאָרמאַל געאַרבעט און ביינאַכט זיך פאַרנומען מיט טער־ראָר־אַקטן. אין פיל אינסטיטוציעס און אַמטן האָבן זיי געהאַט זייערע מענטשן און געווען אינפאָרמירט וועגן אַלץ, וואָס קומט פאָר און וואָס ס'גרייט זיך.

ס'איז נייטיק געווען צו מאָבילייזירן קעגן זיי אַ גאַנצע אַרמיי, דורכצו־צוואָגן די וועלדער און צו פאַרבייטן מענטשן אויף פאַרשיידענע פאָסטנס.

אָבער די אַרמיי איז געווען פאַרנומען מיט פאַרייאָגן די דייטשן פון די אָקו־פּירטע געביטן. „כדי אויסצולייזן אונדזער לאַנד און די מיט אונדז פאַרבינדעטע לענדער פון דער געפאַר צו ווערן פאַרשקלאַפט, דאַרף מען די פאַרוווּנדעטע דייטשע חיה פאַרפאָלגן אין די פוסטריט און דערשלאָגן זי אויף טויט אין איר אייגענער הייל״ (סטאַלין, באַפעל פון 1־טן מאַי 1944).

זיי האָבן, די באַנדעראָווצעס, געבושעוועט און געבילדעט אַ דיווערסיע לטובת דעם שונא. ס'איז געווען געפערלעך צו באַווייזן זיך אין אַ דאָרף, אויף אַ וועג אָן אַ באַוואָפנטן קאָנוואָי.

אין אָסטרע גופא איז מען ווי נישט איז געווען זיכער.

כ'האָב דאָ דורכגעמאַכט אַ געוויסן גייסטיקן קאַראַנטין: כ'בין געווען אין אַ היימישער סביבה און דאָך נישט געהאַט פאַר די אויגן דעם חורבן פון דער אייגענער היים; כ'האָב געטון שוין אַ פּעדאַגאָגישע אַרבעט און צוריק אָפּגעפרישט דעם לערנשטאָף, הגם די אייגנטלעכע אַרבעט האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן.

נאָך אַ חודש זיין אין אָסטרע האָב איך נאָך געהאַט אַ פּאָר טעג צייט ביזן לערניאָר און בין אַראָפּגעפאָרן קיין האָשטש.

## 47. ערב אַ נייער וואַנדערונג

דאָ בין איך שוין געווען צום צווייטן מאָל זייט מיין צוריקקער פון איוואַנאָוואָ. דעם צווייטן טאָג, באַלד נאָך מיין קומען קיין ראַוונע, האָב איך זיך געהאַט אַראָפּגעכאַפּט אַהער.

געטראָפן האָב איך דאָ געציילטע יידן — נישט מער פון צען.

אין פרעמדע הייזער האָבן זיי געוווינט, ווייל די אייגענע זייערע זיינען געווען פאַרניכטעט. אונדזער שטוב איז געווען אָפּגעמעקט. מ'האָט מיר אָנגעוויזן דעם צימער אין מאַרק פון וואַנען ראָזאַ מיט די קינדער זיינען אַרויסגעגאַנגען, כדי זיך מער נישט אומצוקערן.

געבליבן איז באַסיע ווייסמאַן מיט איר מוטער. זיי האָבן זיך, נאָך מיט עטלעכע מענטשן, אויסבאַהאַלטן אין אַ פּוילישער שטוב. צוזאַמען מיט זיי איז אויך געווען פּרץ גאָלדשטיין, אַ סוחר, אַ קלוגער מענטש. אין יענע טעג נאָכן טויט פון זיין פרוי און צוויי טעכטער, איז ער געוואָרן אויפגעציטערט. אין אים איז פאָרגעקומען אַ פאַרוואַנדלונג: ער האָט אויסגעדריקט זיין צער אין לידער און האָט פאַראייביקט דעם חורבן האָשטש אין אַ גענויער באַשרייבונג; אַ פּנקס האָט ער פאַרפאַסט: אויב קיין לעבעדיקע עדות וועלן נישט פאַרבלייבן זאָלן ווייניקסטנס די בלעטלעך דערציילן די קומענדיקע דורות וועגן די גרוילן פון דער דאָזיקער צייט.

גאָלדשטיין איז אומגעקומען. זיינע כתבים האָט די פּוילישע פרוי אויסבאַהאַלטן, באַגראָבן אין אַ פלאַש און נאָך דער באַפרייאונג זיי איבערגעגעבן מיט ציטערנדיקע הענט דער באַרופענער אינסטיטוציע. פּרץ איז נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט אַ חוש פאַר געשיכטע. ער האָט לויט זיינע כוחות און מעגלעכקייטן געטון דאָס, וואָס רינגלבלום האָט געטון אין גרעסערן פאָרמאַט און מיט פאַכמענישער בקיאות, אין וואַרשעווער געטאָ.

צווישן די לעבעדיקע האָב איך אָנגעטראָפן דעם בן־יחיד פון אַ באַפריינדעטער מיט אונדז משפחה סמאָלאַ, אדיק.

ער איז אַלט געווען אַ יאָר זיבעצן. אַן אויסגעפּיעשטשעטער דורך טאַטע־מאַמע האָט ער זייער שווער איבערגעלעבט זייער טויט. ס'האָט אין אים געברענט דער פלאַם פון נקמה קעגן די מערדער פון יידישן פאָלק. זיין איינציקער באַגער איז געוואָרן הרגענען. דער באַגריף מורא איז פאַר אים געווען צו באַנאַל. ער האָט שוין איבערגעלעבט און געזען אַזויפיל רשעות און בייזקייט, אַז גאָרנישט האָט אים געקאָנט אָפּהאַלטן פון גיין אויפן איינציק־מעגלעכן וועג: פריייווויליק גיין אין דער אַרמיי. ער איז אָבער געווען צו יונג. האָט ער זיך

געמאָלדן אין אַ שטורעם־באַטאַליאָן, וואָס האָט געקעמפט קעגן די באַנדעראָווצעס. מיט שטאָלץ האָט ער געטראָגן דעם אויטאָמאַט.

נישט קיין נאַכט נישט קיין טאָג האָט אַדיק געהאַט אויף צו רוען. שטענדיק גרייט און קיין מאָל נישט פאַרמאַטערט. אַ הייליקער צאָרן האָט אים געשטאַרקט.

אַזאַ האָב איך אים געזען צום ערשטן מאָל. ווען כ׳בין געקומען דאָס אַנדערע מאָל האָב איך אָנגעטראָפן צו זיין לוויה. אַ פאַשיסטישע קויל האָט איבערגעשניטן זיין קורצן און טראַגישן לעבנסוועג.

אַדיק איז נישט געווען דער איינציקער יידישער בחור אין דאָזיקן באַטאַליאָן.

די יוגנט איז אין דער צייט פון מלחמה רייפער געוואָרן, פאַרשטענדיקער און געלערנט פון דער דערפאַרונג. זיי האָבן ערשט איצט באַנומען ווי פאַלש ס׳איז געווען, ווי שעדלעך און פאַטאַל ס׳איז געווען, די הכנעה פון די יודענראַטלער.

כ׳האָב מיד דערפרייט אָנטרעפנדיק אויף איין גאַנצער משפחה: פסח קראַנצבערג מיט אַ פרוי און צוויי טעכטער.

וויאַזוי האָט איבערגעלעבט אַזאַ אמתדיק יידיש־אויסזעענדיקע משפחה? קראַנצבערג איז געווען אַ תבואה־סוחר און האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט אוקראַאינישע פויערים. זיין אָנשטענדיקייט האָט אים געשאַפן פריינד און איינער פון זיי האָט אויסגעגראָבן אַ גרוב ביי זיך אין שייער און אהין אַראָפּגעלאָזט די גאַנצע משפחה. פינף הונדערט מעת־לעת זיינען זיי נישט אַרויס פון גרוב, פינף הונדערט טעג זיך נישט געוואַשן, נישט גערייניקט. ווען זיי זיינען אַרויס נאָך דער באַפרייאונג — האָט מיר פסח דערציילט — האָט ער געהאַט אַ ווייסע באָרד ביז די קני, נישט געקאָנט גיין אויף די פיס און נישט עפענען די אויגן.

אויף אַן ענלעכן אופן האָט זיך אָפּגעראַטעוועט די משפחה געלמאַן און אַ פאָר יחידים פון באַזונדערע משפחות.

דאָס איז געווען דער סך הכל פון די יידן אין האָשטש.

כ׳האָב זיך געלאָזט גיין צו באַקאַנטע אוקראַאינער, אויף וועלכע באַסיע האָט מיר אָנגעוויזן, אַז בעת דער אָקופּאַציע האָבן זיי אַרויסגעוויזן אַ מענטשלעכע באַציאונג צו מיין משפחה.

ביי איינעם, דאַליוק, זיינען געווען זאַכן, וואָס ראַזאַ האָט אים געגעבן צו באַהאַלטן. ער האָט מיר צוריקגעגעבן מיין אַלט פעלצל, אַ קאָלדרע און אַ האַנטעך מיט אַ מאָנאָגראַם, וואָס די מאַמע האָט אַליין אויסגעשטריקט. מיך האָבן די אַלע זאַכן ווייניקער אינטערעסירט.

כ׳האָב געזוכט דעם אַלבאָם־טאָגבוך, וואָס מיר האָבן אַמאָל געפירט און געוואָלט מיט מיין טיפסטן באַגער איבערלייענען, וואָס ראַזאַ האָט צוגעשריבן אין די לעצטע חדשים. אָבער דאָס גראָד האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן צו געפינען. כ׳האָב געהאַט אַ חשד, אַז ער איז פאַרניכטעט געוואָרן בעת מיין זיין אין האָשטש אויס מורא, ס׳זאָל דאָרט נישט זיין אַ רמז אפשר, וואָס וואָלט עמעצן געקאָנט דעמאַסקירן.

די יידן זיינען דאָ געווען ווי פּראַיתומט. געווען איז אַרבעט,געווען איז פּרנסה. די לעבן־געבליבענע קינדער האָבן זיך געקאָנט ווייטער לערנען.ס׳איז אָבער שווער געווען צו בלייבן אויף די חורבות פון אייגענע היימען, אויף קברים פון משפּחה, צו וועלכע מ׳האָט דעמלט אפילו צוקומען נישט געקאָנט. יעדן טאָג זיינען אָנ־געקומען בריוו פון עוואַקואירטע אין די ווייטע געגנטן פון ראַטן־פאַרבאַנד, אַדרעסירט צו זייערע משפּחות, וואָס האָבן שוין פון לאַנג נישט געלעבט און דער פּאָסט־באַאַמטער האָט שוין געוווּסט, אַז אַזעלכע בריוו דאַרף ער אָפּגעבן די לעבן־געבליבענע און זיי וועלן שוין געבן אויסקונפט, וואָס און ווען ס׳האָט פּאַסירט.

די חורבות האָבן דערמאָנט אָן אַ פאַרגאַנגען לעבן. אָנצוהויבן פון דאָס ביי האָבן די געציילטע מענטשן נישט געהאַט קיין מוט און נישט קיין כוח. זיי האָבן זיך געוואָלט באַהעפטן מיט אַ גרעסערער עדה יידן און האָבן זיך בהדרגה אַריבערגעקליבן קיין ראָוונע און דערנאָך נאָך ווייטער, קיין פּוילן. אַ טייל האָט צום סוף אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, אַנדערע צו זייערע קרובים קיין ישראל.

אין האָשטש בין איך געווען אַ פּאָר טעג. די פּאָר מענטשן האָבן מיר פאַר־טראָטן מיט זייער וואַרעמקייט אַלץ, וואָס כ׳האָב פאַרלוירן. דאָס קליינע שטעטל איז איצט געוואָרן דער גייסטיקער באָדן, דער פּסיכישער צוזאַמענ־בונד, וואָס האָט געשאַפן אַ נאָענטקייט, אַ קרובהשאַפט צווישן די מענטשן. ס׳איז אַ פאַרבינדונג, וואָס האָט טיפע וואָרצלען אין דער פאַרגאַנגענהייט, אָבער קיין שום אויסזיכטן פאַר דער צוקונפט.

אָבער דער מענטש לעבט דאָך. סענטימענטן שטעקן טיף, קומען פון צייט צו צייט צום אויסדרוק, באַווירקן אונדזערע האַנדלונגען אין דער קעגנוואָרט אָבער קאָנען זיי נישט פאַרבייטן.

מיט אַ שווער האַרץ האָב איך זיך געזעגנט מיט האָשטש. באַזוכט אַלע באַ־קאַנטע, וואָס האָבן אַ מאָל געהאַט אַ שייכות צו דער מאַמען : אַניען, וואָס האָט אַ מאָל געאַרבעט ביי אונדז אין שטוב, דאַליוקן, וואָס פלעגט געניסן פון טאַטנס צוטרוי און אַליין באַזאָרגן סחורה, האַלץ פאַרן ווינטער און אַלץ, וואָס מ׳האָט באַדאַרפט ברענגען מיט פערד און וואָגן.

די דאָזיקע באַזוכן האָבן אָפּגעפרישט זכרונות וועגן דער פאַרשניטענער שטוב אונדזערער. און דאָס איז געווען דער מאַקסימום, וואָס כ׳האָב געקאָנט אין יענע טעג טון.

כ׳בין צוריקגעפאָרן קיין ראָוונע מיט דעם זעלבן וועג, ווי אין די סעפּ־טעמבער־טעג 1939, ווען כ׳בין געפאָרן אָנצוהויבן אַ ניי שאָפעריש לעבן אויף מיין באַליבטן דערציאונגס־געביט און מיט וועלכן כ׳בין אין יוני אָוועקגעגאַנגען מראַגנדיק אין זיך דעם לעצטן בליק פון מיין טאַכטערס פאַרווייַנטע אייגעלעך.

די אַרבעט האָט זיך נישט געקלעפּט, הגם פאָרמעל איז אַלץ געווען כשורה.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די רעעוואַקואַציע. מיינע פּוילישע שילער האָבן גענומען פאַרלאָזן אייבציקווייז די שול. ס׳זיינען געקומען בריוו פון זייערע קרובים פון לובלין, כעלם אאַ״וו, אין וועלכע מען רופט זיי אַרויס קיין פּוילן.

דער געזונטער פֿאָלקס־אינסטינקט האָט אונטערגעזאָגט, אַז אויב מען וויל האָבן אַ מלוכה דאַרף מען זי בויען און נישט פֿאַרנעמען זיך מיט דיווערסיע אויף אַ פֿרעמדער ערד. מען האָט זיך רעגיסטרירט און מען איז געפֿאָרן אין דער מאָס, אַז פֿיל קלאַסן זיינען געווען כמעט פּוסטע און מ׳האָט נאָך אין מיטן יאָר געזאָלט אַריבערפֿירן אַהער אַן אַנדער שול.

נישט זייענדיק פֿאָרמעל פֿאַרפּליכטעט, האָב איך אויסער מיין נאָרמאַלער אַרבעט געטון אַ סך זייטיקע, אַדמיניסטראַטיווע : באַזאָרגט פֿרישטיקן פֿאַר די שילער, באַקומען אָרדערס אויף שיך און קליידער פֿאַר די באַדערפֿטיקע, געזאָרגט פֿאַר לערנביכער, שרייב־מכשירים אא״וו.

ס׳איז מיר אויך אויסגעקומען צו ווערן דעלעגירט אויף אַ פֿאַרהער פֿון יוגנטלעכע פֿאַרברעכער דורך אַ מיליטעריש געריכט.

בכלל פֿירט זיך אַזוי אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, אַז בעתן פֿאַרהער פֿון מינדעריעריקע מוז ביישיין אַ פּעדאַגאָג, וועמענס אויפֿגאַבע ס׳איז צו זאָרגן, אַז די באַציאונג צו די באַשולדיקטע זאָל נישט קאָלידירן מיט אָנגענומענע פּעדאַגאָגישע פּרינציפּן.

פֿאַרהערט האָט אַ פּראָקוראָר אין ראַנג פֿון אַ מאַיאָר.

איינציקווייז האָט מען אַריינגעפֿירט דריי יינגלעך. זיי האָבן אָנגעגעבן זייער עלטער צו 10־11 יאָר. די מעדיצינישע אונטערזוכונג האָט זיי אָפּגעשאַצט אויף 13־14 יאָר.

זייער ביאָגראַפֿיע : רוסישע קינדער פֿון אַ קינדערהיים נישט ווייט פֿון סמאָלענסק. די דייטשן האָבן אַלע קינדער איבערגעפֿירט קיין דייטשלאַנד. אַ סך פֿון די קינדער האָט מען געשיקט אין אַ דיווערסאַנטן־שול נישט ווייט פֿון קאַסעל שפּעטער האָט מען זיי פֿאַראַשוטירט אויף דער זייט פֿראָנט מיט אַן אויפֿגאַבע אויפֿצורייסן באַן־לאָקאָמאָטיוון דורך אַריינוואַרפֿן אין טענדער אַ שטיקל טאָל. ווען דער טאָל וועט שפּעטער אַריינגעלייגט ווערן, צוזאַמען מיט די קוילן, אין אויוון אַריין, וועט דער קעסל אויפֿרייסן און פּאַראַליזירן די באַוועגונג.

זייער איינפֿאַך און לייכט !

צוויי האָבן באַלד אַוועקגעוואָרפֿן דעם טאָל. דער דריטער האָט דריי שטיקלעך אַוועקגעוואָרפֿן און איינס אויסגענוצט לויט די אינסטרוקציעס און אויפֿגעריסן אַן עשעלאָן.

זיי האָבן גענוי דערציילט, ווי אַזוי מ׳האָט זיי געלערנט און אַרויסגעוויזן אַ פֿענאָמענאַלן זכרון. נאָכן דורכפֿירן די אַרבעט האָבן זיי געזאָלט צוריקקומען קיין דייטשלאַנד.

אַזוי האָבן די דייטשן פֿאַרשלעפּט רוסישע קינדער, געלערנט זיי פֿיינט האָבן דאָס אייגענע לאַנד און מאָרדן אייגענע ברידער.

אַ סך נאָך פֿון די קינדער, אפֿילו, אַזעלכע, ביי וועמען מ׳ האָט אָפּגעפֿונען זייערע עלטערן, געפֿינען זיך נאָך אין די לאַגערס, אָדער זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן דורך די מערבדיקע אָקופּאַציע־מלוכות מעבר לים.

אַ סך באַקאַנטע פֿון ראָוונע האָבן זיך פֿאַרשריבן, צוזאַמען מיטן גאַנצן שטראָם, אויף צו פֿאָרן קיין פּוילן. צווישן זיי האָב אויך איך זיך געפֿונען.

## 48. מאָסקווער סאַלוטן.

נאָך עטלעכע וואָכן זיין אין פוילן, אין לובלין, בין איך נאָך אַ מאָל געפאָרן קיין מאָסקווע. איצט בין איך געווען אַ פּוילישער בירגער און כ'האָב אין דער באַציאונג צו מיר געפונען די אָפּשפּיגלונג פון דער באַרימטער רוסישער גאַסטפריינדשאַפט. די איינגעוואָרצלטע אייגנשאַפטן פון פאָלק האָבן איבערגענומען אינסטיטוציעס, כדי נישט צו לאָזן פאַלן קיין מינדסטן פלעק אויפן לאַנד. ס'איז דאָך פאַרשטענדלעך, אַז אַ מענטש, אַ פרעמדער פאַראַלגעמיינערט זיינע פערזענלעכע איינדרוקן און לויט זיי משפט ער אַ כלל, אַ מדינה. אויב דער מיטאָג האָט אים נישט געשמעקט, אויב ער האָט קיין בילעט אין טעאַטער נישט באַקומען, אויב זיין שכנה איז אַנגעטאָן נישט לויט זיין געשמאַק אאַ"וו, דאָס אַלץ זיינען פאַקטאָרן אויף צו שאַפן זיך אַן איינדרוק, אַז מען קאָן דאָרט נישט קאָכן, אַז ס'איז קיין אָרדענונג נישטאָ און אַז מ'גייט דאָרט אָפּגעריסן.

די סאָוויעטישע מענטשן גיבן אַ פרעמדן אַלע פאַרלייכטערונגען און פון זיי האָב איך גענאָסן אין פּרט פון דערנערונג, וווינונג און קולטור־באַדינונג.

מאָסקווע האָט פאַר מיר געהאַט אַ באַזונדערן רייץ: איך האָב אַזויפיל וועגן איר געלייענט, אַז כ'האָב געהאַלטן מיין נישט באַזוכן אַ סך ערטער פאַר אַ בלויז אין מיין בילדונג.

די שטימונג אין מאָסקווע איז געווען אַ געהויבענע. ס'איז געווען דער לעצטער פעריאָד פון דער גרויסער אָפּעראַציע, וואָס האָט פאַרניכטעט דעם היטלעריזם. פונקט ווי דאָס גאַנצע לאַנד אַזוי האָט מאָסקווע אַרויסגעקוקט אויפן אָוונט, כדי צו הערן די באַריכטן פון פראָנט און די באַפעלן צו פייערן די דערגרייכטע זיגן.

ווי פאַרשטיינערט איז מען געשטאַנען, ווען ס'האָט זיך דערהערט די שטימע פון יורי לעוויטאַן, וועמען די קינדער אין מאָסקווע פלעגן רופן „סאַלוטאַנשטשיק", ווייל ער האָט דאָס שטענדיק אָנגעזאָגט סאַלוטן לכבוד די זיגן.

מענטשן פלעגן ספּעציעל קומען צום רויטן פלאַץ אין דער באַשטימטער שעה פון סאַלוטן און מיט פרייד און שטאָלץ צוהערן זיך צו די זאַלפּן. מיט אויפגעריסענע קעפּ און בלאַנדזשענדיקע בליקן פלעגן זיי נאָכפאָלגן די פייער־ווערק־עקספּלאָזיעס, וואָס האָבן באַלויכטן דעם מאָסקווער הימל און געוואָרעמט די הערצער פון אַלע בירגער.

דער טאָג פון נצחון איז געווען נישט ווייט.

איך האָב אָבער אין די טעג, ווען מען פלעגט אַמאָל אָנזאָגן צו דריי און פיר זיגן אין אָוונט, נישט געקאָנט פאַרגעסן דעם שטאַרקן איינדרוק פון אַנדערע ראַדיאָ־טראַנסלאַציעס. ס'איז געווען אין נאָוועמבער 1942. דער דייטש מיט זיינע סאַטעליטן האָבן זיך געפונען אויף דער סאָוויעטישער טעריטאָריע. אין האַרץ פון די רוסישע טעריטאָריעס, אין סטאַלינגראַד, זיינען געווען אַריינ־געשטאָכן הונדערטער טויזנטער פאַשיסטישע מעסערס.

אין יענע טעג האָבן מיר געהערט אַ „באַפעל פונעם פעלקס־קאָמיסאַר פאַר לאַנדשוץ" אין שייכות מיטן 25־טן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אין וועלכן דער ראַדיאָ־ספּיקער האָט באַזונדערס אַקצענטירט די ווערטער: „נישט ווייט איז דער טאָג, ווען דער שונא וועט זיך באַקענען מיט דער קראַפט פון נייע קלעפּ פון דער רויטער אַרמיי. עס וועט זיין יום־טוב אויך אויף אונדזער גאַס!"

מיר האָבן געגלויבט, אַז אַזוי וועט זיין. מיר האָבן געהאָפט און מיר האָבן געהאַט צוטרוי. אַ קינד אין וויגל האָט געוווסט, אַז סטאַלין וועגט יעדעס וואָרט און אויב ער זאָגט עפּעס, איז עס באַגרינדעט און שטיצט זיך אויף פאַקטאָרן, וואָס אַנדערע קענען זיי נאָך נישט. „עס וועט זיין יום־טוב אויך אויף אונדזער גאַס" איז געוואָרן אַ באַפליגלטער אויסדרוק און אין משך פון יאָרן האָט מען געקאָנט הערן די דאָזיקע ווערטער ביי פאַרשיידענע געלעגנ־הייטן אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס.

מיר איז אָבער נישט ארויס אין יענעם מאָמענט אַ פראַגע און אַן ענטפער. אין אָקטאָבער 1942 האָט אַן אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט אין מאָסקווע געשטעלט סטאַלינען צ. אַנד. אַ פראַגע „ווי ווייט עפעקטיוו איז די הילף, וואָס די פאַרבינדעטע גיבן דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד, און וואָס וואָלט מען געקענט טון אויף צו פאַרברייטערן און פאַרבעסערן די דאָזיקע הילף?".

און אָט איז סטאַלינס ענטפער: „אין פאַרגלייך מיט דער הילף, וואָס דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד גיט די פאַרבינדעטע דורך דעם, וואָס ער ציט אָפּ אויף זיך די הויפּט־קרעפטן פונעם דייטשיש־פאַשיסטישן מיליטער, — איז די הילף, וואָס די פאַרבינדעטע גיבן דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד, נאָך דערווייל אַ ווייניק־עפעקטיווע. כדי אויסצוברייטערן און פאַרבעסערן די דאָזיקע הילף, פאָדערט זיך בלויז איין זאַך: די פאַרבינדעטע זאָלן פולשטענדיק און צו דער צייט אויספילן זייערע פאַרפליכטונגען".

און דאָס האָבן זיי נישט געטון. דערווייל האָט דער דייטש געוואָרפן אַלע זיינע כוחות אויף מזרח און נאָך געהאַט גענוג צייט אונטערציהאַלטן דאָס כסדרדיקע פייער אין די קרעמאַטאָריעס.

נאָכדעם, ווי כ'האָב שוין געהערט אין פוילן, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין מיידאַנעק, בעלזשעץ, טרעבלינקע, האָב איך ערשט איצט, אין מאָסקווע, ביים דערמאָנען זיך דעם ציטירטן ענטפער, באַנומען וויפל יידישע קרבנות עס זיי־נען געפאַלן צוליב דעם פאַרשפּעטיקטן צווייטן פראָנט.

די פרייד פון לעבן־בלייבן און פון נאָענטן זיג איז נישט געווען קיין פולע.

אמת, בעת די אוישוויצער קוימענס האָבן גערויכערט, בעת מ'האָט גע־שטיקט מיט גאַז אין כעלמנאָ בין איך און נאָך הונדערטער טויזנטער יידן

געווען אין היגטערלאנד, געאַרבעט און געהאַט די זעלבע רעכט, וואָס אַלע בירגער. פאַר אַרבעט האָט מען אונדז געצאָלט נישט ווייניקער ווי אַ רוסישן אַרבעטער; פּראָדוקטן האָבן מיר באַקומען די זעלבע נאָרמע, וואָס אַנדערע; ביי פּרעמירן און אויסצייכענען איז קיין דיסקרימינאַציע נישט געווען. און פונדעסטוועגן... דער חסד פון קאָנען זיך פרייען איז ביי אונדז צוגעדריבט געוואָרן.

נישט אָבער בלויז מיין פרייד איז נישט געווען קיין פולע. כ'האָב גע־רעדט מיט אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, שטוב־באַלעבאָסטעס. נישטאָ כמעט אין ראַטן־פאַרבאַנד קיין משפחה, וואָס זאָל עמעצן נישט באַוויינען. דער צער איז טיף פאַרוואָרצלט. קיינער וויל אים נישט באַזייטיקן. יעדע אָפיציעלע מעלדונג וועגן פּראָגרעס, וועגן אַ נצחון, פלעגט טיף אויפרודערן, ווען מען האָט געהערט צום סוף, די ציטערנדיקע שטימע פון ראַדיאָ־ספּיקער, וואָס האָט יעדעס וואָרט אַרויסגעזאָגט, ווי ער וואָלט עס באַגלייט מיט אַ באַוועגונג פון וואַרפן אַ בלום נאָך אַ בלום אויפן קבר פון די געפאַלענע... „אייביקער רום די העלדן, וואָס זיינען געפאַלן אין קאַמף פאַר דער פרייהייט און אומאָפּהענ־גיקייט פון אונדזער היימלאַנד".

טייער זיינען דעם סאָוויעטישן מענטשן די געפאַלענע, עס זיינען אים אָבער אויך ליב די לעבעדיקע. פאַר זיי טאָקע בויט מען. אין מאָסקווע האָט מען שוין כמעט נישט אָנגעזען קיין פאַרניכטעטע הייזער. רושטאָוואַניעס האָט מען געזען אַ סך: דאָס האָט מען אָפּגעפרישט, איבערגעבויט הייזער, וואָס האָבן געליטן פון דייטש אָדער פון עלטער.

אין סאַמע ברען פון דער מלחמה האָט מען פאַרענדיקט אַ נייע מעטראָ־ליניע. אַרבעטער האָט מען פון פראָנט באַפרייט, כדי זיי זאָלן צוגרייטן אַ באַקוועמע קאָמוניקאַציע פאַר די, וואָס הייגט קעמפן זיי, אָבער מאָרגן וועלן זיי זיך אומקערן צום לערנען און בויען.

מיינס אַ חברטע האָט זיך ספּעציאַליזירט אין אַ באַזונדערן אָפּשניט פון עקסקורסיע־פירונג: אויפקלערונגען איבערן מעטראָ, זיין געשיכטע, אַרכי־טעקטור, פּלאַנירונג, ווירטשאַפטלעכער באַטייט אאַ"וו. כ'דערמאָן זיך, אַז אין איינעם אַ זונטיק זיינען מיר אַרומגעפאָרן גאַנץ מאָסקווע אונטער דער ערד: צוגעקומען צו אַ סטאַציע, אַראָפּגעגאַנגען, באַטראַכט די זאַלן, האָט מיך די חברטע אויפמערקזאַם געמאַכט אויפן מאַרמאָר פון וועלכן די געגעבענע סטאַציע איז געבויט, אויף די סקולפּטורן, אויף דער טעמאַטיק, וואָס איז פאַר יעדער סטאַציע אַן אַנדערע, אויף די לאָמפּן, וואָס זיינען נישט גלייך אויף אַלע סטאַציעס. נישטאָ קיין צוויי ענלעכע. יעדע איז אינדיווידואַליזירט.

וואָס ס'איז געמיינזאַם פאַר אַלע, דאָס זיינען די אָרדענונג און ריינקייט. מען שטופּט זיך נישט. יעדע מינוט קומט אַ צוג. די טירן עפענען זיך און פאַרמאַכן אויטאָמאַטיש. ס'דאַרף נאָר אַ יונג מיידל, אין אַ רויט היטעלע, אויפהייבן אַ פענדל — און דער צוג גייט אַוועק.

דאָס רוב פון באַדינונגס־פּערסאָנאַל זיינען פרויען. די מונדירן גיבן זיי צו אַ מאָדנעם חן.

איך האָב געזוכט אַ שטיקל פּאַפּיר אויף די מעכאַנישע טרעפּן, אין די

גרויסע האַלז, אין די לאַנגע קאָרידאָרן און נישט געקאָנט געפינען. דאָס גלייכן נישט קיין מונשטיק פון אַ ציגאַרעט.

איך בין געגאַנגען אין דער אָפּערע אין אַ פּראָסטן מיטוואָך. קיין פרייער פּלאַץ איז דאָרט נישט געווען. צווישן עולם האָבן זיך דורכגעוואָרפן אַ סך מיליטערישע מונדירן. שפּראַכן האָב איך בעתן אנטראקט געהערט פאַרשיידענע: איז דאָך מאָסקווע אין יענער צייט געווען דער צענטער פון נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־גרופּן פון פעלקער, וואָס האָבן נאָך צום טייל געקרעכצט אונטערן יאָך פון דער נאַצי־אָקופּאַציע.

אָבער מער פון אַלץ האָבן מיך דעמאָלט אינטערעסירט מענטשן, לעבן־געבליבענע, אָפּגעראַטעוועטע. כ'האָב זיך פאַרבונדן ווידער מיט מענטשן, מיט וועמען דער קאָנטאַקט האָט זיך אויף אַ צייט איבערגעריסן. כ'האָב באַנייט אַלטע פאַרבינדונגען און אָנגעקנופּט נייע.

אָבער מער ווי כ'האָב געהערט האָב איך געמוזט דערציילן. איך בין דאָך געווען דער ערשטער כמעט ציווילער, וואָס איז געקומען שוין פון פּוילן, צו וועלכן אַלע האָבן זיך אַזוי געריסן. איך האָב שוין געהאַט גערעדט מיט מענטשן, וואָס האָבן איבערגעלעבט דאָס וואַרשעווער געטאָ און דעם וואַרשעווער אויפשטאַנד, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון נאַראָטשער וועלדער און געשפּרונגען פון לויפנדיקע צוגן.

בעת כ'האָב דערציילט וועגן באַגעגענישן אין פּוילן, זיינען מיר פאַר די אויגן געשטאַנען האָטשש און ראָוונע. ווען כ'האָב איבערגעגעבן וועגן פרעמדע טראַגעדיעס איז פאַר מיר שטענדיק אויסגעוואַקסן די אייגענע. ס'איז פאַר מיר פאַרשטענדלעך געוואָרן, אַז דאָס לאָזט זיך נישט אָפּטיילן. אַ מאָל, אַז ביי עמעצן האָט געטראָפן אַן אומגליק, האָט ער געקאָנט געטרייסט ווערן דורך אַנדערע. זיי האָבן געקאָנט אַרויסווייזן אַ סך וואַרעמקייט, ווייל נישט זיי זיינען געווען די געליטענע. איצט איז קיין מענטש נישט געווען, וואָס זאָל נישט זוכן אַ טרייסט. קיינער האָט זי אָבער נישט געפונען ביים צווייטן אומגליקלעכן. זיינען איצט מענטשן געוואָרן האַרטערע, טרוקענערע, אָבער נישט מער גליקלעכע

אונדזער איינציקער באַגער איז געווען, אַז די סיבות, וואָס האָבן דערפירט צו די מיליאָנען אומגליקן זאָלן ווערן באַזייטיקט; אַז מער זאָלן שוין קיינדער נישט ווערן אָפּגעריסן פון זייערע עלטערן, און די אַלע שוידערלעכקייטן וואָס עס ברענגט מיט זיך פאַשיזם און קריג, זאָלן אויף אייביק פאַרשווינדן.

איך האָב פאַרלאָזט מאָסקווע דעם 23־טן פעברואַר 1945. ווען כ'בין געקומען צום וואָקזאַל האָט דער ספּיקער פון מאָסקווער ראַדיאָ געלייענט די ווערטער פון באַפעל: „דער נצחון קומט אָבער קיינמאָל נישט פון זיך אַליין — ער ווערט דעראָבערט אין שווערע שלאַכטן און אייגעשפּאַרטער אַרבעט... וואָס נעענטער אונדזער נצחון אַלץ העכער מוז זיין אונדזער וואַכזאַמקייט".

און ווען דער צוג האָט שוין געריקט פון אָרט האָבן מיך באַגלייט צוואַנציק אַרטילערישע שאָסן, וואָס האָבן גלייכצייטיק אָפּגעהילכט אין צענדליקער אַנדערע שטעט פון ראַטן־פאַרבאַנד און אין מיליאָנען הערצער אויסער זיינע גרענעצן.

